# דער טוידט פון איוואַן איליטש

ערצעהלונג

פון

## לעוו טאָלסטאָי

איבערזעצט פון רוסישען

פון

## אב. קאַהאַן

מיט קריטישע ערקלערונגען פון דעם איבערזעצער

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"
.1918

# איבערזעצער׳ס פאררעדע.

דער אָריגינאַל פון דער מערקווירדיגער ערצעהלונג, וועלכע ווערט דאָ פאָרגעלייגט פאר׳ן לעזער אין א אידישער איבערזעצונג, איז ניט געשריעבען אין אזא גלאַטע און לייכטע שפּראַך ווי די שפּראַך, וועלכע טאָלסטאָי פלעגט געברויכען דאָס רוב.

ווען ער האָט פערפאַסט „דער טוידט פון איוואַן איליטש״, איז ער געוועזן אַזוי פערטיעפט אין דעם אינהאַלט, אַז מיט דער פאָרמע האָט ער, ווי עס שיינט, זיך אבסאָלוט ניט אינטערעסירט. די שפּראַך האָט ער אין גאַנצען פערנאַכלעסיגט. מערקווירדיג: „דער טוידט פון איוואַן איליטש״ ווערט אַנערקענט (און מיט רעכט) פאַר די שטאַרקסטע און טיעפסטע זאַך פון טאָלסטאָי׳ס קירצערע ווערק און פאַר איינע פון די טיעפסטע און וואונדער־באַרסטע פון אַלע זיינע ווערק. און גראָד אין דיעזער ערצעהלונג איז דער סטיל איינער פון די ניט־געראָטענסטע, וועלכע מען קען ביי איהם געפינען.

טאָלסטאָי האָט אימער גע׳דאגה׳ט הויפּטזעכליך וועגען דאָס וואָס ער האָט געהאַט צו מאָלען און זאָגען. די שעהנהייט פון דער שפּראַך האָט פאַרנומען וועניג פון זיין אויפמערקזאמקייט. אויב די שפּראַך איז ביי איהם דאָס רוב פאָרט זעהר א שעהנע, איז זי ממילא שעהן, שעהן פון זיך אַליין; איהר באַמערקט ביי איהם קיין מאָל ניט, אַז ער זאָל האָבען אריינגעשטעלט א וואָרט ווייל איהם איז ליעב דער קלאַנג. ביי טורגענעוו׳ען געפינט איהר דאָס אָפט; ביי טאָלסטאָי׳ען כמעט קיין מאָל ניט. דאָס הייסט

ניט, אז טורגענעוו פלעגט ברויכען ווערטער, וועלכע האָבען זיך ניט געפּאסט, און בלויז ווייל זיי האָבען געהאט א פּאָעטישען טאָן אין זיך. אויף קיין פאל ניט! ער איז אויך געווען א צו גרויסער קינסטלער אז ער זאָל זיך אַרונטערלאָזען צו אַזעלכע זאכען. אָבער די מוזיק פון די ווערטער האָט ביי איהם דאָך געשפּיעלט א גרויסע ראָלע, א פיעל גרעסערע ווי ביי טאָלסטאָי׳ען אָדער ווי ביי דאָסטאָיעווסקי׳ן למשל; טורגענעוו פלעגט ניט־ווילענדיג זוכען אזעלכע פאָרמען, אז עס זאָל אויסקומען אי פּינקטליך לויט דעם זין, אי אַנגענעהם פאר׳ן אויער. טורגענעוו האָט איבערהויפּט שטארק ליעב געהאַט שעהנקייט; און זיינע ווערק זיינען וואונדער־שעהן אי אינערליך אי אויסערליך. אז פון זיין פעדער זאָל ארויסקומען א ווערק, מיט א שווערע פארפּלאָנטערטע שפּראַך — דאָס איז אבסאָלוט געווען אונמעגליך.

ביי טאָלסטאָי׳ען אָבער האָט דאָס יאָ געקענט טרעפען, און די ערצעהלונג, וועלכע ווערט דאָ געגעבען, איז א ביישפּיעל דערפון. אין איהר איז ער געווען אזוי פארנומען מיט דעם אינהאַלט פון זיין שרייבען, אז אָן די פאָרמע האָט ער זיך אזוי ווי גאָר פארגעסען. צו אָפט זיינען די זעצע ביי איהם לאַנגע און געדרעהטע; אָפט — פארפּלאָנטערטע. פון צייט צו צייט פעהלט אין זיי קלאָהרהייט. אמאָל הינקט זאָגאר צו דער „סינטאקסיס", די שפּראַך־לאָגיק.

איבערצוזעצען פון אזא לשון איז זעהר שווער, הויפּטזעכליך ווען במעט יעדעס וואָרט ענטהאַלט א וויכטיגען געדאנק און ווען איבערהיפּען דעם פערפאסער׳ס א געדאנק קען מען זיך איבערהויפּט ניט ערלויבען.

איבערצוזעצען פון א ענטוויקעלטע שפּראַך אויף אידיש איז קיין מאָל ניט לייכט, אפילו ווען דער אָריגינאל איז געשריבען פון אן אונגעוויכטיגען שריפטשטעלער. אונזער לשון איז ליטעראריש נאָך יונג און אָרים — צו אָרים אז מען זאָל אין איהם קענען געפינען א וואָרט פאר יעדען וואָרט, אן אויסדרוק פאר יעדען אויסדרוק פון אן ענטוויקעלטערע שפּראַך.

פֿאַר אָריגינעלע בעלעטריסטישע ארבייט איז אונזער פֿאָלקס־אידיש רייך גענוג, שעהן און קרעפֿטיג און זאַפֿטיג גענוג. ווען עס קומט אָבער צו איבערזעצען, דאָס הייסט ווען אונזער מוטער־שפּראַך דאַרף זיך צופּאַסען צו רייכערע, ענטוויקעלטערע לשונות, דאַן פֿיהלט זיך איהר רויהקייט זעהר שטאַרק.

דאָס רוב אידישע איבערזעצער העלפֿען זיך אויס מיט א סך העברעאישע אָדער דייטשע ווערטער און פֿראַזען. אָבער ווען מען וויל איבערזעצען פֿאַר׳ן פֿאָלק און מען האָט אין זין, אַז דאָס רוב פֿון אונזערע לעזער (הויפּטזעכליך לעזערינען) פֿערשטעהען די העברעאישע ווערטער ניט, און די דייטשע אויך וועניג, — קען מען אַזעלכע מיטלען ניט געברויכען. מען מוז שטענדיג האַלטען אין זוכען עפּעס אַן אויסוועג, אַן איינפֿאַל, ווי איבערצוגעבען דעם אָדער יענעם וואָרט, דעם אָדער יענעם אויסדרוק אויף אידיש. אַז ניט, איז איינס פֿון די צוויי: ענטוועדער די איבערזעצונג וועט זיין אַ טרייע, אָבער זי וועט זיך לעזען ווי „טערקיש", (און דאָס הייסט אַז עס וועט זיין שווער צו כאַפּען די זאַפֿט פֿון דעם אָריגינאַל, און עס וועט אייגענטליך זיין גאַנץ ווייט פֿון טריי צום אָריגינאַל), אָדער די איבערזעצונג וועט זיך לעזען גלאַט, נור זי וועט זיין ווייט פֿונ׳ם אָריגינאַל׳ס אינערליכען ווערטה: אָפֿט וועט א וויכטיגער געדאַנק איבערגעהיפּט ווערען; אָפֿט וועט א געדאַנק איבערגעגעבען ווערען פֿאַלש; אָפֿט וועט פֿעהלען די דעליקאַטקייט און דער טעם פֿון א פֿראַזע אָדער פֿון אַן איינציגען וואָרט.

איבערצוזעצען אויף אידיש אַזוי, אַז „אי דער וואָלף זאָל זיין זאַט אי דאָס שעפּסעלע זאָל זיין גאַנץ" — דאָס, אַלזאָ, איז אימער אַ שווערע אויפֿגאַבע. אַ פּשיטא שוין, ווען עס האַנדעלט זיך אום אַזאַ געפֿלאָכטערטע און דאָך אַזאַ אינהאַלטס־פֿולע און וויכטיגע שפּראַך, ווי די רוסיש פֿון „דער טויט פֿון איוואַן איליטש."

ווען מען ספּראַוועט זיך שוין מיט די ווערטער און אויסדריקע פֿון דער ערצעהלונג, האָט מען פֿאַר זיך די שוועריגקייטען פֿון די לאַנגע, פֿאַרדרעהטע זעצע. דיעזע זעצע קלינגען אַפֿילו אין

אָריגינאַל אויך אַפּט אומגעלומפּערט. היינט שטעלט אייך שוין פּאָר וואָס פאר א לשון עס וואָלט ארויסגעקומען ווען מען זאָל שטרענג אָפּהיטען זייער ניט־געראָטענע פאָרמע אין דער אידישער איבערזעצונג. דער רעזולטאַט וואָלט געווען אזא צרה׳דיגער זאָרט אידיש, אז עס וואָלט פּראָסט ניט געהאַט קיין טעם און קיין ריח.

עס קומט דעריבער אויס, אז די לאַנגע פאַרפּלאָנטערטע זעצע מוז מען ניט זעלטען צושניידען; פון איין זאַץ מוז מען מאַכען צוויי אָדער מעהר קירצערע זעצע. און וואָס אנבעטרעפט די בעזונדערע ווערטער אָדער אויסדריקע, מוז מען זיי זעהר אָפּט איבערגעבען ניט מיט א וואָרט פאר א וואָרט, א פראַזע פאר א פראַזע, (דאָס האָט קיין זין ניט, אפילו ווען מען איבערזעצט אין א פיעל ענטוויקעלטערער שפּראַך ווי אידיש) נור אויף א פיעל פרייערען שטייגער. אויף איין וואָרט איז אמאָל נויטיג צו געברויכען עטליכע; אנשטאָט א געוויסע פאָרמע — אַן אנדער פאָרמע.

דער עיקר איז, אז קיין געדאַנק פון טאָלסטאָי׳ס א וואָרט, קיין שאַטירונג פון זיינעם א געדאַנק, זאָל ניט דורכגעלאָזען ווערען אָדער פאַרפּעלשט ווערען, און אז צו דער זעלבער צייט זאָל זיך לעזען ווי אידיש דאַרף זיך לעזען.

צום שלום פון דער אידישער איבערזעצונג פון „דעם טויט פון איוואַן איליטש״ וועט דער לעזער געפינען נאָטיצען פון דעם איבערזעצער וועגען דער גאַנצער ערצעהלונג, קריטישע בעמערקונגען און ערקלעהרונגען איבער יעדען קאַפּיטעל בעזונדער.

די נאָטיצען ווערען געגעבען קאַפּיטעל־ווייז, מיט די קאַפּיטעל־נומערען פון דער ערצעהלונג, כדי דעם לעזער זאָל זיין בעקוועמער אין דער ערצעהלונג צו געפינען יעדען פּלאַץ, וועלכער ווערט קריטיש בעשפּראָכען.

א. ק.

# דער טויט פון איוואַן איליטש.

I

אין דער גרויסער געריכטס־געביידע, ווען מען האָט איבער־טערבראָכען די זיצונג אין דעם משפט איבער די מעלווינסקיס, זיינען די מיטגליעדער פון׳ם געריכט און דער פּראָקוראָר זיך צוזאַמענגעקומען ביי איוואַן גריגאָראָוויטש שעבעק׳ען אין קאַבי־נעט. עס איז געקומען צו־רייד וועגען דעם בעריהמטען קראַססאָוו־סקי פּראָצעס. פּיאָדאָר וואַסיליעוויטש האָט זיך צוהיצט טענה׳־ענדיג, אַז די געשיכטע געהערט ניט צום געריכט, און איוואַן גריגאָראָוויטש איז געבליבען ביי דאָס זייניגע. פּיאָטר איוואַ־נאָוויטש, וויעדער, וועלכער האָט זיך ניט אריינגעמישט ביי׳ם אָנהויב פון דער דעבאַטע, האָט שוין ווייטער אויך קיין אנטייל ניט גענומען, און ער האָט גענומען דורכקוקען די ציימונג, וועל־כע מען האָט נאָר וואָס אריינגעבראַכט.

— איהר הערט — האָט ער אויסגערופען — איוואַן איליטש איז געשטאָרבען.

— וואָס רעדט איהר!

— אָט לעזט! — האָט ער געזאָגט צו פּיאָדאָר וואַסיליע־וויטש׳ען, דערלאַנגענדיג איהם דעם פרישען נומער, פון וועלכען עס האָט זיך נאָך געהערט דער ריח פון דרוק.

אין אַ טרויער רעמעלע זיינען געשטאַנען די פאָלגענדע ווער־טער:

„מיט אַ טיעפען טרויער מעלדעט פּראַסקאָוויא פּיאָדאָראָוו־נא גאָלאָווינא איהרע פריינד און קרובים וועגען דעם טויט פון איהר

ליעבען מאַן, דעם מיטגליעד פון דער סודעבנאַיא פּאַלאַטאַ,*) אי־וואַן איליטש גאָלאָווין,**) וועלכער איז געשטאָרבען דעם פערטען פעברואר פון דיעזען יאָהר 1882. די לויה וועט זיין פרייטאג, איינס אוהר ביימאָג".

איוואַן איליטש איז געווען זייער אַלעמענ'ס א חבר און זיי האָבען איהם אַלע געליעבט.

שוין עטליכע וואָכען ווי ער איז קראַנק געווען. מען האָט געזאָגט אַז ס'איז אַזאַ פעהלער, אַז עס איז קיין האָפענונג ניטאָ. זיין שטעלע האָט נאָך דערווייַלע קיין אַנדערער ניט פאַרנומען; מען האָט אָבער גערעכענט, אַז אויב ער וועט שטאַרבען, וועט מען דעם פּלאַץ אפשר געבען אַלעקסעיעוו'ען, און אַלעקסיעוו'ס פּלאַץ וועט מסתמא אָנקומען וויננקאָוו'ען אָדער שטאַבעל'ען. אַלזאָ, ווען די וואָס זיינען דאָ איצט געווען פערזאַמעלט, האָבען דערהערט וועגען איוואַן איליטש'ס טויט, איז ביי יעדען פון זיי דער ערשטער געדאַנק געווען וועגען דעם ווי זיי אָדער זייערע בעקאַנטע וועלען צוליעב דעם בעקומען נייע שטעלען אָדער העכערע שטעלען.

„איך וועל איצט געוויס בעקומען שטאַבעל'ס אָדער וויננ־קאָוו'ס פּלאַץ — האָט פיאָדאָר וואַסיליעוויטש זיך געקלערט, — „מען האָט מיר שוין לאַנג צוגעזאָגט. דאָס הייסט, איך וועל בעקומען מיט אַכט הונדערט רובעל א יאָהר מעהר, א חוץ קאַנצע־ליאַרסקע הוצאות".

„מען דאַרף בעטען, אַז מען זאָל מיין שוואָגער אריבער־ברייננגען פון קאַלוגע — האָט פּיאָטר איוואַנאָוויטש זיך גע־

*) אַ העכערער געריכט.

**) איוואַן איז דער נאָמען; איליטש הייסט דער זוהן פון איליאַ (בן אליהו) און גאָלאָווין איז דער פאַמיליען נאָמען. אין רוסלאַנד רופט מען אַ מענשען מייסטענס מיט זיין אייגענעם נאָמען און זיין פאָטער'ס נאָמען. אַזוי ווי אויך אידיש, למשל, חיים בער'ס אָדער חנה פייגע'ס.

טראכט — מײן פרוי װעט זיך דערפרעהען. איצט װעט זי שױן ניט קענען זאָגען, אז איך טהו גאָר ניט פאַר איהר פאַמיליע."

— איך האָב געװאוסט, אז ער װעט שױן ניט אױפשטעהן — האָט פּיאָטר איװאַנאָװיטש געזאָגט צו די אנדערע — א שאָד אַזא מענש!

— פון װאָס איז ער אײגענטליך געשטאָרבען?

— די דאָקטױרים האָבען אַלײן גענױ ניט געװאוסט. דאָס הײסט, זײ האָבען יא געזאָגט װאָס דאָס איז, נור יעדער האָט געמײנט אז דאָס איז אַן אנדער זאַך. דעם לעצטען מאָל, װען איך האָב איהם בעזוכט, האָב איך געמײנט, אז ער װערט בעסער.

— און איך בין בײ איהם ניט געװעזען פון יום־טוב אָן. איך האָב זיך אַלץ געקליבען.

— ער האָט עפּעס איבערגעלאָזען?

— די פרױ האָט דאכט זיך עפּעס, אָבער זעהר װעניג.

— מען'ט מוזען אַריבערפאָהרען. עס איז אַזױ װײט.

— פון אײך איז װײט. פון אײך איז אַלץ װײט.

— ער קען מיר אַלץ ניט פערצײהען װאָס איך װאױן איבער'ן װאסער — האָט פּיאָטר איװאַנאָװיטש זיך אָבגערופען, שמײכלענדיג צו שעבעק'ען.

מען האָט זיך צורעדט װעגען דעם װי װײט מען װאױנט אײנער פון אנדערען אין א גרױסע שטאָדט, און מען איז צוריק אַרײן אין דעם געריכטס־זאאַל.

א חוץ דעם װאָס דיעזער טױט האָט אין יעדען אַרױסגערופען געדאַנקען און האָפנונגען װעגען די ענדערונגען װאָס װעלען פון דעם אַרױסקומען אין זײערע שטעלען, האָט דער טױדט גופא, דער פאַקט, אז עס איז געשטאָרבען א נאָהענטער בעקאַנטער, אין זײ ערװעקט א געפיהל פון פרײד, װאָס געשטאָרבען איז ער, ניט איך.

„װי געפעהלט דאָס דיר! געשטאָרבען גאָר! איך אָבער ניט" — אַזױ האָט יעדער געטראַכט אָדער געפיהלט.

איװאַן איליטש'עס נאָהענטע בעקאַנטע, זײנע זאָגענאַנטע פרײנד, האָבען דערבײ ניט װילענדיג זיך געקלעהרט, אז זײ װעט

אויסקומען צו ערפילען זעהר לאַנגוויילינע פליכטען: פאָהרען צו דער צערעמאָניע, בעזוכען און מנחם אבל זיין די אלמנה.

דעם געשטאָרבענעם'ס נאָהענטע פריינד זיינען געווען: פיאָדאָר וואסילעוויטש און פיאָטר איוואַנאָוויטש.

פיאָטר איוואַנאָוויטש איז מיט איהם צוזאמען געגאַנגען אין דער יוריספּרודענץ שוהלע, און ער האָט פון איהם בעקומען טובות.

ביי'ם עסען, ביי זיך אין דער היים, האָט פיאָטר איוואַנאָוויטש זיין פרוי געזאָגט אז איוואַן איליטש איז געשטאָרבען. אויך האָט ער איהר געזאָגט אז איצט ווערט מען מסתמא קענען פועל'ען, מען זאָל איהר ברודער געבען אַ שטעלע אין זייער שטאָדט. געוועהנליך פלעגט פיאָטר איוואַנאָוויטש נאָכ'ן עסען זיך צולייגען. דיעזען מאָל האָט ער דאָס ניט געטהאָן, נור ער האָט אָנגעטהאָן זיין פראַק און איז אַוועקגעפאָהרען אויף איוואַן איליטש'עס וואוינונג.

ביים צופאָהר צו איוואַן איליטש'עס קוואַטיר איז געשטאַנען אַ קאַרעטע און צוויי איזוואָשטשיקעס. אינעווענינ, אינ'ם אריינגאַנג, לעבען די הייננערס, איז געשטאַנען צוגעשפּארט צום וואַנט אַ גלאַנצאָווער דעקעל פון אַ טרונע מיט פרענזלעך און מיט זילבערנע בעפּוצונגען. צוויי דאַמען אין שווארצען האָבען געהאַלטען אין אויסטהאָן פון זיך זייערע פוטערנע מאַנטלען. איינע פון זיי — איוואַן איליטש'עס שוועסטער — האָט פיאָטר איוואַנאָוויטש געקענט; די צווייטע איז איהם געווען אומבעקאַנט. פיאָטר איוואַנאָוויטש'עס חבר, שווארץ, האָט געהאַלטען אין אַרונטערקומען פון די טרעפּ. אָבער דערזעהענדיג איהם, האָט ער זיך אָבגעשטעלט אויפ'ן אויבערשטען טרעפּעל, און אַ וואונק געטהאָן צו איהם, ווי איינער זאָגט מיט שפּאַס: „אַ נארישע שטיקעל ארבייט האָט איוואַן איליטש אָבגעטהאָן. מיר וועלען אזא נארישקייט ניט טהאָן, ניט אמת?"

שווארץ'עס פּנים מיט זיינע ענגלישע באַקען-באַרדען, און זיין גאַנצע פיגור די דאַרע, מיט דעם פראַק וואָס ער האָט איצט גע-

טראָגען, דאָס אַלץ האָט, ווי אימער, געהאַט אַן עלעגאַנטע וואַזשנע־קייט אין זיך; און דיעזע וואַזשנעקייט זיינע, וועלכע האָט זיך קיין מאָל ניט געפּאַסט צו זיין לוסטיגען כאַראַקטער, האָט ביי דעם איצטיגען גייסט פון טוידט און טרויער בעקומען אַ בעזונדערען געפעפערטען טעם. אַזאַ איינדרוק האָט דאָס געמאַכט אויף פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען.

פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט די צוויי דאַמען אָבגעטרעטען דעם וועג און נאָכגעהענדיג נאָך זיי, איז ער לאַנגזאַם ארויף אויף די טרעפּ. שוואַרץ איז געבליבען שטעהן אויפ'ן אויבערשטען טרעפּעל. פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט פערשטאַנען וואָס ער מיינט: ער האָט מסתמא געוואָלט אָפּמאַכען מיט איהם וואו היינט צו שפּיעלען אַ קערטעל. די דאַמען זיינען ארויף צו דער אַלמנה, וועהרענד שוואַרץ, מיט ערנסטע פערמאַכטע, פעסטע ליפּען און מיט אַ שטיפערישען בליק אין די אויגען, האָט מיט די ברעמען פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ן אָנגעוויזען רעכטס, אויפ'ן צימער וואו דער מת איז געלעגען.

פּיאָטר איוואַנאָוויטש איז אַהין אריין מיט דעם געפיהל, וועלכען מענשען האָבען געוועהנליך אין אַזעלכע פעלע: ער האָט ניט געוואוסט וואָס ער וועט דאָרטען דאַרפען טהאָן, ווי ער זאָל זיך האַלטען. איין זאַך האָט ער געוואוסט — אַז צלמ'ען זיך שאַדט אין אַזאַ פאַל געוויס ניט. צי מען דאַרף זיך בוקען אויך, וועגען דעם איז ער ניט געווען זיכער; אַלזאָ האָט ער זיך אויסגעקליבען אַ מיטעל־וועג: אריינקומענדיג אין טויטען־צימער, האָט ער אָנגעהויבען זיך צו צלמ'ען און אביסעל זיך צו נייגען אויך. אויף ווי ווייט דיעזע בעוועגונגען פון זיין האַנט און פון זיין קאָפּ האָבען איהם ערלויבט, האָט ער צו דער זעלבער צייט בעקוקט דעם צימער. צוויי יונגע לייט, פּלימעניקעס פון דעם געשטאָרבענעם, דאַכט זיך, זיינען ארויסגעגאַנגען צלמ'ענדיג זיך. איינער פון זיי איז געווען אַ גימנאַזיסט. אַן אַלטעטשקע איז געשטאַנען ניט ריהרענדיג זיך, און אַ דאַמע, ביי וועלכע די ברעמען זיינען גע־ווען אויפגעהויבען אויף אַ זאָנדערבאַרען שטייגער, האָט צו איהר

עפּעס געשושקעט. א דיאַטשאָק,*) אין א שווארצען ראָק, א מונ־טערער, אַן ענערגישער, האָט עפּעס געזאָגט א תפלה; ער האָט געזאָגט הויך, מיט דעם פעסטען טאָן פון איינעם וואָס „אַז ער זאָגט איז געזאָגט". דער פויער געראַסים, אַן אונטער־דיענער, איז פאַרביי־געגאַנגען פאַרבי פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען מיט שטילע טריט, און אויסגעשאָטען די פּאָדלאָגע מיט עפּעס. ווען פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט דאָס דערזעהן, האָט ער גלייך דערפיהלט א לייכטען גערוך, דעם גערוך פון א טויטען קערפּער. ווען פּיאָטר אי־וואַנאָוויטש איז דאָ געווען פאָריגען מאָל, האָט ער דיזען פויער געזעהן ביי איוואַן איליטש'ען אין צימער. ער האָט דעם קראַנקען בעדיענט אַנשטאָט א וואַרטס־פרוי. און איוואַן איליטש האָט ליעב געהאַט איהם צו זעהן לעבען זיך. פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט זיך אַלץ גע'צלם'ט און אביסעלע זיך געבוקט. ער האָט זיך געבוקט אין־מיטען, צווישען דעם טויטען און דעם שמש מיט די הייליגע בילדער, וועלכע זיינען געשטאַנען אויפ'ן טיש, אין א ווינקעל. דערנאָך ווען ער האָט גערעכענט אַז עס איז שוין גענוג זיך צו־צלם'ען, האָט ער זיך אָבגעשטעלט און גענומען בעקוקען דעם מת.

דער מת איז געלעגען, ווי אַלע מתים ליעגען — זעהר שווער אראָבגעזונקען מיט די פערגליווערטע גליעדער אינ'ם ווייכען אונ־טערשלאַג פון דער טרונע, מיט'ן צוזאַמענגעבויגענעם קאָפּ אויפ'ן קישעלע; ער איז געלעגען אויסשטעלענדיג, ווי א מת שטעלט אימער אויס, זיין געלען, וואַקסענעם שטערען מיט פלעקען אויף די איינגעפאַלענע שלייפען, און זיין סטאַרטשענדיגען נאָז, וועל־כער האָט כמעט אָנגעריהרט זיין אויבערשטע ליפּ. זינט פּיאָטר איוואַנאָוויטש'עס לעצטען וויזיט האָט ער זיך שטאַרק געענדערט; ער איז נאָך דאַרער געוואָרען; אָבער — ווי ביי אַלע מתים — איז דער פּנים געווען ביי איהם שעהנער, הויפּטזעכליך וואַזשנער, ווי ער איז געווען ביי דעם לעבעדיגען איוואַן איליטש. אויפ'ן פּנים איז געלעגען אַן אויסדרוק, גלייך ווי ער וואָלט געזאָגט, אַז

---

*) א שמש אין א רוסישע קירכע.

וואָס מען האָט בעדאַרפט טהאָן איז געטהאָן געוואָרען, און טאַקי ווי געהעריג איז. אַ חוץ דעם האָט דיעזער אויסדרוק אין זיך ענטהאַלטען אַ פאָרוואורף אָדער אַ דערמאָנונג, אַ ווארנונג צו די לעבעדיגע. פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען האָט זיך גערוכט, אַז דיעזער פאָרוואורף פּאַסט זיך דאָ ניט, און אַז יעדענפאַלס האָט עס ניט קיין שייכות צו איהם, צו פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען. עפּעס איז איהם געוואָרען אונאַנגענעהם; אַלזאָ, האָט ער אין איילענים זיך נאָך אַמאָל איבערגע'צלם'ט, און אויף גיך — שוין צו גיך, ווי איהם האָט זיך גערוכט, גאָר ניט ווי די אַנשטענדיגקייט האָט געפאָדערט — האָט ער זיך אַ קעהר געטהאָן און זיך געלאָזען געהן צום טיר. אין דעם צימער, דורך וועלכען ער איז דורכגעגאַנגען, האָט אויף איהם געוואַרט שוואַרץ. ער איז געשטאַנען מיט די פיס אויסגעשפּרייט און שפּיעלענדיג זיך הינטער'ן רוקען מיט זיין קאַפּעלוש. אַ קוק טהאָנדיג אויף שוואַרץ'ס שפּיעלענדיגע, ציכטיגע, עלעגאַנטע פיגור, האָט פּיאָטר איוואַנאָוויטש זיך גלייך דערפיהלט אַנגענעהמער, פרישער. ער האָט פערשטאַנען, אַז שוואַרץ'ען הויבען די טרויעררינגע סצענעס ניט אָן צו קימערען, אַז ניעדערגעשלאָגען צו ווערען פון אַזעלכע זאַכען איז ניט אין זיין נאַטור. ער האָט געהאַט אַזאַ אויסזעהן, שוואַרץ, אַז עס האָט זיך גערוכט, אַז ער זאָגט מיט שפּאַס: דאָס וואָס ביי איוואַן איליטש'ען איז אַ לויה קען אויף קיין אַרט אונז ניט שטערען צו פיהרען דעם פּראָצעס אין דער ריכטיגער אָרדנונג, דאָס הייסט, קיין זאַך קען ניט שטערען טאַקי היינט אבענד פאַנאַנדער־צו־עפּענען אַ נייע טאַליע קאָרטען בשעת דער לאַקיי וועט אַוועקשטעלען פיער פרישע ליכט; איבערהויפּט איז ניטאָ קיין אורזאַכע צו מיינען, אַז צוליעב דעם, וואָס דאָ האָט פּאַסירט, דאַרפען מיר דעם היינטיגען אבענד ניט פאַרברייגנען מיט פערגעניגען. — און ער האָט דאָס טאַקי געזאָגט מיט ווערטער אויך — אַ שושקע געטהאָן פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען, ווען יענער איז פאַרביי־געגאַנגען. ער האָט איהם פאָרגעשלאָגען אין אבענד מיט איהם צוזושטעהן צו אַ קערטעל ביי פּיאָדאָר וואַסיליעוויטש'ען. אָבער ווי עס האָט אויסגעזעהן, איז שוין פּיאָטר

איוואַנאָוויטש'ען היינט צו שפּיעלען אין קאָרטען ניט באַשערט געווען. פּראַסקאָוויא פּיאָדאָראָוונא — אַ דיקע, ניט קיין הויכע פרוי, וועלכע איז פון די פּלייצעס אַרונטערצו געוואָרען אַלץ ברייטער, טראָץ אַלע מיטלען, וואָס זי האָט אָנגעווענדעט צו בלייבען שלאַנק, און וועלכע איז איצט געווען אָנגעטהאָן אין שווארצען, מיט אַ שווארצען טול אויפ'ן קאָפּ, מיט ברעמען וועלכע זיינען געווען פּונקט אַזוי זאָנדערבאַר אויפגעהויבען ווי ביי דער דאַמע, וואָס איז געשטאַנען לעבען דער טרונע — פּראַסקאָוויא פּיאָדאָראָוונא איז אַרויסגעקומען פון איהרע צימערען מיט אַנדערע דאַמען, און בעגלייטענדיג זיי צו דער טיר פון טויטען־צימער, האָט זי געזאָגט: „באַלד וועט מען אָנפאַנגען די פּאַניכידע.*) געהט אריין".

שווארץ האָט זיך אַ נייג געטהאָן אויף אַן אונבעשטימטען שטייגער און איז געבליבען שטעהן. אויף דער בעל־הבית'טעס פאָרשלאַג האָט ער ניט געזאָגט ניט יאָ, ניט ניין. דערזעהענדיג פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען, האָט פּראַסקאָוויא פּיאָדאָראָוונא אַ זיפץ געטהאָן, צוגעגאַנגען צו איהם גאַנץ נאָהענט, גענומען איהם פאַר'ן האַנט און געזאָגט: „איך וויים, אַז איהר זייט געווען איוואַן איליטש'עס אַן אמת'ער פריינד". און זי האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן, ערוואַרטענדיג אַז ער וועט טהאָן וואָס אַלע טהוען, ווען מען זאָגט צו זיי אַזעלכע ווערטער.

פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט געוואוסט, אַז פּונקט ווי דאָרטען, אינ'ם טויטען־צימער, האָט מען בעדאַרפט זיך צלמ'ען, אַזוי מוז מען דאָ דריקען די האַנט, אַ זיפץ טהאָן און זאָגען: „איהר מעגט זיין זיכער אין דעם". און ער האָט אַזוי געטהאָן, און ווען ער האָט אַזוי געטהאָן, האָט ער דערפיהלט אַז עס איז אַרויסגעקומען טאַקי דאָס וואָס ער האָט ערוואַרטעט: אַז ער פיהלט זיך געריהרט און אַז זי פיהלט זיך אויך געריהרט.

— קומט! איידער מען וועט דאָרטען אָנפאַנגען... איך וויל

*) אַ מין „אל מלא רחמים", אַ געבעט פאַר אַ געשטאָרבענעם.

מיט אייך רעדען — האט די אַלמנה געזאָגט — גיט מיר אייער אָרים.

פיאָטר איוואַנאָוויטש האָט איהר גענומען געאָרימט, און זיי זיינען אריין אין די אינוועניגסטע צימערען. זיי זיינען פארביי־געגאַנגען שוואַרץ'ען, וועלכער האָט צו פיאָטר איוואַנאָוויטש'ען אַן אומעדיגען וואונק געטהאָן.

„נאַדיר אַ קערטעל! — האָט געזאָגט זיין שטיפערשער בליק — איהר וועט שוין מוזען מוחל זיין. מיר וועלען געפינען אַן אַנדערן צום שפּיעלען. אפשר וועט איהר נעהמען אַ פינפטע האַנט... דאָס הייסט, אויב איהר וועט זיך פּאַרט אַרויסרייסען און קומען.”

פיאָטר איוואַנאָוויטש האָט אָבגעזיפצט נאָך טיעפער און טרויעריגער און פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט איהם דאַנקבאַר אַ דריק געטהאָן די האַנט. אריינקומענדיג אין זאַאַל, וועלכער איז געווען בעשלאָגען מיט אַ רויז־פאַרביגען קרעטאָן און בעלויכטען מיט אַ פערדונקעלטען לאָמפּ, האָבען זיי זיך געזעצט ביי'ן טיש: זי אויף דער קאַנאַפּע, און ער אויף אַ נידעריגען ווייכען בענקעל מיט קאַליע־געוואָרענע ספּרונזשינעס. פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט איהם געוואָלט וואָרנען, אַז ער זאָל זיך בעסער זעצען אויף אַן אַנדער שטוהל; זי האָט אָבער געפיהלט, אַז אין איהר יעצטיגער לאַגע פּאַסט עס ניט. עס פּאַסט ניט אַז איהר זאָלען ליגען אין זינען אַזעלכע קליינינקייטען; אַלזאָ האָט זי דאָס דורכגעלאָזען. זעצענדיג זיך אויף אַ נידעריגען שטולכעל, האָט פּיאָטר איוואַ־נאָוויטש זיך דערמאָהנט, ווי איוואַן איליטש האָט געפּלאַנעוועט און צוגעריכט דיעזען זאַאַל און ווי ער האָט זיך מיט איהם אַן עצה געהאַלטען אָט טאַקי וועגען דיעזען ראָזאָווען קרעטאָן מיט די גרינע בלעטער. דער זאַאַל איז געווען פול מיט מעבעל און אַלער־ליי אַנדערע זאַכען. ווי די אַלמנה איז אַזוי פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דעם טיש און זיך געזעצט אויף דער סאָפאַ, האָט דער שוואַרצער טול פון איהר שוואַרצער מאַנטיליע זיך פאַרטשעפּעט אָן די שניצעריי פון'ם טיש. פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט זיך עט־וואָס אויפגעהויבען אום דאָס אָבצוטשעפּען. דערביי האָט די

פריי געוואָרענע ספּרונזשינע פונ'ם ווייכען בענקעלע גענומען שפּרינגען און איהם אונטערשטופּען. די אַלמנה האָט אַליין געפּרופט אָבטשעפּען דעם טול און פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט, אַרונטערדריקענדיג די ספּרונזשינע, וועלכע האָט זיך אַזוי צובונטעוועט אונטער איהם. אָבער די אַלמנה האָט דעם טול אין גאַנצען ניט אָבגעטשעפּעט, און פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט זיך ווידער אויפגעהויבען, און דער בענקעלע האָט ווידער גענומען זיך בונטעווען, און זאָגאָר אַ קנאַק געטהאָן. ווען דאָס אַלץ האָט זיך געענדיגט, האָט זי אַרויסגענומען אַ ריינע באַטיסטענע פּאַטשיילקע און אָנגעהויבען צו וויינען. פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען אָבער האָט די סצענע מיט דעם טול און זיין קאַמף מיט די ספּרונזשינקע אָבגעקיהלט, און ער איז געזעסען ווי אַן אָנגעבלאָזענער. פון דיעזער אונאַנגענעהמער לאַגע איז ער אָבער באַלד בעפרייט געוואָרען: עס איז אַריינגעקומען סאָקאָלאָוו, איוואַן איליטש'עס הויפּט־דיענער. ער האָט דער בעל־הבית'טע בעריכטעט, אַז דער אָרט, וועלכען זי האָט אויסגעקליבען אויפ'ן בית־עולם וועט קאָסטען 200 רובעל. זי האָט אויפגעהערט צו וויינען, און אַ קוק טהוענדיג אויף פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען מיט אַ מינע פון אַ קרבן, האָט זי געזאָגט אויף פראַנצויזיש, אַז עס איז איהר זעהר שווער. פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט געענטפערט מיט אַ מינע, אָהן ווערטער, אַז ער פערשטעהט איהר לאַגע זעהר גוט.

— רויכערט — האָט זי צו איהם געזאָגט מיט אַ מינע פון פריינדליכע ערלויבעניש ניט צו קוקען אויף קיין צערעמאָניעס, אָבער צו דער זעלבער צייט מיט אַ טאָן פון ניעדערגעשלאָגענהייט: און זי האָט גענומען סאָקאָלאָוו'ען אויספרעגען דעם פּרייז אויף פערשיעדענע קברים.

רויכערענדיג זיין פּאַפּיראָס, האָט פּיאָטר איוואַנאָוויטש זיך צוגעהערט ווי זי רעדט מיט'ן דיענער. ער האָט בעמערקט אַז זי פרעגט דעם פּרייז אויף פערשיעדענע קברים מיט אַלע איינצעלהייטען. ענדליך האָט זי בעשלאָסען וואָס פאַר אַ קבר צו קויפען. דאַן האָט זי דעם דיענער געגעבען אַ בעפעהל

וועגען כאָריסטען צו דער לויה. סאָקאָלאָוו איז אַרויסגעגאַנגען.

— איך גיב אויף אַלץ אַליין אַכטונג — האָט זי געזאָגט צו פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען, און דערביי האָט זי אָבגערוקט אַן אַ זייט די אַלבאָמען, וואָס זיינען געלעגען אויפ'ן טיש. בעמערקענדיג, אַז אויף פּיאָטר איוואַנאָוויטש'עס פּאַפּיראָס איז שוין פאַראַן אַ היבשע שטיק אַש און עס האַלט ביים אַראָבפאַלען אויפ'ן טיש, האָט זי זיך צוגעאיילט צו איהם צוצורוקען אַן אַש־טעצעל — זאָגענדיג אַז צוליעב מיין אונגליק קען איך זיך ניט בעשעפטיגען מיט פּראַקטישע זאַכען, דאָס וואָלט געווען צבועצסטוואָ. און אויב איך קען געפינען עפּעס, איך וועל ניט זאָגען אַ טרויסט... נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל מיר העלפען זיך אַרויסשלאָגען מיין אונגליק פון קאָפּ, אויב איך קען דאָס געפינען, געפין איך דאָס אין דעם וואָס איך זאָרג וועגען איהם טאַקי.

זי האָט ווידער אַרויסגענומען די פּאַטשיילקע, אַזוי ווי זי וואָלט געהאַלטען ביים צוואויינען זיך; האָט אָבער פּלוצלונג אַ טרייסעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אַזוי ווי זיך אָנטהוענדיג אַ כח ניט צו וויינען, און גענומען ריידען רוהיג.

— מילא וואָס קען מען העלפען... איך האָב מיט אייך עפּעס צו ריידען.

פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט זיך אַ נייג געטהאָן; ער האָט זיך אָבער כמעט ניט געריהרט פון אָרט, וואָרים די ספּרונזשינע פון וויכען בענקעלע האָט זיך גלייך גענומען בעוועגען אונטער איהם, און ער האָט איהר ניט געוואָלט געבען די מעגליכקייט זיך פאַנאַנדערצולאָזען.

— די לעצטע טעג האָט ער געהאַט שרעקליכע יסורים — האָט זי געזאָגט.

— נעבאך שטאַרק געליטען?

— עס איז געווען שרעקליך. די לעצטע מינוטען, וואָס זאָג איך מינוטען, גאַנצע שטונדען האָט ער געשריען אָהן אַן אויפהער. דריי מעת־לעת נאָכאַנאַנד האָט ער געשריען. עס איז געווען שרעקליך. איך וואונדער זיך אויף זיך אַליין, ווי אַזוי איך האָב

דאָס אויסגעהאַלטען. אין דעם פערטען צימער האָט מען גע־קענט הערען זיין געשריי. אַך, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען!

— איז ער דען נאָך אַלץ געווען ביים זינען? — האָט פּיאָטר איוואַנאָוויטש געפרעגט.

— יאָ, — האָט זי אַ שעפּטשע געטהאָן — ביז דער לעצ־טער מינוט. ער האָט זיך מיט אונז געזעגענט אַ פערטעל שעה איידער ער איז אויסגעגאַנגען. ער האָט זאָגאַר געבעטען, אַז מען זאָל וואָלאָדיע'ן ארויספיהרען.

דער געדאַנק וועגען די שרעקליכע יסורים פון אַ מענשען, וועלכען ער האָט אַזוי גוט געקענט, צוערשט אַלס אַ לוסטיגען אינ־געל, און שפּעטער אַלס אַן ערוואַקסענעם חבר, האָט אויף פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען — טראָץ די פאַלשע ראָלע וואָס ער און די אַלמנה האָבען דאָ געשפּיעלט — געמאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק. ער האָט זיך דערמאָהנט אָן דעם מת, ווי ער זעהט אויס מיט זיין געלען שטערען מיט די פּלאַמעס, מיט דער נאָז וואָס דריקט זיך צו צו דער אויבערשטער ליפּ, און איהם איז שרעקליך געוואָרען וועגען זיך אַליין.

„דריי מעת־לעת נאָכאַנאַנד געוואַלטיגע יסורים געהאַט. דאָס קען דאָך יעדע מינוט טרעפען מיט מיר אויך", האָט ער אַ טראַכט געטהאָן, און איהם איז אויף אַ סעקונדע שרעקליך געוואָרען. אָבער גלייך — ער האָט אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי דאָס איז געווען — גלייך איז איהם צו הילף געקומען דער געוועהנליכער געדאַנק, אַז דאָס אַלץ האָט פּאַסירט מיט איוואַן איליטש'ען און ניט מיט איהם, אַז מיט איהם דאַרף דאָס ניט פּאַסירען און קען ניט פּאַ־סירען; אַז מען טאָר ניט צולאָזען צו זיך קיין טרויעריגע געדאַנ־קען, אַז מען דאַרף זיך פיהרען ווי שוואַרץ פיהרט זיך, און ניט אָפּ־עסען זיך די האַרץ. דיעזער געדאַנק האָט פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען בערוהיגט, און ער האָט מיט אינטערעס גענומען פאַנאַנדער־פרעגען איינצעלהייטען פון איוואַן איליטש'ס טוידט, עפּעס אַזוי ווי צו שטאַרבען וואָלט געווען אַזאַ מין זאַך וואָס בעלאַנגט בלויז צו איוואַן איליטש'ען, אָבער ניט צו איהם.

נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך דורכגעשמועסט וועגען די אייג־צעלהייטען פון די שרעקליכע יסורים וואָס איוואַן איליטש איז אויסגעשטאַנען (וועגען דיזע איינצעלהייטען האָט פּיאָטר איוואַנאָ־וויטש זיך דערוואוסט בלויז פון דעם, ווי איוואַן איליטש'עס מאַ־טערנעס האָט געווירקט אויף פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָווגאַ'ס נערווען), נאָך דעם ווי זיי האָבען וועגען דאָס אַלעס זיך דורכגעשמועסט, האָט ער געזעהן אַז די אַלמנה קלייבט זיך שוין צוצוקומען צום ענין.

— אַך, פּיאָטר איוואַנאָוויטש, ווי שווער עס איז! ס'איז שרעקליך שווער! שרעקליך שווער! — און זי האָט זיך ווידער צור־וויינט.

פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט אַ זיפץ געטהאָן און געוואַרט ביז זי וועט אויסשנייצען דעם נאָז. ווען זי האָט שוין אויסגע־שנייצט דעם נאָז, האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון מיטלייד: „איך קען זיך פאָרשטעלען...״

זיי האָבען זיך ווידער צורעדט, און דיזען מאָל האָט זי ארויסגעזאָגט דאָס וואָס איז בעשיינפערליך געווען דער הויפּט ענין ביי איהר: זי האָט געוואָלט דערגעהן, ווי אַזוי צוליעב איהר מאַנ'ס טוידט, קען זי בעקומען געלד פון דער רעגיערונג. זי האָט כלומרשט געפרעגט ביי איהם אַן עצה וועגען דער פּענסיע וואָס איהר קומט. אָבער ער האָט געזעהן אַז דאָס ווייסט זי שוין מיט אַלע ברעקלעך, נאָך מעהר ווי ער; זי האָט געוואוסט אַלץ וואָס זי קען פון דער רעגיערונג ארויסציהען צוליעב איהר מאַנ'ס טוידט; זי האָט אָבער געוואָלט וויסען צי קען זי ניט ארויסשלע־פּען מעהר. פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט זיך געסטאַרעט צוצוקלעה־רען עפּעס אַ מיטעל דערצו; ער האָט אָבער אַ טראַכט געטהאָן, נור פון יוצא וועגען, אַ קריטיקיר געטהאָן די רעגיערונג פאַר וואָס זי איז אַזוי קאַרג, און געזאָגט, אַז מעהר וועט זי, דאַכט זיך, ניט קענען בעקומען. דאַן האָט זי אַ זיפץ געטהאָן, און גענומען זוכען אַ מיטעל ווי אַזוי פון דעם גאַסט זיך צו בעפרייען. ער האָט דאָס פערשטאַנען, אַלזאָ האָט ער פערלאָשען דעם פּאַפּיראָס, זיך אויפ־

געהויבען, איהר אַ דריק געטהאָן די האַנד און איז אַרויס פון צימער.

דורכגעהענדיג דורכ'ן עס־צימער, האָט פּיאָטר איוואַנאָוויטש באַמערקט דעם זייגער, וועגען וועלכען איוואַן איליטש האָט איהם מיט אַזאַ פרייד דערצעהלט ווי ער האָט איהם געקויפט אין אַ קראָם פון בריק־אַ־בראַק*). דאָרטען האָט פּיאָטר איוואַנאָוויטש געפונען דעם גלח און נאָך אייניגע בעקאַנטע, וואָס זיינען געקומען צו דער צערעמאָניע. דאָרטען האָט פּיאָטר איוואַנאָוויטש אויך דערזעהן די שעהנע פריילין, איוואַן איליטש'ס טאָכטער, וועלכע ער האָט גוט געקענט. זי איז אין גאַנצען געווען אין שווארצען. איהר דינינקע טאַליע האָט איצט אויסגעזעהן נאָך דינער. איהר פּנים איז געווען פאַרכמורעט, מיט אַן אויסדרוק פון פעסטקייט, עפּעס אַזוי ווי פון כעס. זי האָט זיך צו פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען אַזאַ נייג געטהאָן, אַז מען וואָלט געקענט מיינען, אַז ער איז אין עפּעס שולדיג. הינטער'ן געשטאָרבענעם'ס טאָכטער איז געשטאַנען — אויך מיט אַ פּנים פון אַ בעליידיגטען — אַ רייכער יונגער מאַן, זיינער אַ בעקאַנטער סליעדאָוואַטעל**), דער מיידעל'ס אַ חתן, ווי ער האָט געהערט. ער האָט זיך פאַר זייביידען גענייגט מיט אַ אומעדיגע מינע. ער האָט געהאַלטען ביי'ן אַריינגעהן אין דעם צימער וואו דער מת איז געלעגען, ווען פון אונטער די טרעפּ האָט זיך בעוויזען די קליינע פיגורעל פון אַ גימנאַזיסטעל, דעם געשטאָרבענעם'ס זוהן, וועלכער איז געווען מערקווירדיג עהנליך צום פאָטער. פּונקט אַזוי האָט אויסגעזעהן איוואַן איליטש אַלס אינגעל, ווען פּיאָטר איוואַנאָוויטש איז מיט איהם צוזאַמען געגאַנגען אין דער שוהלע;

---

*) שעהנע, טשיקאַווע זאַכען אויף צו בעציערען אַ הויז. דאָ מיינט מען הויפּטזעכליך אַ קראָם פון ניט־קיין־נייע אָדער גאַנץ אַלטע טשיקאַוואָסטען אַזעלכע. — איבערזעצער.

**) אַן אונטערזוכונגס ריכטער; אַ בעאַמטער וועלכער פאָרשט אויס די בעשולדיגונג אום צו בעשליסען, אויב מען קען אָנפאַנגען אַ פּראָצעס. — איבערזעצער.

עס זאָל גאָר פעהלען אַ האָר! די אויגען זיינען ביי דעם אינגעל געוועזן פאַרוויינט; זיי זיינען געוועזן פון דעם סאָרט אויגען, וועל־כע עס האָבען צוועלף אָדער דרייצעהן־יעהריגע אינגלעך וואָס פיהרען זיך ניט אויף אַנשטענדיג. דערזעהענדיג פּיאָטר איוואַנאָ־וויטש'ען, האָט דער אינגעל אָנגעהויבען כמורנע און שעמעוודיג זיך צו קרימען. פּיאָטר איוואַנאָוויטש האָט צו איהם אַ מאַך גע־טהאָן מיט'ן קאָפּ און איז אַריין אין דעם טוידטען־צימער. מען האָט אָנגעהויבען די צערעמאָניע. עס האָבען געברענט ליכט, עס האָבען זיך געהערט זיפצען, עס האָט געשמעקט מיט ווייראַך. מען האָט געוויינט, געכליפּעט. פּיאָטר איוואַנאָוויטש איז געשטאַנען, ווי אַ פאַרוואָלקענטער און געקוקט אויף זיינע אייגענע פיס. אויפ'ן מת האָט ער קיין איין מאָל קיין קוק ניט געטהאָן; ביז'ן ענד פון דער צערעמאָניע האָט ער זיך געהאַלטען פעסט, ניט צוגעלאָזען, אַז די סצענע זאָל אויף איהם ווירקען, און ער איז אַרויס צווישען די ערשטע. אין דעם פאָדער־צימער איז קיינער ניט געוועזן. אָבער געראַסים, דער אונטער־דיענער, איז אַרויסגעלאָפען פון דעם טוידטען־צימער איהם העלפען זיך אָנטהאָן. מיט זיינע שטאַרקע הענט האָט ער איבערגעוואָרפען אַלע פוטערס, ביז ער האָט גע־פונען פּיאָטר איוואַנאָוויטש'עס פוטער, און איהם דערלאַנגט.

— וואָס זאָגסטו, געראַסים? — האָט פּיאָטר איוואַנאָוויטש געזאָגט, אום ניט צו שטעהן ווי אַ שטומער — אַ שאָדען, האַ?

— ביי גאָט פרעגט מען קיין קשיות ניט. מיט אונז וועט אויך אַזוי זיין — האָט געראַסים געזאָגט אַ שמייכעל טהועענדיג מיט זיינע ווייסע, ברייטע פויערשע ציינער; און, ווי איינער וואָס האַלט אין רעכטען חשק פון זיין אַרבייט, האָט ער מיט האַסט אָן עפען געטהאָן די טהיר, צוגערופען דעם קוטשער, געהאָלפען פּיאָטר איוואַנאָוויטש'ען זיך זעצען, אַ שפּרונג געטהאָן צוריק, און זיך אָבגעשטעלט אויף אַ מינוט, אַזוי ווי טראַכטענדיג וואָס נאָך ער האָט צו טהאָן.

צו אָטהעמען די פרישע לופט נאָך די שווערע גערוכען פון

די ווייראַך, פון דעם מת און פון די קאַרבאָל איז פּיאָטר איוואַ־נאָוויטש'ען זעהר אנגענעהם געוועז.

— וואוהין וועט דער הערר הייסען פאָהרען? — האָט דער קוטשער געפרעגט.

— עס איז נאָך ניט שפעט. מען קען נאָך פאָהרען צו פיאָדר וואסיליעוויטש'ען.

ער איז אהין געפאָהרען. און ער האָט טאַקי דאָרטען גע־פונען ערשט ביי'ן ענד פון דעם ערשטען קאָן, אַלזאָ, ער איז צוגעשטאַנען אַלס א פינפטע האנט. ווי געוואונשען.

## II

די פריהערדיגע געשיכטע פון איוואַן איליטש'עס לעבען איז א זעהר איינפאַכע און געוועהנליכע, און א זעהר שרעקליכע גע־שיכטע.

בשעת ער איז געשטאָרבען איז ער אַלט געווען 45 יאָהר, און איז געווען א מיטגליעד פון דעם העכערען געריכט. ער איז געווען דער זוהן פון א טשינאָווניק, וועלכער האָט געדיענט אין פערשיע־דענע מיניסטערסטוואָס און אין פערשיעדענע אבטיילונגען פון מי־ניסטערסטוואָס. דאָס איז געווען איינער פון יענע טשינאָווני־קעס — דער פאָטער הייסט עס — וועלכע דערדיענען זיך צו אזא לאַגע, אז מען צאָהלט זיי א היבשען געהאַלט, כאָטש מען ווייס גאַנץ גוט, אז צו פאַרנעהמען אַן אמת וויכטיגען אמט טויגען זיי ניט; זיי האָבען אָבגעדיענט אזוי פיעל יאָהרען און זיך דערדיענט צו אזא הויכען טשין, אז ארויסטרייבען קען מען זיי שוין ניט; אַלזאָ טראַכט מען פאַר זיי אויס ניט־געשטויגענע, ניט־געפלויגענע שטעלען און מען צאָהלט זיי ניט־געשטויגענע, ניט־געפלויגענע טוי־זענדער — פון זעקס ביז צעהן טויזענד רובעל א יאָהר; און אזוי דערלעבען זיי צו א גרייז־גראָיען עלטער.

אזא זאָרט מענש איז געווען דער טאַיני סאָוויעטניק *), דער נעבכטיגער־טאָגעדיגער מיטגליעד פון פערשיעדענע נעכטיגער־טאָ־געדיגע רעגיערונגס־אנשטאַלטען, איליא יעפימאָוויטש גאָלאָווין.

ער האָט געהאַט דריי זיהן. איוואַן איליטש איז געווען דער צווייטער פון זיי. דער עלטסטער פון די דריי האָט געדיענט אויפ'ן

*) געהיים־ראַטה — א הויכער טשין אין דער ציוויל דיענסט; עהנליך צו דעם טשין גענעראַל אין דער אַרמיי.

זעלבען שטייגער ווי דער פאָטער, און ער האָט שוין געהאַלטען גאָהענט צו דער אויבען־דערמאָנטער מדרגה, ווען מען פאַנגט אָן צו באַקומען געהאַלט צו מען טויג צו מען טויג ניט. דער אינגסטער זוהן איז געווען אַ שטיק בראָך. ער האָט געדיענט אין פערשיע־דענע פּלעצער, און פון אומעטום האָט מען איהם אַרויסגעטריבען. איצט האָט ער געהאַט עפּעס אַן אייזענבאַהן שטעלע. זיין פאָ־טער און זיינע ברידער, און הויפּטזעכליך זייערע פרויען, האָבען פיינט געהאַט צו באַגעגענען זיך מיט איהם, און זאָגאַר צו דער־מאָנען זיך, אַז ער איז פאַראַן אויף דער וועלט. איוואַן איליטש'ס שוועסטער איז געווען פערהייראַט פאַר איינעם אַ באַראָן מיט'ן נאָמען גרעף; אַ פּעטערבורגער טשינאָווניק פון דעם זעלבען זאָרט ווי זיין שווער. איוואַן איליטש איז געווען „דער געראָטענער" — אַזוי האָט מען איהם געהאַלטען. ער איז ניט געווען אַזאַ קאַלטער און אַזאַ אַקוראַטנער ווי זיין עלטערער ברודער, און ניט אַזאַ וויל־דער נפש ווי דער אינגערער. ער איז געווען אַ מיטעל־פּונקט צווישען זיי: אַ קלוגער, אַ לעבעדיגער, אַן אַנגענעהמער, אַנ־שטענדיגער מענש. געשטודירט האָט ער צוזאַמען מיט זיין אינ־גערען ברודער אין אַן אַריסטאָקראַטישער יוריספּרודענץ־שוהלע*). דער אינגערער האָט ניט געענדיגט. מען האָט איהם אַרויסגעטרי־בען פון פינפטען קלאַס. איוואַן איליטש אָבער האָט גוט גע־ענדיגט. אין דיעזער שוהלע איז ער געווען דאָס וואָס ער איז דערנאָך געווען דעם גאַנצען לעבען: אַ פעהיגער, אַ פרייליכער יונג, ניט קיין כעסן און אַ רעדעוודיגער; ער האָט אָבער אימער

---

*) „שקאָלאַ פּראַוואָוועדעניא" האָט די שוהלע געהייסען. די שילער פלעגען אַהין אָנקומען גאַנץ יונג און דאָרטען בעקומען אַלגע־מיינע בילדונג אַ חוץ דעם וואָס זיי האָבען (אין די העכערע קלאַ־סען) געלערענט יוריספּרודענץ, די וויסענשאַפט פון רעכט, פון געזעץ. מען פלעגט אַהין צונעהמען בלויז קינדער פון אַריסטאָקראַטישע פאַמי־ליען אָדער פון הויכע טשינאָווניקעס. — איבערזעצער.

שטריינג ערפילט דאָס וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר זיין פליכט; און פאַר זיין פליכט האָט ער געהאַלטען אַלץ, וואָס זעהר הויכע פערזאָנען האַלטען פאַר אַ פליכט. חנפ'ענען זיך האָט ער זיך ניט גע'חנפ'עט, ניט אַלס אינגעל און ניט שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אַן ערוואַקסענער מענש. אָבער פון זיינע גאַנץ יונגע יאָהרען אָן האָט איהם געצויגען צו זעהר הויכע פערזאָנען, אַזוי ווי אַ פליעג ציהט צו אַ ליכטיגען אָרט. ער האָט נאָכגעמאַכט זייערע מאַניערען, איבערגענומען זייער קוק אויפ'ן לעבען, און געסטאַרעט זיך מיט זיי בעפריינדעט צו ווערען. די אַלע זאַכען, אין וועלכע ער איז געווען פאַרקאָכט אינגעל־ווייז אָדער בחור־ווייז, זיינען פאַר־איבער, ניט איבערלאָזענדיג קיין וויכטיגע סליאַדען נאָך זיך. אין יענע יונגע יאָהרען זיינען געווען צייטען ווען ער האָט אַ היבשע ביסעל נאָכגעגעבען זיין תאוה און זיין גאוה; און ווען ער האָט געהאַלטען ביי'ן ענדיגען די שוהלע, איז ער בעגייסטערט געוואָרען פאַר ליבעראַלע געדאַנקען; אָבער אַלץ מיט אַ מאָס; זיין גע־פיהל פלעגט איהם שוין אָנווייזען דעם ריכטיגען גרענעץ און איהם ניט לאָזען פאַרקריכען צו ווייט.

זייענדיג אין דער שוהלע האָט ער צייטענווייז אָבגעטאָן גע־וויסע זאַכען, וועלכע ער האָט דאַן געהאַלטען פאַר זעהר מיאוס; און בשעת ער האָט דיעזע זאַכען געטהאָן, האָט ער געפיהלט אַ האַס צו זיך אַליין; אָבער שפּעטער, זעהענדיג אַז זעהר הויכע מענשען טהוען אויך אַזעלכע זאַכען און אַז דאָס הייסט גאָר ניט זיך מיאוס אויפפיהרען, האָט ער אָן זיינע אַמאָליגע חטאים פאַרגע־סען. דאָס הייסט ניט, אַז איצט זיינע אַזעלכע מעשים ביי איהם געווען אַנשטענדיג און שעהן. דאָס ניט. ער האָט אָבער וועגען דיעזע פריהערדיגע אויפפיהרונגען זיינע מעהר ניט געקלעהרט; און אַז ער פלעגט זיך אָן זיי אַמאָל יאָ דערמאָנען, פלעגט איהם דאָס ניט קימערען.

ער האָט געענדיגט די אַריסטאָקראַטישע שוהלע מיט אַ טשין פון דעם צעהנטען גראַד: דער פאָטער האָט איהם דאַן געגעבען געלט, בגדים און אַלע אַנדערע נויטיגע זאַכען. אַלזאָ האָט איוואַן

איליטש זיך געלאָזט מאַכען קליידער ביי אַן אַריסטאָקראַטישען שניידער; צום קייטעל פון זיין זייגער האָט ער צוגעטשעפּעט אַ מעדאַליאָן מיט אַ ליטיינישען איבערשריפט, זיך געזעגענט מיט דעם אַריסטאָקראַטישען דירעקטאָר און מיט די לעהרער, געגעסן מיט זיינע חברים מיטאָג אין אַן אַריסטאָקראַטישען רעסטאָראַן, און, מיט אַ נייעם, מאָדנעם טשעמאָדאַן, מיט נייע וועש, נייע קליידער, נייע בריטוועס און אַלע אַנדערע זאַכען צום גאָלען זיך און צום אָנטהאָן זיך, אַלץ בעשטעלט אָדער געקויפט פאַרטיגע אין די בעסטע קלייטען — איז ער אַוועקגעפאָהרען אויף אַ שטעלע, וואָס זיין פאָטער האָט פאַר איהם געקראָגען; אַ שטעלע אַלס ספּעציעלער טשינאָווניק ביי אַ גובערנאַטאָר. אין דער גובערנסקער שטאָדט וואו די שטעלע איז געווען, האָט איוואַן איליטש זיך גלייך געשאַפען אַ לייכטע, אַנגענעהמע לאַגע, פּונקט אַזאַ סאָרט לאַגע ווי ער האָט זיך אויסגעאַרבייט זייענדיג אין דער יוריספּרודענץ-שוהלע. ער האָט זיך געטהאָן זיין אַרבייט, ערפילט זיינע אָפיציעלע פּליכטען, ביסלעכווייז זיך געסטאַרעט אַרויפצואַרבייטען זיך; און זיינע פרייע שטונדען האָט ער פערבראַכט אויף אַן אַנגענעהמען, אַנשטענדיגען שטייגער. אַ מאָל — ניט זעהר אָפט — פלעגט דער גובערנאַטאָר איהם שיקען אין די קלענערע שטעדטלעך פון זיין גובערניע. דאָרטען פלעגט ער זיך האַלטען ווי אַ וויכטיגער מענש, אָבער אָהן גאוה. אַזוי פלעגט ער זיך האַלטען אי מיט די וואָס זיינען געשטאַנען העכער פאַר איהם, אי מיט די וואָס זיינען געשטאַנען נידעריגער; ער האָט זיך געפיהרט שטרייננג עהרליך, ניט צוגעלאָזען צו זיך אפילו אַן אָנצוהערענים אויף כאַבאַר (וועגען דעם האָט ער זיך ניט-וועלענדיג געגעבען קאָמפּלימענטען); און אַזוי פיהרענדיג זיך, פלעגט ער טהאָן דאָס וואָס מען האָט איהם געהייסען טהאָן, הויפּטזעכליך אין אַנגעלעגענהייטען וועגען ראַסקאָלניקעם *).

---

*) מיטגליעדער פון רעליגיעזע סעקטעס. דאָס רוב פון דיעזע סעקטעס פלעגען פאַרפאָלגט ווערען. — איבערזעצער.

כאָטש ער איז נאָך געווען אזוי יונג און כאָטש פון דער נאַטור האָט ער גיט פיינט געהאט צו האָבען אַ ביסעל שפּאס, פלעגט ער ביי זיין ארבייט אלס רעגיערונגס בעאמטער זיין זעהר צוריקגעהאלטען; זיך פיהרען אָפיציעל און זאָגאר שטריינג. אין געזעלשאפט אָבער פלעגט ער אָפט זיך לוסטיג מאכען, אָפט זאָגען אַ וויץ, און איז אימער געווען גוט אויפגעלייגט און פריינדליך, אנ־שטענדיג און ווי אַ גוט קינד (אזוי פלעגט ווענען איהם זאָגען דער גובערנאטאָר און דעם גובערנאטאָר'ס פרוי, ביי וועלכע ער איז געווען ווי אַן אייגענער מענש אין שטוב).

אין דיעזער גובערנסקער שטאָדט האָט ער געהאט געהיימע פערהעלטניסע מיט אַ דאמע. זי האָט זיך צו איהם פּראָסט צו־געטשעפּעט, ווייל ער איז געווען אַ פּראנטאָווסקער יונגער מאַן און געענדיגט די אריסטאָקראַטישע שוהלע. אַ געוויסע צייט האָט ער געהאט אַן עסק מיט אַ נייטערקע. ווען אין שטאָדט פלעגען קומען פליגעל־אדיוטאנטען פון פּעטערבורג פלעגט ער זיי פיהרען אויף הולאנקעס, און נאָך וועטשערע פאָהרען מיט זיי אין אַ ווייטע, זייטיגע געסעל. אז מען פלעגט דארפען פלעגט ער ארומטאנצען ארום דעם גובערנאטאָר, בעדיענען איהם און זאָגאר זיין פרוי אויך, אָבער דאָס אַלעס פלעגט ער טהאָן מיט אזא הויכען טאָן פון אנ־שטענדיגקייט, אז אָנרופען דאָס מיט שלעכטע ווערטער האָט מען גיט געקענט. אַלץ איז געגאַנגען בלויז לויט דעם כלל, אז אַ יונגער מאַן מעג אַ לעב טהאָן. אַלץ איז געטהאָן געוואָרען מיט ריינע הענט, אין ריינע העמדער, מיט שעהנע פראנצויזישע ווערטלעך, און די הויפּט־זאַך איז, אז די דאָזיגע זאכען האָט ער געטהאָן אין דער הויכער געזעלשאפט; עס הייסט אַלזאָ אז זעהר הויכע פּער־זאָנען האָבען אַנערקענט אז עס איז ווי עס בעדארף צו זיין — שעהן און פיין.

אזוי האָט איוואַן איליטש אָבגעדיענט פינף יאָהר. דאַן זיי־נען אין דער מיניסטערסטוואָ פון יוסטיץ פאָרגעקומען וויכטיגע ענדערונגען. עס זיינען געגרינדעט געוואָרען נייע געריכטס־אנ־שטאלטען. עס האָבען זיך גענומען פאָדערען נייע מענשען.

און איוואַן איליטש איז געוואָרען איינער פון דיעזע נייע מענשען.

מען האָט איהם פאָרגעשלאָגען א שטעלע אלס סליעדאָוואַטעל (אונטערזוכונגס־ריכטער); די שטעלע איז געווען אין אַן אַנ־דער גובערניע; ער האָט געמוזט פלוצלונג אַוועקוואַרפען די בע־קאַנטשאַפטען און בעציהונגען וועלכע האָבען זיך שוין ביי איהם איינגעסטאַלירט, און אָנהויבען אַלץ פון דאָס ניי: מאַכען נייע בעקאַנטשאַפטען און איינפיהרען נייע בעציהונגען מיט נייע מענ־שען; פון דעסטוועגען האָט ער די נייע שטעלע אָנגענומען. פריינד האָבען איהם בעגלייט. זיי האָבען זיך געלאָזט פאָטאָ־גראַפירען מיט איהם אַלע אין איינעם; צום אָנדיינקונג האָט מען איהם געגעבען א מתנה — א זילבערנע פאַפּיראָסניצע; און ער איז אַוועקגעפאָהרען אויף דעם נייעם פּלאַץ.

אַלס סליעדאָוואַטעל האָט איוואַן איליטש זיך געפיהרט פּונקט אַזוי ווי ער האָט זיך געפיהרט אַלס ספּעציעלער טשינאָווניק ביי'ן גובערנאַטאָר — מיט דעם זעלבען סאָרט בכבוד'קייט און מיט דער זעלבער טבע שטריינג אָבצוזונדערען זיינע אָפיציעלע פליכטען פון זיין פּריוואַט לעבען. אויך האָט ער אַרויסגעוויזען די זעלבע פע־היגקייט צו מאַכען אַז מען זאָל צו איהם האָבען רעספּעקט. די שטעלע גופא, זיין ראָלע אַלס סליעדאָוואַטעל, איז איהם געווען א סך אינטערעסאַנטער און אַנגענעהמער ווי זיין פריהערדיגע שטע־לע. דיענענדיג ביי'ן גובערנאַטאָר, פּלעגט ער הנאה האָבען, ווען ער פּלעגט צום ביישפּיעל דורכגעהן דורך דעם גובערנאַטאָר'ס וואַרט־צימער, ווען דאָרטען זיינען געזעסען פערשיעדענע מענשען: פּריוואַט מענשען וואָס זיינען געקומען בעטען וועגען וואָס־עס־איז, אָדער טשינאָווניקעס, וואָס האָבען געדאַרפט דעם גובערנאַטאָר זעהן וועגען אָפיציעלע אַנגעלעגענהייטען. אָט זיצען זיי ווי אויף שפּילקעס וואַרטענדיג אין הוילע ציטערנים און מיט אונגעדולד, מען זאָל זיי שוין ענדליך אויפנעהמען און אויסהערען, און ער, איוואַן איליטש, געהט זיך פאַרביי מיט רוהיגע, זאָרגלאָזע טריט

אין זיין פיינעם מונדיר; ער געהט גלייך אריין צו דעם גובער־נאַטאָר אין קאַבינעט און ער זעצט זיך מיט איהם אַנידער ביי אַ גלאָז טהעע און מיט אַ פּאַפּיראָס אין האַנט. פון אַזעלכע זאַכען פלעגט ער הנאה האָבען; ער פלעגט הנאה האָבען פון דעם, ווי די וואַרטענדע טשינאָווניקעס קוקען אויף איהם מיט קנאה; דאָס אַלץ איז איהם געווען אַנגענעהם. אָבער אַזעלכע מענשען, וואָס זאָלען זיין אָבהייניגיג פון איהם, מענשען, וואָס זייער שיקזאַל זאָל זיין ביי איהם אין די הענט, איז דאַן געווען וועניג. אַזעלכע מענשען זיינען געווען בלויז די איספּראַווניקעס*) און די ראַס־קאָלניקעס — אי דאָס נור ווען דער גובערנאַטאָר פלעגט איהם שי־קען אין די שטעדטלעך און דערפער. מיט די, וואָס זיינען געווען אבהיינגיג פון איהם, פלעגט ער דאַן ליעבען זיך צו בענעהן איי־דעל, העפליך, במעט אזוי ווי ער וואָלט געווען זייערער אַ חבר; ער האָט ליעב געהאַט זיי צו לאָזען פיהלען, אַז ער, וואָס ער וואָלט זיי געקענט צוקוועטשען ווי פליעגען, רעדט מיט זיי פריינדליך, פּראָסט, אָהן שטרייננקייט אָדער שטאָלץ. דאָס אַלץ איז איהם געווען אַנגענעהם. אָבער וויפיעל אונטערטהעניגע מענשען אַזעלכע זיינען ביי איהם דאַן געווען? זעהר וועניג. איצט אָבער, זיי־ענדיג אַ סליעדאָוואַטעל, אַן אונטערזוכונגס־ריכטער, האָט איוואַן איליטש געפיהלט, אַז יעדער, אָהן אַן אויסנאַהם, אפילו די וויכ־טיגסטע לייט, וועלכע זיינען העכסט צופריעדען פון זיך — אַז אַלע זיינען זיי ביי איהם אין האַנט: ער דאַרף נור אויף אַ קאַזיאָנעם פּאַפּיער אויפשרייבען געוויסע ווערטער, און דעם יחסן, דעם וואַזשנעם, צופריעדענעם יחסן, וועט מען צו איהם ברייגנען אַלס אַ בעשולדיגטען אָדער אַלס עדות, און אויב ער, איוואַן איליטש, זאָל איהם ניט בעטען זיצען, וועט יענער מוזען שטעהן פאַר איהם און שטעהענדיג ענטפערען אויף זיינע פראַגען. איוואַן איליטש האָט זיין מאַכט קיין מאָל ניט מיסברויכט. אדרבה, ער האָט זיך

*) אַ איספּראַווניק איז דער עלטסטער איבער דער פּאָליציי פון אַ „אויעזד", אַ טייל פון אַ גובערניע. — איבערזעצער.

געסטאַרעט אַרויסצוצייגען אזוי ווייך ווי מעגליך. אָבער דער געפיהל, אַז ער האָט דיזע מאַכט, און אַז ביי איהם ליגט די ברירה איהר צו מאַכען ווייכער און מילדער, אָט דיזער געפיהל איז געווען די הויפּט־זאַך, וואָס האָט זיין נייע שטעלע איהם אינטערעסאַנט און אַנגענעהם געמאַכט. אין זיין אָפיציעלע אַרבייט גופא, אין זיינע אונטערזוכונגען וועגען פאַרברעכענס און בעשולדיגטע, האָט ער זיך גיך צוגעוואוינט אָבצושטויסען פון זיך אַלץ וואָס האָט ניט געהאַט קיין שייכות צו דעם אָפיציעלען ענין. דעם פאַרפלאָנטערטסטען פראָצעס פלעגט ער אוועקשטעלען אין אַזאַ פאָרמע, אַז אויפ'ן פּאַפּיער פלעגט אויסגעדריקט ווערען נור די אויסערליכע זייט פון דער פראַגע, און זיין פּערזענליכע מיינונג איז ביי איהם געווען אויסגעשלאָסען. דאָס וויכטיגסטע איז ביי איהם געווען אָבצוהיטען אַלע צערעמאָניעס, וואָס דאָס געזעץ פאָדערט. די סיסטעם איז געווען אַ נייע, און ער איז געווען איינער פון די נייע מענשען, וועלכע האָבען אויסגעאַרבייט אויף דער פּראַקטיק די געריכטס־אָרדנונגען, וועלכע די רעגיערונג האָט איינגעפיהרט אין 1864.

אין דער שטאָדט, וואו ער האָט געדיענט אַלס סליעדאָוואַטעל, האָט איוואַן איליטש געשלאָסען נייע בעקאַנטשאַפטען, געמאַכט נייע געזעלשאַפטליכע פערבינדונגען. דאָ האָט ער זיך גענומען פיהרען אַ ביסעל אַנדערש ווי אין דער שטאָדט וואו ער איז געווען בלויז אַ ספּעציעלער טשינאָווניק ביי אַ גובערנאַטאָר. דאָ האָט ער אָנגעהויבען צו געברויכען אַ ביסעל אַן אַנדער טאָן. פון דעם היגען גובערנאַטאָר מיט זיינע טשינאָווניקעס האָט ער זיך געהאַלטען פון ווייטען, איוואַן איליטש, אזוי ווי ער וואָלט בעלאַנגט צו אַ פּאָרטגעשריטענערען קלאַס מענשען ווי זיי. ער האָט זיך אויסגעקליבען אַ קרוזשאָק פון ריכטער פון דעם רייכערען פריצישען קלאַס, וועלכע האָבען געוואוינט אין שטאָדט. און זיין טאָן איז געווען ווי פון אַ מענשען וואָס ערלויבט זיך אַ ביסעל צו קריטיקירען די רעגיערונג, אַ טאָן פון לעבעליכע פרייזיניגקייט און ציוויליזירטע בירגער־געפיהל. עלעגאַנט זיך צו קליידען האָט ער ניט אויפגעהערט. ער האָט אָבער

אויפגעהערט צו גאָלען דעם מיטען באָרד, און געלאָזען זיין באָרד וואקסען וואו זי וויל.*)

איהם האָט זיך אין דעם נייעם פּלאַץ געלעבט גאַנץ אנגעגעהם. זיינע נייע בעקאַנטע, די געזעלשאַפט, וועלכע האָט אַ ביסעל באַקעמפּפט דעם גובערנאַטאָר, איז בעשטאַנען פון פריינדליכע, פיינע מענשען. געהאַלט האָט ער באַקומען מעהר ווי פריהער. אָפּט פלעגט ער שפּיעלען אין קאָרטען און דאָס פלעגט איהם אויך פערשאַפען אַ היבשע ביסעל פערגניגען. ביי׳ן שפּיעלען פלעגט ער זיין פרייליך, אויסרעכענען די קאָרטען מיט אַ שנעלען און טיעפען שכל און כמעט אימער געווינען.

ווען איוואַן איליטש האָט אויף זיין נייער שטעלע אָבגעדיענט צוויי יאָהר, איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט זיין צוקונפטיגער פרוי. פּראַסקאַוויאַ פיאָדאָראָווגאַ מיכעל איז געווען די ליעבליכסטע, קלוגסטע און גראָטעסטע פריילין אין דעם קרוזשאָק, צו וועלכען איוואַן איליטש האָט בעלאַנגט. איינער פון די פערגניגענס, אין וועלכע ער פלעגט געפינען אַן אָפּרוה פון זיין אָפּיציעלע אַרבייט, איז בעשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט פאַרצויגען אַנשטענדיג־שטיפערישע, לייכטע פערהעלטניסע מיט פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָווגאַ. ווען ער האָט געוואוינט אין דער פריהערדיגער שטאָדט, וואו ער האָט געדיענט אַלס ספּעציעלער טשינאָווניק ביי דעם גובערנאַטאָר, פלעגט ער אַ סך טאַנצען. איצט, זייענדיג אַ סליעדאָוואַטעל, האָט ער געטאַנצט אַ סך ווייניגער, בלויז אַלס אַן אויסנאַהם. און אַז ער פלעגט יאָ טאַנצען, פלעגט עס מאַכען אַן איינדרוק אַזוי ווי ער וואָלט זאָגען: „איך דיען אין די נייע געריכטס־אַנשטאַלטען; איך בין אַ סעריעזער, פאָרטגעשריטענער מענש, און אין טשין בין איך אויך שוין אין פינפטען קלאַס; פון דעסטוועגען, ווען עס קומט צו טאַנצען, קען איך ווייזען, אַז אין דעם בין איך אויך מעהר

*) טשינאָווניקעס און מענשען פון דער אַרמער פלעגען דאַן טראָגען באַקען־באַרדען. צו טראָגען אַ גאַנצע באָרד, ניט געגאָלט אין מיטען, האָט שוין געהייסען אַ סימן פון אַ פריוזיניגען גייסט. — איבערזעצער.

בריה ווי אַנדערע.״ און אַזוי פלעגט ער ביי'ן ענד פון אַן אונטער־האַלטונג, אַ מאָל טאַנצען מיט פראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ; און טאַקי אין דער צייט פון דיזע טענץ, הויפּטזעכליך אין אַזעלכע מינוטען, האָט ער דאָס בעזיעגט איהר האַרץ. זי האָט זיך אין איהם פערליעבט. איוואַן איליטש האָט ניט געהאַט קיין בעשטימטען געדאַנק וועגען הייראַטהען, אָבער אַז זי האָט זיך שוין אין איהם יאָ פערליעבט, האָט ער גענומען קלעהרען וועגען דעם. „פאַר וואָס זאָל איך טאַקי ניט הייראַטהען?״ האָט ער זיך געטראַכט.

די פריילין פראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט געהערט צו אַ גוטען פריצישען שטאַם, און איז ניט געווען קיין מיאוס'ע. אַ שטיקעלע אייגענס האָט זי אויך געהאַט. איוואַן איליטש וואָלט גע־קענט טהאָן אַ בעסערען שידוך, אָבער דיזער שידוך איז אויך ניט געווען קיין שלעכטער. איוואַן איליטש האָט ערוואַרטעט אַז איהר איינקונפט וועט זיין אַזוי גרויס ווי זיין געהאַלט. די פאַמיליע איז אַ פיינע, און די מיידעל איז אַ ליעבליכע, אַ שעהנע, און אַ העכסט אָרענטליך קינד. זאָגען, אַז איוואַן איליטש האָט חתונה ווייל ער האָט זיך אין זיין כלה פערליעבט און ווייל זי האָט געהאַט די זעלבע לעבענס-בעגריפע ווי ער — דאָס צו זאָגען וואָלט געווען פונקט אַזוי ניט ריכטיג ווי צו זאָגען, אַז ער האָט חתונה געהאַט בלויז צוליעב דעם, וואָס די געזעלשאַפט, צו וועלכע ער האָט בע־לאַנגט, האָט וועגען דעם שידוך געהאַט אַ גוטע מיינונג. איוואַן איליטש האָט אין זינען געהאַט ביידע זאַכען: צו האָבען אַזאַ ווייב איז איהם געווען אַנגענעהם, און דערביי האָט ער געוואוסט, אַז זעהר הויכע פערזאָנען וועלען זאָגען אַז ער טהוט דעם ריכטיגען סאָרט שידוך.

אַלזאָ האָט איוואַן איליטש געהייראַטה.

די חתונה גופא און די ערשטע צייט נאָך דער חתונה, מיט די ליעבעס-סצענעס צווישען דער יונגער פּאָאָר פאָלק, מיט די נייע מעבעל, נייע געשיר, נייע וועש — די גאַנצע צייט ביז זיין פרוי איז שוואַנגער געוואָרען — דאָס איז אַוועק אויפ'ן בעסטען אופן.

איוואן איליטש האט גענומען דיינקען אז זיין הייראטה וועט איהם אויף א האאר ניט שטערען צו פיהרען זיין לייכטען, אנגענעהמען, פריילירען און אימער בכבוד'ען לעבען. ער האט זאגאר געמיינט, אז איצט וועט זיך איהם לעבען נאך לייכטער, נאך אנגענעהמער און בכבוד'ער ווי פריהער. אבער גלייך אין די ערשטע מאנאטען פון זיין פרוי'ס שוואנגערען האט זיך גענומען ארויסווייזען עפעס א נייעס, אז אונגעריכטער, אן אונאנגענעהמער, א שווערער, אן אונאנשטענדיגער מין נייעס, וועלכען עס איז אונמעגליך געווען צו ערווארטען און וועלכען עס איז אונמעגליך געווען אויסצומיידען.

פון העלער הויט, ווי איהם האט זיך געדוכט, נור אלס א קאפריז, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקען טראכטענדיג וועגען דעם, פלעגט זי אנהויבען צו פארשטערען די אנגענעהמקייט און אנשטענדיגקייט פון זייער לעבען. אהן שום אורזאכע פלעגט זי ווערען אייפערזיכטיג צו איהם, פאדערען ער זאל איהר ווייזען אויפמערקזאמקייט, זיך טשעפען צו אלץ, און מאכען איהם אונאנגענעהמע און גראבע סצענעס.

צוערשט האט איוואן איליטש געהאפט זיך צו בעפרייען פון דיזער אונאנגענעהמער לאגע אויף דער זעלבען לייכטען און בכבוד'ען שטייגער, אויף וועלכען ער פלעגט פריהער זיך פון קאפ ארויסשלאגען, ווען עס האט זיך געמאכט עפעס אן אונאנגענעהמקייט. ער האט זיין ווייב'ס שלעכטען געמיטה געפרופט בעהאנדלען ווי א קלייניגקייט; ער האט געפרופט זיך ניט אפעסען דאס האריץ דערפון, געפרופט אנצוגעהן מיט זיין ווייטערען אנגענעהמען לעבען ווי געוועהנליך: איינגעלאדען צו זיך פריינד, געשפיעלט אין קארטען מיט זיי; אדער אז ניט, פלעגט ער פאהרען אין קלוב, אדער צו א פריינד. אבער איין מאל האט די פרוי איהם גענומען גראב זידלען מיט א מאדנע גיפטיגע קראפט און דאס זעלבע האט זי געטהאן ווידער און ווידער, יעדעס מאל, ווען ער האט פארפעהלט צו ערפילען איהרען א וואונש; זי האט דאס געטהאן מיט אזא פארביסענהייט און פעסטקייט, אז עס איז איהם

געוואָרען דייטליך, דאָס זי האָט זיך בעשלאָסען ניט אויפצוהערען ביז ער וועט ווערען אונטערטהעניג; דאָס הייסט ביז ער וועט אי־מער זיצען אין שטוב און זיך לאַנגווײלען ווי זי. איוואַן איליטש׳ען איז פּראָסט שרעקליך געוואָרען. ער האָט זיך ארומגעזעהן, אז ווען מען איז פערהייראטה — מיט אזא פרוי ווי זיינע, ווענינגסטענס — איז צו פיהרען אַן אַנגענעהמען, אנשטענדיגען לעבען, ניט גרינגער, נור פאַרקעהרט; אז אָפט ווערט אזא סאָרט לעבען פאַרשטערט; און אז עס איז נויטיג פון אזעלכע שטערונגען זיך צו בעשיצען. איוואַן איליטש האָט גענומען זוכען מיטלען דערצו. זיינע אָפיצי־עלע פליכטען זיינען געווען די איינציגע זאַך, פאַר וועלכע זיין פרוי האָט געהאַט אָבשיי. אלזאָ האָט ער פון דיעזע פליכטען זיך געמאַכט א וואַפע פאַר זיין קאַמפּף מיט איהר, און דורך דעם האָט ער אָנגעהויבען פאַר זיך אָבצוצאַמען א בעזונדערע וועלטעלע, אין וועלכע ער איז געווען פריי און אוּנאָבהענגיג פון איהר.

ווען ביי זיי איז געבאָרען געוואָרען א קינד, און מען האָט גע־מאַכט ניט־קיין־געראָטענע פּראָבעס איהם צו קאָרמען, און עס האָט זיך אָנגעהויבען א סדרה פון ניט־געזונט ווערען (דאָ דאָס קינד, דאָ די מוטער; א מאָל אויף אַן אמת׳ן און א מאָל וואָס די מוטער האָט זיך נור איינגערעדט), און פון איוואַן איליטש׳ען האָט מען גע־פאָדערט אז ער זאָל עפּעס טהאָן דערצו, און ער האָט ניט אָנגע־הויבען צו וויסען וואָס צו טהאָן — דאַן איז די בעדערפניס אָפּצו־צאַמען פאַר זיך א וועלטעלע, וואָס זאָל זיין אָפּגעזונדערט פון זיין פאַמיליען־לעבען, נאָך שטאַרקער געוואָרען ביי איהם.

וואָס־עפּטער זיין פרוי איז געוואָרען אויפגערעגט און וואָס מעהר זי האָט זיך צו איהם געטשעפּעט, אַלץ מעהר איז זיין שטעלע געוואָרען דער עיקר פון זיין לעבען. די שטעלע איז איהם ליעבער געוואָרען און ער איז געוואָרען עהרגייציגער.

אין א קורצע צייט, ניט מעהר ווי א יאָהר נאָך דער חתונה, האָט איוואַן איליטש זיך ארומגעזעהן, אז הגם מען האָט פונ׳ם פער־הייראטהען לעבען געוויסע בעקוועמליכקייטען, איז עס אין אמת׳ן א

גאַנץ פאַרפּלאָנטערטער און שווערער עסק; ער איז געקומען צום שלום, אַז דער וואָס וויל טהאָן זיין פליכט, דאָס הייסט פיהרען אַן אָנשטענדיגען לעבען, וועגען וועלכען לייטען זאָלען האָבען אַ גוטע מיינונג, יענער מוז אויסאַרבייטען אַ בעשטימטע אַרט, ווי אַזוי זיך צו פערהאַלטען צו זיין הייראַטה. ער, איוואַן איליטש, פערהאַלט זיך דאָך אויף אַ בעשטימטען שטייגער צו זיין רעגיע־רונגס־שטעלע, אַלזאָ דאַרף ער עהנליכעס טהאָן מיט זיין פערהיי־ראַטהען לעבען.

און אַזאַ בעשטימטען שטייגער ווי אַזוי זיך צו פערהאַלטען צו זיין פערהייראַטהען לעבען האָט איוואַן איליטש ביי זיך ווירק־ליך אויסגעאַרבייט. ער האָט פון זיין פאַמיליען־לעבען געפאָדערט בלויז די בעקוועמליכקייטען, וועלכע עס האָט איהם געקענט פער־שאַפען: היימישעס עסען, אַ בעל הבית'טע און אַ בעט; און הויפּטזעכליך האָט ער פון זיין פאַמיליען־לעבען ערוואַרטעט די אויסערליכע אָנשטענדיגקייט, וועלכע די עפענטליכע מיינונג פאָ־דערט; ווייטער האָט ער זיך געסטאַרעט עס זאָל זיין פרייליך און אַנגענעהם. אויב ער האָט געפונען דאָס וואָס ער האָט געזוכט, איז ער געוועזען דאַנקבאַר; אויב זשע אַנשטאַדט דעם האָט ער בע־געגענט סטירדעס מיט בייזע רייד, פלעגט ער גלייך זיך אַריינלאָזען אין די באַזונדערע וועלטעלע, וואָס ער האָט אַרומגעצאַמט פאַר זיך — די וועלטעלע פון זיין שטעלע — און דאָרטען האָט ער שוין געהאַט דעם אַנגענעהמען געמיטה וואָס איהם האָט געפעהלט אין דער היים.

איוואַן איליטש'ען האָט מען געשעצט אַלס אַ גוטען בעאַמטען, און ווען ער האָט אָבגעדיענט דריי יאָהר, האָט מען איהם געמאַכט פאַר אַן אונטער־פּראָקוראָר. זיינע נייע פפליכטען, זייער וויכטיג־קייט, דאָס וואָס ער האָט איצט יעדען געקענט איבערגעבען צום געריכט און אַרעסטירען, די רעדעס, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר אַ געריכטס־זאַל פול מיט מענשען, דער ערפאָלג וואָס ער האָט דער־ביי געהאַט, — דאָס אַלץ האָט איהם צו זיין אַמט צוגעבונדען נאָך שטאַרקער.

נאָך קינדער זיינען ביי זיי געבאָרען געוואָרען. די ווייב האָט זיך געטשעפעט אַלץ מעהר, געוואָרען אַלץ בייזער, אָבער די „פּאָליטיק“, וואָס ער האָט אויסגעארבייט, ווי זיך צו האַלטען אין שטוב, האָט איהם פון איהר וואָרטשערייי בעשיצט ווי א פּאַנציר.

ווען איוואַן איליטש האָט אָבגעדיענט זיעבען יאָהר, אַלץ אין דער זעלבער שטאָדט, האָט מען איהם געגעבען א שטעלע אין אַן אַנדער גובערניע, שוין אַלס פּאָלשטענדיגער פּראָקוראָר. געלט האָט די פאמיליע געהאַט ווייניג, און דער נייער פּלאַץ איז פּראַס־קאָוויאַ פּיאָדאָראָוונאַ׳ן ניט געפעלען געוואָרען. איוואַן איליטש האָט איצט בעקומען א גרעסערען געהאַלט ווי פריהער, אָבער דאָס לעבען איז דאָ געווען טהייערער; א חוץ דעם: ביי זיי זיינען געשטאָרבען צוויי קינדער, און דער פאמיליען־לעבען איז פאַר אי־וואַן איליטש׳עם געוואָרען נאָך אונאַנגענעהמער.

וואָס פאַר א צרה אָדער אונאַנגענעהמליכקייט עס האָט זיך נור געמאַכט אין דעם נייעם פּלאַץ, האָט פּראַסקאָוויא פּיאָדאָראָוונאַ דעם בלבול אימער ארויפגעוואָרפען אויף איהר מאַן. אין אַלץ איז ער געווען שולדיג! דאָס רוב זאַכען, וועגען וועלכע זיי האָבען געהאַט געשפּרעכען, הויפּטזעכליך ענינים וועגען דער ערציהונג פון די קינדער, פלעגען זיי ארויפברייינגען אויף פראַגען, וועלכע פלעגען זיי דערמאָנען אַן עפּעס א פריהערדיגע קריעג, און יעדע מינוט זיינען בערייט געווען זיך פאַרנאַנדערצופלאַקערען נייע מחלוקות. עס זיינען איבערגעבליבען בלויז זעלטענע טעג אָדער שטונדען פון פארליעבטקייט, וועלכע פלעגען אויף די פּאָאַר פּאָלק אַנקומען פון צייט צו צייט. דאָס זיינען געווען קליינע אינזעלעך, אויף וועלכע זיי פלעגען זיך אָפּשטעלען ניט אויף לאַנג; און דערנאָך פלעגען זיי זיך ווידער אַוועקלאָזען איבער׳ן ים פון פאַר־שטיקטע פיינדשאַפט, און פלעגען ווייכען איינער פון אַנדערען. דיעזער ווייכען, דיעזע אָבגעפרעמדקייט וואָלט איוואַן איליטש׳ען אפשר פאַרדראָסען ווען ער וואָלט געמיינט אַז אַזוי דאַרף ניט זיין. ער האָט אָבער איצט שוין דאָס געהאַלטען פאַר א גאַנץ נאַטירליכע

זאַך. נאָך מעהר: צו זיין ווי אַ פרעמדער צו זיין פרוי איז ביי איהם איצט געווען דער צוועק פון זיין ראָלע אין זיין פאַמיליע. דיעזער צוועק זיינער איז בעשטאַנען אין דעם, אַז ער זאָל וואָס מעהר זיך בעפרייען פון די דאָזיגע אונאַנגענעהמליכקייטען, מאַכען אַז זיי זאָלען איהם פאַרשאַפען וואָס וועניגער שמערצען, און אַז זיי זאָלען האָבען אַ פנים פון אַנשטענדיגקייט; דאָס האָט ער דערגרייכט דורך דעם, וואָס ער האָט פערבראַכט מיט זיין פאַמי־ליע וואָס וועניגער; און ווען ער איז פאָרט געצוואונגען געווען צו זיין אין דער היים, האָט ער זיך געסטאַרעט צו האָבען געסט אין שטוב. די הויפּטזאַך איז ביי איהם אָבער געווען זיין שטעלע. אין דער אָפיציעלער וועלט איז געלעגען דער הויפּט־אינטערעס פון זיין לעבען. און אין דיעזען אינטערעס איז ער געווען אין גאַנצען אַריינגעטהאָן. זיין מאַכט, דאָס וואָס ער האָט געקענט אונגליקליך מאַכען יעדען מענשען, וועלכען ער האָט נור געוואָלט אונגליקליך מאַכען, זיין וואַזשנעקייט, — אַפילו ווען דאָס איז נור געווען אַן אויסערליכע גדולה — זיין וואַזשנעקייט ווען ער פלעגט אריינקומען אינ׳ם געריכטס־זאַל, צום ביישפּיעל, און ווען ער האָט זיך בעגע־גענט מיט זיינע אונטערטהעניגע; דער ערפאָלג וואָס ער האָט געהאַט אי ביי די, וואָס זיינען געשטאַנען העכער ווי ער, אי ביי די, וואָס זיינען געווען אונטערטהעניג צו איהם, און הויפּטזעכליך דער געפיהל, אַז ער פיהרט זיינע פּראָצעסען מייסטערהאַפט — דאָס אַלץ האָט איהם פערשאַפט נחת; און דיעזער נחת, צוזאַמען מיט די געשפּרעכען, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיינע חברים, די באַנקעטען אויף וועלכע ער האָט אַנטהייל גענומען און קאָרטען — דאָס אַלעס צוזאַמען האָט אָנגעפילט זיין לעבען. אין סך הכל איז אַלזאָ איוואַן איליטש׳ס לעבען ווייטער געגאַנגען ווי עס האָט בעדאַרפט געהן, לויט זיין מיינונג: אַנגענעהם און אַנשטענדיג.

אזוי האָט ער אָבגעלעבט נאָך זיעבען יאָהר. זיין עלטערע טאָכטער איז שוין געוואָרען 16 יאָהר; נאָך אַ קינד איז געשטאָר־בען, און אַ חוץ די מיידעל האָט די פּאָאַר פאָלק געהאַט אַ אינ־געל — אַ גימנאַזיסט, איבער וועלכען ביי זיי פלעגען פאָרקומען

שטענדיגע מחלוקות. איוואַן איליטש האָט איהם געוואָלט אוועק־געבען אין דער יוריספּרודענץ־שוהלע, אָבער איהם אויף להכעים האָט פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונאַ דעם אינגעל אוועקגעגעבען אין גימנאַזיע. די מיידעל האָט מען געבילדעט אין דער היים, און זי האָט זיך גוט געלערענט און איז גוט געוואקסען. דער אינגעל האָט זיך אויך ניט שלעכט געלערענט.

## III

אזוי איז געגאַנגגען איוואַן איליטש'עס לעבען זיעבצעהן יאָהר זינט ער האָט חתונה געהאַט. ער איז שוין פון לאַנג געווען א פּראָקוראָר. איייניגע מאָל האָט מען איהם אָנגעבאָטען אַנדערע שטעלען; ער האָט זיך אָבער אַלץ אָבגעזאָגט, ווייל ער האָט גע־האָפט צו בעקומען א בעסערע שטעלע. דערנאָך, גאָר אונערוואַר־טעטערהייט, האָט זיך געמאַכט אַן אונאַנגענעהמע געשיכטע, וועלכע האָט אויף א געוויסע צייט אין גאַנצען צושטערט די רוהיגקייט פון זיין לעבען. ער האָט זיך געריכט צו בעקומען א שטעלע אַלס געריכטס־פאָרזיצענדער אין א וויכטיגע שטאָדט; אָבער זיינער א חבר, א בעאַמטער מיט'ן נאָמען האָפּפּע, האָט די שטעלע ביי איהם אויסגעכאַפּט. איוואַן איליטש איז אומגעגאַנגגען א צוקאָכ־טער. ער האָט האָפּפּע'ן אויפגעוואָרפען און זיך צוקריעגט מיט איהם — מיט איהם און מיט זיינע עלטסטע. מען איז צו איהם קאַלט געוואָרען, און ווען עס האָט זיך ווידער געמאַכט א בעסערע שטעלע, האָט מען איהם ווידער דורכגעלאָזען.

דאָס האָט פּאַסירט אין יאָהר 1880. דאָס איז געווען דער שווערסטער יאָהר אין איוואַן איליטש'ס לעבען. אין דיעזען יאָהר האָט זיך ארויסגעוויזען ערשטענס, אַז זיין געהאַלט סטאַיעט ניט אויף צום לעבען; צווייטענס, אַז ער האָט ביי אַלעמען פערלאָרען זיין ווערדע, און אַז דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר די גרעסטע און מערדערליכסטע עולה געגען איהם, איז ביי אַלעמען אויסגע־קומען ווי א גאַנץ געוועהנליכע זאַך. אפילו זיין אייגענער פאָטער האָט ניט געהאַלטען פאַר זיין פליכט איהם צו העלפען. ער האָט גענומען פיהלען, אַז אַלע האָבען איהם פאַרלאָזען, אַז מען האַלט

דאָס פאַר אַ גאַנץ נאַטירליכע זאַך, ער זאָל בעקומען ניט מעהר ווי 3,500 רובעל אַ יאָהר. עס קומט אויס, אַז ער דאַרף זיך נאָך פרעהען מיט דעם! נור ער אַליין האָט געוואוסט ווי איהם איז אויפ'ן הארצען, — אַז פון די אַלע אומרעכטען וואָס ער שטעהט אויס, און פון זיין ווייב'ס אייביגע גריזאָטע, און פון די חובות וואָס ער מאַכט, לעבענדיג ניט נאָך די קרעפטען, איז זיין לאַגע שוין גאָר ניט קיין נאַטירליכע זאַך.

אום איינצושפּאָרען געלט, האָט ער אויפ'ן זומער גענומען אָפּרוה און איז מיט דער פאַמיליע אוועקגעפאָהרען צו זיין פרוי'ס ברודער אויפ'ן מאַיאָנטיק.

אויפ'ן מאַיאָנטיק, ניט האָבענדיג וואָס צו טהאָן, האָט איוואַן איליטש גענומען פיהלען ניט נור לאַנגווייליגקייט, נור אַ שרעק־ליכען אומעט און אַראָפּגעפאַלענקייט. ער האָט ביי זיך בעשלאָ־סען, אַז אַזוי לעבען האָט קיין זינן ניט, און אַז מען מוז עפּעס טהאָן פון דער לאַגע אַרויסצוקריכען.

איין מאָל האָט ער פערבראַכט אַ גאַנצע נאַכט אַרומשפּאַ־צירענדיג איבער'ן גאַניק; ער האָט פּראָסט ניט געקענט שלאָפען. אַזוי אַרומגעהענדיג הין און צוריק, איז ער געקומען צום שלוס, אַז ער מוז פאָהרען קיין פּעטערבורג בלאָפּאָטשען, און זיי אויף להכעיס — דאָס הייסט די, וואָס האָבען ניט געוואוסט ווי איהם צו שעצען — איבערצוגעהן אין אַן אַנדער מיניסטעריום.

אויף מאָרגען, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס די ווייב האָט מיט אַלע כוחות געפּרופט איהם אָבריידען דערפון, איז ער אוועק־געפאָהרען קיין פּעטערבורג.

ער האָט געהאַט אין זינן נור איין זאַך: אויסבעטען אַ שטעלע, וואָס זאָל איהם ברייננגען 5,000 רובעל אַ יאָהר. איהם האָט שוין ניט געאַרט אין וועלכער מיניסטערסטוואָ ער וועט דיענען, אָדער וואָס פאַר אַ גייסט די שטעלע וועט האָבען, אַ פּאַרט־געשריטענעם צי ניט, אָדער וואָס פאַר אַ סאָרט אַרבייט ער וועט דאַרפען טהאָן. ער האָט נור געוואוסט איין זאַך — אַז ער דאַרף אַ שטעלע, אַ שטעלע מיט אַ פינף טויזענד־רובעלדיגען געהאַלט, צו

ביי דער רעגיערונג, צו אין אַ באַנק, צו אין דער אייזען־באַהן אַב־טהיילונג, צו אין די אַנשטאַלטען וואָס טראַגען דער קייזערינע׳ס נאָמען, צו גאָר אין דער טאַמאָזשניע, אָבי פינף טויזענד רובעל אַ יאָהר, און ניט אַנדערש ווי אַרויסגעהן פון דער יוסטיץ־מיניס־טערסטוואָ, וואו מען קען איהם ניט אָפּשאַצען.

און דיעזע רייזע זיינע האָט גראַד געהאַט אַ וואונדערבאַרען, גאָר אַן אונערוואַרטעטען ערפאָלג. ווען דער צוג האָט זיך אָבגע־שטעלט אין קורסק, האָט זיך לעבען איהם, אין דעם וואַגאָן פון ערשטען קלאַס, אַוועקגעזעצט פ. ס. איליִן, זיינער אַ בעקאַנ־טער, און דער דאָזיגער איליִן האָט איהם דערצעהלט וועגען אַ טעלעגראַמע וואָס איז נור וואָס אָנגעקומען צו דעם קורסקער גו־בערנאַטאָר, אַז אין דעם יוסטיץ־מיניסטעריום וועט דיעזע טעג פאָרקומען אַן איבערקעהרעניש: אויף פּיאָטר איוואַנאָוויטש׳עס פּלאַץ איז בעשטימט געוואָרען איוואַן סעמיאָנאָוויטש.

אַ חוץ די בעדייטונג וואָס דיעזע איבערקעהרעניש האָט גע־האַט פאַר גאַנץ רוסלאַנד, האָט זי געהאַט אַ ספּעציעלע בעדייטונג פאַר איוואַן איליטש׳ען. דורך די ענדערונג האָט געמוזט איינער אַ פּיאָטר פּעטראָוויטש בעקומען זעהר אַ הויכע שטעלע, און דאָס האָט שוין אויך געהייסען אַז פּיאָטר פּעטראָוויטש׳עס פריינד, זאַכאַר איוואַנאָוויטש וועט בעקומען אַ הויכע שטעלע. דאָס איז פאַר איוואַן איליטש׳ען געווען אַ זעהר פרעהליכע זאַך. וואָרום זאַכאַר איוואַנאָוויטש איז געווען זיינער אַ חבר און אַ גוטער פריינד.

ווען ער איז געקומען נאָך מאָסקווא, איז די נייעס בעשטעטיגט געוואָרען, און ווען ער איז ענדליך געקומען נאָך פּעטערבורג און האָט זיך געזעהן מיט זאַכאַר איוואַנאָוויטש׳ען, האָט יענער איהם פערשפּראָכען אַ זיכערע שטעלע אין דעם זעלבען מיניסטעריום — פון יוסטיץ — וואו ער האָט ביז אַהער געדיענט.

אין אַ וואָך אַרום האָט ער טעלעגראַפירט צו זיין פרוי:

„זאַכאַר אויף מיללער׳ס פּלאַץ. ביי דעם ערשטען בעריכט בעקום איך אַ שטעלע."

צוליעב דעם אַלזאָ, וואָס עס איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין די פערזאָנען אויף די הויכע פּלעצער, אין זיין פריהערדיגען מיניסטעריום, האָט איוואַן איליטש גאָר אונגעריכט בעקומען אזא שטעלע, אז ער איז פּלוצלונג זיינע חברים אריבערגעשפרונגען אויף צוויי גראַדען: פינף טויזענד רובעל געהאַלט און דריי טויזענד פינף הונדערט רובעל אויף רייזע הוצאות. דער פערדרוס, וואָס ער האָט געהאַט אויף זיינע שונאים און אויף דער גאַנצער יוסטיץ־מיניסטערסטוואָ, איז פאַרגעסען געוואָרען; איוואַן איליטש איז געווען גליקליך איבער גליקליך.

איוואַן איליטש האָט זיך אומגעקעהרט אין זיין שוואָגער'ס מאַיאָנטיק א פרעהליכער, א צופריעדענער. איהם איז שוין לאַנג ניט געווען אזוי גוט אויפ'ן הארצען. פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונאַ איז אויך לעבעדיגער געוואָרען, און זיי זיינען געוואָרען פריינדלי־כער איינער צום אַנדערען. איוואַן איליטש האָט דערצעהלט ווי פיין מען האָט איהם אין פעטערבורג אויפגענומען, ווי זיינע פריי־הערדיגע שונאים האָבען זיך געפּוקעט, ווי זיי האָבען זיך איצט צו איהם גע'חנפ'עט, און ווי מען איז איהם מקנא; הויפּטזעכליך האָט ער דערצעהלט ווי אין פעטערבורג האָבען איהם אַלע ליעב.

פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונאַ האָט דאָס צוגעהערט און זיך גע־מאַכט אז זי גלויבט אַלץ וואָס ער זאָגט; זי האָט איהם איצט אין קיין זאַך ניט ווידערשפּראָכען; זי האָט נור געמאַכט פּלענער ווי אזוי זיי וועלען אַלץ צוריכטען אין דער נייער שטאָדט, וואו זיי וועלען זיך איצט באַזעצען. און איוואַן איליטש האָט מיט פרייד באַמערקט, אז איהרע פּלענער שטימען מיט זיינע פּלענער, אז זיי האָבען דיזעלבע מיינונגען, און אז זיין פערשלאָפענער לעבען וועט ווייעדער בעקומען דעם ריכטיגען כאראַקטער; דאָס הייסט, עס וועט ווייעדער געהן אַנגענעהם און אַנשטענדיג, ווי עס דאַרף געהן.

איוואַן איליטש איז צו זיין פאַמיליע געקומען נור אויף א קורצע צייט. דעם 10טען סעפּטעמבער האָט ער שוין בעדארפט אריינטרעטען אין זיין נייעם אמט. א חוץ דעם האָט ער בעדארפט אַלץ צוגרייטען אויפ'ן נייעם פּלאַץ; אריבערפיהרען אהין זייערע

זאכען, צוקויפען און בעשטעלען א סך נייע זאכען. קורץ, ער האָט געהאַט אַליץ צוצוריכטען לויט דעם פּלאַן, וועלכען ער האָט געהאַט אין זינען און וועלכער איז געווען כמעט דער זעלבער פּלאַן, וואָס זיין פרוי האָט געהאַט אין זינען.

איצט, אז עס איז אויסגעקומען אזוי גוט, און אז ער מיט זיין פרוי האָבען זיך אזוי צוזאמענגעטראָפען מיט זייערע פערלאַנגען, און אז זיי האָבען אזוי ווענינ געלעבט צוזאמען, איצט זיינען זיי געוואָרען זעהר פריינדליך איינער צום אנדערען. אזוי פריינדליך זיינען זיי שוין ניט געווען זינט די ערשטע יאָהרען נאָך זייער חתונה. איוואַן איליטש האָט זיין פאַמיליע אויפ'ן נייעם פּלאַץ געוואָלט אוועקפיהרען אויפ'ן שטעל, אָבער זיין שוואָגער און שוועגערין זיינען פּלוצלונג געוואָרען זעלטען גוט צו איהם און צו זיי אלעמען, און זיי האָבען ניט אנדערש געוואָלט אז פּראסקאָוויא פיאָדאָראָוונא מיט די קינדער זאָלען דערווייל נאָך בלייבען ביי זיי; און איוואַן איליטש איז מרוצה געוואָרען און איז פאָרלויפיג אוועקגעפאָהרען אליין.

צוליעב די גוטע שטעלע וואָס ער האָט בעקומען און צוליעב זיינע גוטע בעציהונגען מיט דער פרוי, איז איוואַן איליטש געווען גוט אויפגעלעגט, און איינס האָט געווירקט אויף דאָס אנדערע : די פריינדליכע פערהעלטניסע מיט דער פרוי האָבען פאַרגרעסערט זיין צופריעדענהייט, און זיין צופריעדענהייט האָט פאַרגרעסערט זיין פריינדליכקייט צו דער פרוי. ער איז אלזאָ אוועקגעפאָהרען אין א גוטען געמיטה, און אזוי האָט ער זיך געפיהלט די גאַנצע צייט. ער האָט געפונען אַן אויסגעצייכענטע קוואַרטיר, פּונקט דער סאָרט, וועגען וועלכען ער האָט געטרוימט מיט זיין פרוי : ברייטע, הויכע זאַאלען אויף דעם אַלטען פריצישען שטייגער, א בעקוועמען, גרויסאַרטיגען קאַבינעט פאַר איהם אַליין, צימערען פאַר זיין פרוי און טאָכטער, א קלאַס־צימער פאַר'ן אינגעל — אזוי ווי מען וואָלט דאָס אַליץ אומישנע צוגעטראַכט פאַר זיי. איוואַן איליטש האָט זיך אליין גענומען אַליץ צוריכטען: אליין אויסגעקליבען די שפּאַלירען, צוגעקויפט מעבעל, הויפּטזעכליך אין די פּלע־

צער וואו מען האנדעלט מיט געשמאַקפולע טייערע אַלטוואַרג; צו אַלץ האָט ער צוגעגעבען אַ ספּעציעלען אויסזעהן, ווי ביי לייטען, לויט דעם לעצטען געשמאַק. ער האָט אַליין אויסגעקליבען די מאַטעריע אויף איבערצוציהען די טהייערע אַלטע מעבעל. און אזוי איז אַלץ געוואַקסען און געוואַקסען, און צוגעקומען אַלץ נעהנ־טער צו דעם אידעאַל, וועלכער האָט זיך אויסגעאַרבייט ביי איהם אין גערדאַנקען. ווען די מעבלירונג איז געווען האַלב פאַרטיג, האָט דאָס איהם אויסגעזעהן נאָך בעסער ווי ער האָט ערוואַרט. ער האָט געקענט זעהן אזוי ווי מיט די אויגען דעם שעהנעם, אַריסטאָ־קראַטישען, ניט־וואָכעדיגען פּנים וואָס אַלץ וועט האָבען, ווען עס וועט אין גאַנצען פאַרטיג ווערען. ביי־נאַכט פאַר'ן אַנשלאָפען ווערען, פלעגט ער זיך פאָרשטעלען ווי זיין טאַנץ־זאַל וועט אויס־קוקען, ווען ער וועט זיין אַ געענדיגטער. קוקענדיג אויפ'ן גאַסט־זאַאַל, וועלכער איז נאָך אויך ניט געווען פאַרטיג, האָט ער שוין געזעהן דעם קאַמין, דעם „עקראַן", די עטאַזשערקע, די צוזייטע, צושפּרייטע שטוהלכעלעך, די שעהנע בעציערונגס־טעלער און פאָ־לומעשקעס אויף די ווענט, די בראָנזען — ווען דאָס אַלץ וועט זיך געפינען אויף די ריכטיגע פלעצער. פאַר איהם איז געווען אַ תענוג זיך פאָרצושטעלען וואָס פאַר אַ איבערראַשונג דאָס וועט זיין פאַר זיינע קינדער, פאַר פּאַשאַ און ליזאַ, וועלכע האָבען שוין אַ געשמאַק אין אַזעלכע זאַכען. זיי הויבען אַפילו ניט אָן זיך צו ריכטען אויף אַזאַ דירה. הויפּטזעכליך האָט ער זיך געפרעהט מיט דעם, וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען צו געפינען און איינצור־האַנדלען אַ מציאה פיינע אַלטע זאַכען, וועלכע האָבען דער גאַנצער הויז צוגעגעבען אַ נאָבעלען כאַראַקטער. אין זיינע בריעף האָט ער מיט אַ כיון אַלץ פאָרגעשטעלט ערגער ווי עס איז געווען, כדי ער זאָל דערנאָך קענען איבערראַשען די פרוי און די קינדער. אין דעם אַלעם איז ער אזוי פערטיעפט געווען, אַז אפילו זיין נייע ריכ־טער־שטעלע האָט איהם אינטערעסירט ווייניגער ווי ער האָט ער־וואַרט, כאָטש ער האָט זיין בעשעפטיגונג אימער אזוי געליעבט. אינ'ם געריכט פלעגט ער אַ מאָל זיצען אַ צוטראַגענער. ער פלעגט

זיך פאַרטראַכטען וועגען די קאַרניזען איבער די גאַרדינען, צו זיי זאָלען זיין גלייכע, צו געדרעהטע. ער איז אזוי פאַרטהאָן געוועזען אין דיעזע זאַכען, אז ער האָט אָפט אליין געאַרבייט דערביי, איבערגעשטעלט די מעבעל, אליין איבערגעהאַנגען די גאַרדינען. איין מאָל האָט ער ארויפגעקלעטערט אויף אַ לייטערל צו ווייזען דעם טאָפּעצירער ווי אזוי ער זאָל אויפהיינגען די פּאָרטיערען איבער'ן טהיר; דערביי האָט ער זיך אַ גליטש געטהאָן און איז אראָפּגעפאַלען. ער איז אָבער געוועזען אַ שטאַרקער און פלינקער יונג, האָט ער זיך גלייך אַ בויג געטהאָן צוריק, און איז געבליבען שטעהן. נור מיט אַ זייט האָט ער זיך אַ זעץ געטהאָן אָן הענטעל פון טהיר. פון דעם קלאַפּ האָט איהם אַביסעל וועה געטהאָן; עס האָט אָבער באַלד אויפגעהערט. איוואַן איליטש האָט די גאַנצע צייט געפיהלט זעלטען גוט אויפגעלעגט און געזונט. ער האָט צו זיין פרוי געשריעבען: „איך פיהל זיך אזוי ווי איך וואָלט פלוצלונג געוואָרען אויף פופצעהן יאָהר אינגער.” ער האָט געמיינט אז אַלץ וועט פאַרטיג ווערען אין סעפּטעמבער, עס האָט זיך אָבער פאַרצויגען ביז'ן מיטען אָקטאָבער. דערפאַר אָבער איז געוועזען וואָס אָנצוקוקען. ניט נור ער אליין האָט אזוי געזאָגט; אַלע וואָס האָבען זיין וואָהנונג געזעהן, האָבען געקוואָלען קוקענדיג.

אין אמת'ן אָבער איז געוועזען דאָס זעלבע וואָס מען זעהט ביי אַלע ניט־זעהר רייכע מענשען, וועלכע ווילען זיין עהנליך צו רייכע, און וועלכע זיינען דעריבער בלויז עהנליך איינער צום אַנדערען. זיידענע שטאָפען איבער די מעבעל, שוואַרצע האָלץ, קווייטען, קאַווייאָרען, בראָנזענע פיגורען, דונקעלע און בליסטשענדע — הכלל, אַלע יענע זאַכען וואָס אַלע מענשען פון אַ געוויסען קלאַס קויפען און טהוען אום צו זיין עהנליך צו אַלע מענשען פון אַ געוויסען קלאַס. און ביי איהם איז געוועזען אַזוי שטאַרק עהנליך צו די דירות פון אַנדערע פאַמיליען, אז עס איז פראָסט ניט געוועזען וואָס זאָל ציהען די קלענסטע אויפמערקזאַמקייט. אָבער איהם האָט זיך געדוכט, אז עס האָט אַ בעזונדערען פנים, גאָר ניט ווי ביי אַלעמען. ווען ער האָט זיין פרוי און קינדער אָבגענומען פון וואָקזאַל און זיי

געבראַכט אויף דער נייער, בעלויכטענער קוואַרטיר, און דער לאַקיי, אין אַ ווייסען האַלזטוך, האָט פאַר זיי געעפענט די טהיר, און זיי זיינען אריינגעקומען אין דעם פאָרצימער, וועלכער איז געווען בע־פוצט מיט בלומען, און דערנאָך זיינען זיי אריין אין דעם גאַסט־זאַאל און אינ'ם קאַבינעט, און זיי האָבען אַזש אַ געשריי געטהאָן פון איבערראַשונג און נחת, — קוקענדיג אויף אַלץ, איז ער געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל. ער האָט זיי אַרומגעפיהרט, געשלונגען זייער לויב און געשיינט פאַר תענוג. דעם זעלבען אבענד, ווען פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט אַגב אורחא אַ פרעג געטהאָן, ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז ער איז געפאַלען, האָט ער זיך צולאַכט, און פאָרגעשטעלט ווי אין אַ טהעאַטער, ווי ער איז אַראָפּגעפאַלען פון לייטערעל און ווי דער טאַפּיצירער האָט זיך איבערגעשראָקען.

„ניט אומזיסט קען איך גימנאַסטיקע" — האָט ער גע־זאָגט — „אַן אַנדערער וואָלט אפשר גע'הרג'עט געוואָרען, און איך האָב זיך בלויז אַ קליינעם זעץ געטהאָן, אָט דאָ אַ! אַז מען ריהרט עס אָן, טהוט וועה; אָבער עס געהט שוין אָפּ. אַ סינאַק, ווייטער גאָר נישט."

זיי האָבען זיך אַלזאָ באַזעצט אויף זייער נייער דירה. ווען זיי האָבען זיך שוין צו איהר צוגעוואָהנט, האָט זיך אַרויסגע־צייגט—ווי דאָס טרעפט אימער—אַז, ווען זיי וואָלטען געהאַט נאָך איין צימער וואָלט שוין געווען גאָר גוט. און מיט'ן געלט איז אויך געווען דאָס זעלבע: עס האָט זיי געפעהלט אַ קלייניגקייט, ניט מעהר ווי אַ 500 רובעל אַ יאָהר. אָבער אַזוי איז אויך געווען נישקשה. איבערהויפּט איז געווען גוט די ערשטע צייט, ווען עס איז נאָך ניט אַלץ געווען צוגעריכט, און מען האָט נאָך געדאַרפט צוריכטען: דאָס קויפען, יענעס לאָזען מאַכען; דאָס איבער־שטעלען, יענעס איינאָרדנען. איוואַן איליטש און זיין פרוי האָבען ניט וועגען אַלץ געהאַט די זעלבע מיינונג, און ניט אימער איז דאָס ביי זיי אָבגעגאַנגען גאָר גלאַט; זיי זיינען אָבער געווען אַזוי צו־פריעדען, און עס איז געווען אַזוי פיעל אַרבייט, אַז צו קיין גרוי־סע קריעגערייי איז ביי זיי קיין מאָל ניט געקומען. ווען עס איז

שוין מעהר ניט געוועזן וואָס צוצוריכטען, איז זיי געוואָרען לאַנג־ווייליגלעך, און עס האָט אָנגעהויבען זיי עפּעס צו פעהלען; עס האָט זיך גענומען פיהלען אַ מין פוסטקייט אין זייער לעבען. אָבער דאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סדרה פון נייע בעקאַנטשאַפטען מיט נייע געוואוינהייטען און די פוסטקייט איז ווידער אויסגעפילט געוואָרען.

דעם ערשטען האַלבען טאָג פלעגט איוואַן איליטש פערברייננגען אין געריכט און צו מיטאָג פלעגט ער קומען אַהיים. די ערשטע צייט פלעגט ער זיין גוט אויפגעלעגט, כאָטש ער האָט אָפט געהאַט שברת לב פון דער דירה גופא. (ווען ער פלעגט באַמערקען אַ שפּרינקעלע, אָדער ער פלעגט דערזעהן אַן אָבגעריסענעם שנירעל אויף אַ גאַרדין פלעגט ער זיך שטאַרק ערגערען פון דעם. ער האָט אויף דעם אַוועקגעלייגט אַזוי פיעל כחות, אַז דער קלענסטער שאָדען האָט איהם פערשאַפט האַרץ־וועהטאָג). אַזוי אָבער איז זיין לעבען זיך געגאַנגען פּונקט ווי נאָך זיין מיינונג האָט עס בעדאַרפט געהן: לייכט, אַנגענעהם און אַנשטענדיג. ער איז אַלע טאָג אויפגעשטאַנען 9 אוהר, געטרונקען קאַווע, און דורכגעקוקט די צייטונג; דערנאָך פלעגט ער אָנטהאָן זיין מונדיר און פאָהרען אין געריכט. דאָרטען פלעגט ער זיך איינשפּאַנען אין דעם „כאָמוט", אין וועלכען ער האָט געאַרבייט. דער כאָמוט פלעגט אויפ'ן שטעל, פון זיך אַליין, זיך אָנטהאָן אויף זיין האַלז. דאָ זיינען געקומען מענשען מיט ביטעס; דאָ האָט מען געדאַרפט מאַכען אַן אונטערזוכונג אין דער קאַנצעליאַריע, דאָ זעהן וועגען דער קאַנצעליאַריע גופא. היינט די זיצונגען, די עפענטליכע און די געשעפטס־זיצונגען. פון דאָס אַלעם האָט מען געדאַרפט וויסען ווי אַזוי אויסצושליסען אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו געוועהנליכע מענשליכע געפיהלען און וואָס קען שטערען צו דעם רעגעלמעסיגען גאַנג פון אָפיציעלע אַנגעלעגענהייטען. קיין אַנדערע פערהעלטניסע ווי אָפיציעלע טאָר מען דאָרטען מיט מענשען ניט האָבען. אימיצער קומט צו איינך, למשל, מיט אַ פראַגע. אַלס אַ פּריוואַטער מענש קען איוואַן איליטש מיט אַזאַ פערזאָן קיין שום

שייכות ניט האָבען. אויב אָבער דער וואָס איז געקומען מיט דער פראגע האָט צו איהם, אלס ריכטער, אזא סאָרט שייכות, וועלכע קען אויסגעדריקט ווערען אויף א בויגען פאפיער, וואָס האָט אויף זיך א קאזיאָנעם איבערשריפט, דאַן וועט איוואַן איליטש — אויף ווי ווייט דיעזע שייכות געהט — פאר'ן פראגע־שטעלער טהאָן אלץ וואָס ער קען; ער וועט דערביי זאָגאר ארויסווייזען דאָס וואָס האָט אן אָנבליק פון פריינדליכקייט; נעמליך, ער וועט איהם ארויסווייזען העפליכקייט. ווי אָבער עס ענדיגען זיך די קאזיאָנע פערהעלטניסע, אזוי ענדיגט זיך אויך יעדע אנדערע פערהעלטניס צווישען זיי. ווי אזוי אָבצוטהיילען זיין קאזיאָנעם לעבען און איהם ניט צוזאַמענצומישען מיט זיין אמת'ן לעבען, אלס מענש — דאָס האָט איוואַן איליטש געוואוסט אויסגעצייכענט. און דורך לאנג־יעהריגער פראקטיק און א ספעציעלען טאלאנט וואָס ער האָט געהאַט צו דיעזע זאכען, האָט ער דיעזע קענטניס אזוי אויסגעארבייט, אז א מאָל פלעגט ער זיך ערלויבען, אזוי ווי אויף שפאַס, צוזאַמענצומישען די מענשליכע פערהעלטניסע מיט די קאזיאָנע פערהעלטניסע. ער האָט דאָס ניט מורא געהאַט צו טהאָן, ווייל ער האָט געפיהלט, אז ווען נור מען וועט דארפען וועט ער צו יעדער צייט האָבען די קראַפט אוועקצוואַרפען די מענשליכע און ווידער שטריינג אָפּהיטען די קאזיאָנע. דאָס איז ביי איהם געגאַנגען ניט נור לייכט, אנגענעהם, און אנשטענדיג, נור זאָגאר אויף א קינסטלערישען שטייגער. צווישען זיינע ארבייטס־שטונדען פלעגט ער רויכערען, טרינקען טהעע, שמועסען אביסעל וועגען פּאָליטיק, אביסעל וועגען אלגעמיינע זאכען, אביסעל וועגען קאָרטען, און מעהר פון אלץ וועגען די נייע ריכטער וואָס זיינען אָנגעקומען אויף אזא אָדער אזא פּלאַץ, וועמען מען וועט געבען די שטעלע, וועמען יענע שטעלע. און ווען זיין ארבייט איז געווען גענדיגט, א מיעדער, אָבער פיהלענדיג זיך ווי א גוטער מוזיקער, וועלכער האָט אויסגעצייכענט ערפילט זיין פליכט אינ'ם אָרקעסטער וואו ער שפּיעלט איינע פון די ערשטע פיעדלען — פלעגט ער געהן אהיים. אין דער היים פלעגט ער געפינען, אז

די פרוי מיט דער טאָכטער זיינען אוועקגעפאָהרען ערגעץ־וואו, אָדער אז צו זיי איז אימיצער געקומען. דער זוהן איז געגאַנגען אין גימנאַזיע און מען האָט פאַר איהם געהאַלטען פּריוואַט לעהרער אויך. ער האָט זיך געלערנט ווי עס בעדאַרף צו זיין, דער אינגעל. אַלץ איז געגאַנגען כשורה. נאָכ'ן עסען, אויב עס זיינען ניט געוועזען קיין געסט, פלעגט איוואַן איליטש לעזען א בוך, אַזא בוך, וועגען וועלכען אַלע האָבען דאַן גערעדט, און אין אָבענד פלעגט ער זיך נעהמען פאַר זיינע פּראָצעסען, לעזען זיינע אָפיציעלע פּאַפּיערען, אריינקוקען אין די געזעצע, פערגלייכען דאָס וואָס די פערשיעדענע עדות האָבען געזאָגט, צופּאַסען אַלץ צו דעם געזעץ.

ביי דיעזער ארבייט איז איהם ניט געווען פרעהליך, ניט לאַנגווייליג; אויב עס איז איהם יא לאַנגווייליג געוואָרען, האָט מען געקענט שפּיעלען א קערטעל, און אויב עס איז ניט געווען מיט וועמען, איז יעדענפאַלס געווען בעסער זיך שווין פּאָרען איבער פּאַפּיערען און געזעץ־ביכער איידער גאָר ניט צו טהאָן און זיצען איינער אַליין אָדער מיט דער פרוי. פיעל פערגעניגען האָט איוואַן איליטש געהאַט, ווען מען האָט אין שטוב געגעבען א וועטשערע פאַר א קליינער קאָמפּאַניע פון דער העכערער געזעלשאַפט, און ער האָט מיט זיי פערבראַכט די צייט, ווי אַלע מענשען פון זיין שטאַנד פערברענגען געוועהנליך די צייט, פּונקט ווי זיין זאַאַל איז געווען צוגעגרייט אַזוי ווי אַלע זאַאַלען זיינען צוגעגרייט.

איין מאָל האָבען זיי געגעבען אַן „אָבענד" מיט טענץ. איוואַן איליטש'ען איז געווען פרעהליך, און אַלץ איז געווען גוט. מעהר ניט וואָס צווישען איהם און זיין פרוי איז ארויסגעקומען א גרויסע קריעג איבער די טאָרטען און די צוקערקעס. פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונא האָט וועגען דעם געהאַט אַן אַנדער פּלאַן; אָבער איוואַן איליטש האָט ניט אַנדערש געוואָלט אַז מען זאָל אַלץ נעהמען אין א טייערע צוקערניע. ער האָט בעשטעלט צופיעל טאָרטען; אַלזאָ, האָבען זיי זיך צוקריעגט צוליעב דעם, וואָס א סך איז איבערגעבליבען, און דעם צוקערניק'ס רעכענונג האָט בעטראָפען 45 רובעל. די קריעג איז געווען א גרויסע און א מיאוס'ע.

פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט געזאָגט אַז ער איז „אַ גולם און אַ קוואַטש", און ער האָט זיך געכאַפּט פאַר'ן קאָפּ און פאַר כעס האָבען זיך ביי איהם אַרויסגעכאַפּט ווערטער עפּעס וועגען גט'ן זיך. אָבער דער אָבענד גופא איז געווען אַ פרעהליכער: די העכס־טע געזעלשאַפט איז ביי זיי געווען, און איוואַן איליטש האָט געטאַנצט מיט דער קנאַגיניע*) טרופּאָנאָוו, די שוועסטער פון דער וואָס איז בעריהמט אַלס גרינדערין פון דער געזעלשאַפט מיט'ן נאָמען „טראָג אַוועק מיין קומער".

דער פערגניגען וואס איוואַן איליטש האָט געהאַט פון זיין ריכטער־שטעלע איז געווען אַ פערגניגען פון זעלבסט־ליעבע; דער פערגניגען וואָס ער האָט געהאַט אין געזעלשאַפט, איז געווען אַ פערגניגען פון עהרגייץ (אַלס ריכטער האָט ער הנאה געהאַט פון זיין מאַכט; אין געזעלשאַפט האָט ער הנאה געהאַט פון דעם כבוד וואָס פאַר איהם איז געווען צו פערברענגען מיט אַריסטאָקראַטישע מענשען); אמת'ען פערגניגען האָט ער געהאַט פון שפּיעלען אין קאָרטען. ער פלעגט אַליין זאָגען, אַז נאָך אַלעמען איז דאָס געווען זיין גרעסטער תענוג; אַז וואס פאַר אַן אונאַנגענעהמע פּאַסירונג עס זאָל זיך איהם ניט מאַ־כען, ווען ער הויבט אָן צו שפּיעלען, פערגעסט ער אָן אַלע צרות; אַז דער איינציגער פערגניגען וועלכער שיינט ווי אַ ליכט איבער אַלע זיינע אַנדערע פערגניגענס איז זיך צו זיצען ביי אַ קערטעל מיט גוטע שפּיעלערס און מיט פּאַרטנערס וואָס שרייען ניט. ער פלעגט שפּיעלען „ווינט", און ער פלעגט בלויז ליעב האָבען צו שפּיעלען זאַלבע פערט (זאַלבע פינפט האָט ער פיינט געהאַט, כאָטש ער פלעגט זיך מאַכען, אַז ער האָט הנאה). ער האָט ליעב געהאַט צו שפּיעלען מיט שכל און מיט ערנסטקייט (ווען עס מאַ־כען זיך נור גוטע קאָרטען), און דערנאָך צו עסען וועטשערע און פערטרינקען מיט אַ גלאָז וויין. נאָך אַזאַ שפּיעלען, הויפּטזעכליך ווען ער האָט געוואונען אַביסעל (געווינען אַ גרויסע סומע איז איהם

---

*) פירסטין.

געוועזן אונאַנגענעהם), פלעגט איוואַן איליטש געהן שלאָפען אין זעהר אַ גוטען געמיטה.

אזוי האָבען זיי זיך געלעבט. ביי זיי איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען די בעסטע בעקאַנטשאַפט. צו זיי זיינען אַריינגעגאַנגען וואַזשנע מענשען און שעהנע יונגע לייט.

וועגען דעם סאָרט בעקאַנטשאַפט וואָס זיי דאַרפען שליסען האָ־בען זיי אַלע — דער מאַן, די פרוי און די טאָכטער — געהאַט די זעל־בע מיינונג. גאָר ניט צוזאַמען־גערעדט־ערהייט האָבען זיי זיך ביס־לעך־ווייז אַרויסגעדרעהט פון אַלערליי ניט קיין־וואַזשנע פריינד און קרובים, וואָס זיינען געקראָכען צו זיי אין זאַאַל מיט בעגיים־טערטע רייד און חניפות. דיעזע אונגעווינשטע פריינד האָבען באַלד אויפגעהערט צו קומען און ביי דער גאָלאָווין פאַמיליע איז נור געבליבען די שעהנסטע געזעלשאַפט. די יונגע לייט האָבען אַרומגעפּאַדעט אַרום ליזאַ'ן און דער סלעדיוואַטעל פּעטריסטשעוו, דמיטרי איוואַנאָוויטש פּעטריסטשעוו'ס זוהן און דער איינציגער יורש פון זיין גאַנצען פערמעגען, האָט אָנגעפאַנגען איהר צו ווייזען אויפמערקזאַמקייט; איוואַן איליטש האָט וועגען דעם אָפּט גערעדט מיט פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ; זיי האָבען שוין זאָגאַר געטראַכט וועגען מאַכען אַז דאָס פּאָרעלע זאָלען האָבען אַ הולאַנ־קע אויף אַ טראָיקע, אָדער אפשר גאָר מאַכען אַ היימישע טהעאַ־טער פאָרשטעלונג, אין וועלכע זיי זאָלען ביידע אַנטייל נעהמען?

אזוי איז אַלץ געגאַנגען, אָהן ענדערונגען, אַלץ ווי עס בעדאַרף צו זיין.

## IV

אַלע זיינען געווען געזונט. מען האָט דאָך ניט געקענט זאָ־גען, אז איוואן איליטש איז ניט געזונט, ווייל ער פיהלט א מאָל א מאָדנעם טעם אין מויל און אין דער לינקער זייט פון בויך איז ביי איהם עפּעס ניט ווי געהעריג איז.

אָבער דיעזער אוננאַטירליכער געפיהל האָט גענומען וואַק־סען און פערוואַנדעלט ווערען — פאָרלויפיג נאָך ניט אין א ווערה־טאָג — נור עפּעס אַזוי ווי אין א שטענדיגע משא אין זייט און א שלעכטען געמיטה. דיעזער שלעכטער געמיטה זיינער איז גע־וואָרען, אַלץ ערגער און ערגער און האָט אָנגעהויבען צו שטערען דעם אנגענעהמען, לייכטען און אנשטענדיגען לעבען, וועלכער האָט זיך געהאַט איינגעסטאַלירט ביי דער פאַמיליע. צווישען מאַן און ווייב האָבען זיך אַלץ עפטער געמאַכט קריעג. באַלד איז פער־שוואונדען די אנגענעהמקייט און די לייכטקייט און קוים קוים וואָס עס האָט זיך געהאַלטען די אנשטענדיגקייט. סקאַנדאַלען זיי־נען פאָרגעקומען אַלץ עפטער. וויעדער זיינען געבליבען בלויז קליינינקע אינזעלעך, אויף וועלכע מאַן און ווייב האָבען געקענט זיך צוזאַמענקומען אָהן רייסעריי. פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָווגא האָט ניט אָהן א גרונד זיך בעקלאָגט, אז איהר מאַן האָט א שווערען כאַראַקטער. איבערטרייבענדיג, ווי געוועהנליך, פלעגט זי זאָגען אז ער האָט אַלע מאָל געהאַט א שלעכטען כאַראַקטער, און אז וועו ניט איהר גוטסקייט וואָלט איהר ניט מעגליך געווען דאָס אויסצוהאַלטען צוואַנציג יאָהר. און דער אמת איז, אז די קריעג פלעגען זיך איצט אָנפאַנגען טאַקי פון איהם. געוועהנליך פלעגט ער זיך נעהמען טשעפּען ביי׳ן געהן צום טיש, און אָפט אָט טאַקי

דאַן, ווען ער פלעגט אָנהויבען צו עסען, ביי דער זופּ. דאָ האָט ער בעמערקט אַז עפּעס אַ געשיר איז אָבגעסטשערבעט, דאָ האָט דאָס עסען איהם ניט געשמעקט, דאָ האָט דער זוהן אַרויפגעלעגט די אַרבעל אויפ'ן טיש, דאָ איז איהם ניט געפעהלען געוואָרען ווי ביי דער טאָכטער איז די האָר פאַרקעמט; און אין אַלץ האָט ער בעשולדיגט פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ'ן. צוערשט פלעגט זי איהם אָבענטפערען מיט שטעך־ווערטער. אָבער אַ פּאָר מאָל איז ער ביים אָנפאַנג עסען שוין גאָר געוואָרען ווילד פון כעס, און זי האָט פערשטאַנען אַז דער כעס איז ניט קיין נאַטירליכער. זי האָט פערשטאַנען, אַז דער אָנהויב עסען ברייגגט איהם אימער אריין אין אַ קראַנקען צושטאַנד. זי האָט שוין מעהר ניט אָפּגע־ענטפערט. זי האָט נור צוגעאיילט דאָס עסען. דאָס, וואָס זי האָט זיך איינגעהאַלטען און ניט אָפּגעענטפערט, האָט זי געהאַל־טען פאַר אַ זעלטענע פיינקייט פון איהר זייט. זי האָט גע'פּסק'נט, אַז איהר מאַן האָט אַ שרעקליכען כאַראַקטער, און אַז ער האָט איהר לעבען אונגליקליך געמאַכט, און זי האָט אָנגעהויבען אויף זיך רחמנות צו האָבען. און וואָס מעהר זי האָט אויף זיך רחמנות געהאַט, אַלץ מעהר האָט זי פיינט געהאַט איהר מאַן. האָט זי גענומען ווינשען אַז ער זאָל שטאַרבען; אָבער דאָס האָט זי ניט געקענט ווינשען, וואָרים, ווען ער וואָלט געשטאָרבען, וואָלט דאָך שוין מעהר ניט געווען קיין געהאַלט. און פון דעם איז זי נאָך מעהר אויפגעבראַכט געוואָרען אויף איהם. זי האָט זיך געפיהלט זעהר אונגליקליך — אָט טאַקי פון דעם, וואָס אפילו זיין טויט קען פאַר איהר קיין פאַרגרינגערונג ניט זיין; און זי פלעגט זיך קאָכען און דאָס פאַרבאָרגען, און איהר פאַרבאָרגענע קאָכעניש פלעגט פאַרגרעסערען זיין קאָכעניש.

איין מאָל, נאָך אַ סקאַנדאַל, אין וועלכען איוואַן איליטש איז געווען שוין גאָר אונגערעכט, האָט ער ערקלערט אַז ער איז טאַקי נערוועז, אַז דאָס איז ווייל ער איז ניט געזונט; זי האָט געענט־פערט, אַז אויב ער איז ניט געזונט, דאַרף ער זיך קורירען, און זי האָט איהם געהייסען אַריבערפאָהרען צו אַ בעריהמטען דאָקטאָר.

ער האָט אַזוי געטהאָן. עס איז געוועזן פּונקט ווי ער האָט ער־וואַרטעט. עס איז געווען ווי עס איז אימער, ווען מען קומט צו אַ דאָקטאָר: די וואַרטענעש, די געמאַכטע דאָקטאָרשע וואַזשנעקייט, וועלכע איז איהם אַזוי גוט בעקאַנט געווען, אָט די וואַזשנעקייט, ווי ער אַליין מאַכט בשעת ער זיצט אין געריכט; און דאָס טאַפּען, דאָס קלאַפּען, דאָס צוהערען זיך, און די פראַגען, אויף וועלכע דער פּאַציענט דאַרף געבען פאָראויס־בעשטימטע און, דאַכט זיך, גאַנץ אוננויטיגע אַנטוואָרטען, און דער טיעף־זיניגער קוק, וועלכער זאָגט צו אייך: „איהר דאַרפט מיר פאָלגען; מען וועט שוין אַלץ צור־רעכט מאַכען — מיר ווייסען שוין; ביי אונז ווייס מען ניט פון קיין צווייפלען, ווי אַזוי מען דאַרף דאָס צורעכט מאַכען; ביי אונז געהט דאָס אַלץ אויפ'ן זעלבען שטייגער פאַר יעדען מענשען, פאַר וועמען איהר ווילט נור.‟ פּונקט ווי אויפ'ן געריכט. ס'זאָל גאָר פעהלען אַ האָר! פּונקט ווי ער, איוואַן איליטש, מאַכט אַ פוריע פאַר די בעשולדיגטע, וואָס ער משפּט, פּונקט אַזוי האָט דער דאָק־טאָר געמאַכט אַ פוריע פאַר איהם, דעם זעלבען סאָרט פוריע.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז דאָס־און־דאָס ווייזט אַז אינ־וועניג איז ביי אייך דאָס־און־דאָס; זאויב אָבער אַ אונטערזוכונג וועט ניט בעשטעטיגען, אַז איהר האָט דאָס־און־דאָס, וועט מען מוז־זען רעכענען, אַז איהר האָט גאָר דאָס־און־דאָס; און אויב מען זאָל רעכענען, אַז איהר האָט דאָס־און־דאָס, דאַן — און אַזוי ווייטער. פאַר איוואַן איליטש'ן איז וויכטיג געווען איין פראַגע: צי איז זיין לאַגע אַ געפעהרליכע צי ניט? ביי דעם דאָקטאָר אָבער האָט דיעזע פראַגע ניט געהאַט קיין שייכות צום ענין און ער האָט מיט איהר זיך ניט פאַרנומען. פון דעם דאָקטאָר'ס שטאַנדפּונקט איז דאָס געווען אַ פּוסטע פראַגע און איהר איז ניט געווען וואָס צו בעטראַכטען. בעטראַכטען און פערגלייכען דאַרף מען בלויז די פערשיעדענע מעגליכקייטען. איז מעגליך אַז ביי איהם איז לויז געוואָרען איינער פון זיינע נירען? איז מעהר מעגליך אַז ער האָט איז ביי איהם קראַנק? די פראַגע וועגען איוואַן איליטש'עס לעַ־אַ כראָנישען קאַטאַר? איז מעהר מעגליך אַז די בלינדע קישקע

בען האָט דעם דאָקטאָר ניט אַנגעהויבען צו אינטערעסירען. פאַר איהם האָט נור עקזיסטירט די פראַגע צווישען אַ לויזען ניר און אַ קראַנקע בלינדע קישקע. דיעזע פראַגע האָט דער דאָקטאָר אויף אַ זעהר פעהיגען אופן גע׳פסק׳נט צו גונסטען פון דער בלינדער קישקע, און דערביי האָט ער זיך בעוואָרענט מיט אַ באַמערקונג, אַז ער מוז אונטערזוכען די השתנה, און אַז דאַן וועט מען אפשר געפינען נייע בעווייזע ווער עס איז דער פערברעכער, צי טאַקי די בלינדע קישקע צי ניט. און אַלץ איז געווען פונקט ווי דאָס, וואָס איוואַן איליטש האָט דורכגעמאַכט טויזענד מאָל מיט די מענשען, וועלכע ער האָט גע׳משפט אין געריכט. ער האָט אויך אויף אַ פעהיגען, גלענצענדען שטייגער בעשטימט וואו די שולד ליגט. פונקט אויף אַזאַ גלענצענדען שטייגער האָט דער דאָקטאָר איצט גערדונגען, געצויגען זיין שלום, און מיט אַ מינע פון איינעם וואָס האָט געטראָפען אַ שווערע רעטעניש, מיט אַ פרעהליכען בליק זאָגאַר, האָט דער דאָקטאָר איבער זיינע ברילען אַ קוק געטהאָן אויף דעם „בעשולדיגטען”, וואָס איז דאָ פאַר איהם געשטאַנען. פון דעם דאָקטאָר׳ס סך־הכל האָט איוואַן איליטש גערדונגען, אַז עס האַלט שמאָל, אַז דעם דאָקטאָר און אפשר אַלעמען, אַרט דאָס ניט, אָבער אַז מיט איהם, מיט איוואַן איליטש׳ען האַלט עס שמאָל. דיעזער שלום האָט אויף איוואַן איליטש׳ען געמאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק, עס האָט אין איהם ערוועקט אַ גרויסען רחמנות אויף זיך אַליין און אַ גרויסען האַס צו דעם דאָקטאָר, פאַר וואָס ער איז אַזוי גלייכגילטיג צו אַזאַ ערנסטע פראַגע.

וועגען דעם האָט ער אָבער ניט גערעדט. ער איז נור אויפגע־שטאַנען, אַוועקגעלעגט דאָס געלט אויפ׳ן טיש, אַ זיפץ געטהאָן און געזאָגט: „מיר, פאַציענטען, שטעלען אייך מסתמא אָפט נאַרישע פראַגען. אין אַלגעמיין ריידענדיג, איז דאָס אַ געפעהרליכע קראַנק־הייט אָדער ניט?”

דער דאָקטאָר האָט אויף איהם אַ שטרענגען קוק געטהאָן איבער די ברילען, מיט איין אויג, פונקט ווי ער וואָלט צו איהם געזאָגט: „בעשולדיגטער! אויב איהר וועט ניט ענטפערען נור

אויף די פראַגען וואָס מען שטעלט אייך, וועל איך געצוואונגען זיין צו הייסען אייך אַרויספיהרען פון דעם געריכטס־זאַל.״

— איך האָב אייך שוין געזאָגט דאָס וואָס איך האַלט פאַר נויטיג און בעקוועהם אייך צו זאָגען — האָט דער דאָקטאָר גע־ענטפערט מיט ווערטער — ווייטער וועט מען זעהן וואָס די אונ־טערזוכונג וועט ווייזען. — און דער דאָקטאָר האָט זיך גענייגט.

איוואַן איליטש איז אַרויסגעגאַנגען לאַנגזאַם; מיט אַן אוּ־מעדיגען פּנים האָט ער זיך געזעצט אין זיין שליטען און איז אַוועק־געפאָהרען אַהיים. דעם גאַנצען וועג האָט ער ניט אויפגעהערט איבערצוזיפען דאָס וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט; ער האָט זיך געסטאַרעט זיינע פאַרפּלאָנטערטע וויסענשאַפטליכע רייד איבער־צוזעצען אויף אַן איינפאַכע שפּראַך און צו געפינען אין זיי אַן אַנטוואָרט אויף דער פראַגע: „בין איך זעהר קראַנק, אָדער עס איז נאָך ניט געפעהרליך?״ און איהם האָט זיך געדוכט אַז דער פּשט פון אַלץ וואָס דער דאָקטאָר האָט איהם געזאָגט איז, אַז ער איז זעהר קראַנק. אויפ׳ן גאַס האָט יעדע זאַך אויסגעזעהן טרויעריג. די איזוואָשטשיקעס זיינען געווען טרויעריג, די הייזער זיינען גע־ווען טרויעריג, די פאַרבייגעהער, די קראָמען זיינען געווען טרויע־ריג. און צוליעב דעם דאָקטאָר׳ס ווערטער, וועלכע ער האָט ניט פערשטאַנען, האָט זיין וועהטאָג, דער טעמפּער טאָטשענדער וועה־טאָג, בעקומען גאָר אַן אַנדערע, אַן ערנסטערע בעדייטונג. איוואַן איליטש האָט זיך צו דיעזען וועהטאָג צוגעהערט מיט אַ שווערען געפיהל.

ער איז געקומען אַהיים און אָנגעהויבען דערצעהלען זיין פרוי. די פרוי האָט צוגעהערט, אָבער אין מיטען דערינען איז אַריינגע־קומען זייער טאָכטער מיט איהר הוט אויפ׳ן קאָפּ. זי און די מוטער האָבען זיך געגרייט צו פאָהרען ערגעץ־וואו. זי האָט זיך איבער־געוואָלד אַניערגעזעצט צו הערען דעם פאָטער׳ס לאַנג־וויילינען בעריכט. זי האָט אָבער ניט געקענט איינזיצען; און די פרוי האָט איהם אויך ניט אויסגעהערט ביז׳ן סוף.

—נו, איך האָב געזאָגט זאָלסט געהן צום דאָקטאָר! — האָט

די פרוי איהם איבערגעשלאָגען די רייד — היט נור אָפּ צו נעהמען די רפואות. גיב מיר דעם רעצעפּט, איך'ל שיקען געראַסים'ען אין אפטייק. — און זי איז געגאַנגען זיך אָנטהאָן.

ער האָט ניט אָבגעצויגען דעם אָטהעם ביז זי איז ארויס פון צימער; און ווען זי איז ארויס, האָט ער אַ שווערען זיפץ געטהאָן.

„ווער וויים ? אפשר איז נאָך דערוויילע טאקי גאָר נישט", — האָט ער זיך געקלעהרט.

ער האָט אָנגעהויבען צו נעהמען די רפואות, צו טהאָן וואָס דער דאָקטאָר האָט איהם געהייסען, נאָכדעם ווי דער דאָקטאָר האָט אונטערזוכט די השתנה, האָט ער זיין בעפעהל געענדערט. איוואַן איליטש האָט אַלץ געפאָלגט; אָבער אין דיעזער אונטערזוכונג און אין דעם, וואָס האָט געזאָלט זיין דערנאָך, איז ארויסגעקומען אַ פּלאָנטער. צום דאָקטאָר גופא האָט מען ניט געקענט צוקומען, און עפּעס איז ניט ארויסגעקומען ווי דער דאָקטאָר האָט איהם געזאָגט — ענטוועדער ער האָט פאַרגעסען, אָדער ער האָט איהם געזאָגט אַ ליגען, אָדער עפּעס פאַרבאָרגען פון איהם.

ווי די מעשה איז, איוואַן איליטש האָט אָנגעהויבען פּינקטליך צו פאָלגען די נייע בעפעהלע, און אין דיעזען פאָלגען האָט ער די ערשטע צייט געפונען אַ טרייסט.

זינט ער האָט געזעהן דעם דאָקטאָר איז זיין הויפּט-בעשעפטיגונג בעשטאַנען אין דעם, זואָס ער האָט אָבגעהיט צו טהאָן ווי דער דאָקטאָר האָט געהייסען, וואָס צו עסען, וואָס ניט צו עסען, וואָס צו טהאָן און וואָס ניט, וועלכע רפואות צו נעהמען. און ווען צו נעהמען. אין דעם און אין צוהערען זיך צו זיין וועהטאָג, און אין אַכטונג געבען אויף אַלע בעדערפעניסען פון זיין קערפּער איז איצט בעשטאַנען זיין וויכטיגסטע בעשעפטיגונג. זיין גרעסטער אינטערעס איז איצט געווען מענשליכע קראַנקהייטען און די מענשליכע געזונדהייט. ווען ער האָט געהערט רעדענדיג וועגען קראַנקע, וועגען אַזעלכע וואָס זיינען געשטאָרבען אָדער וועגען אַזעלכע, וואָס זיינען געזונט געוואָרען, הויפּטזעכליך ווען די קראַנקהייט איז געווען

עהנליך צו זיינע, פלעגט ער זיך צוהערען, און פאַנאַנדערפרעגען, סטאַרענדיג זיך צו פאַרבאָרגען זיין אונרוהיגקייט, און אַלץ פלעגט ער צופּאַסען צו זיין אייגענע קריינק.

דער וועהטאָג אין דער לינקער זייט פון בויך איז קלענער ניט געוואָרען; אָבער איוואַן איליטש האָט זיך געצוואונגען צו מיי־נען אַז איהם איז בעסער. און כל־זמן עס האָט זיך ניט געמאַכט עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל איהם אַרויסברייננגען פון געדולד, האָט ער זיך ווירקליך געקענט אָפּנאַרען. ווי אָבער ער האָט זיך צואַוואַר־טעלט מיט דער פרוי, אָדער עס האָט זיך געטראָפען עפּעס אַן אונ־אַנגענעהמע זאַך אויף זיין שטעלע, אָדער עס איז איהם ניט געגאַנ־גען ביי'ן שפּיעלען אין קאָרטען, אַזוי פלעגט ער גלייך דערפּיהלען די גאַנצע קראַפט פון זיין קראַנקהייט. פריהער פלעגט ער אַזעל־כע אונאַנגענעהמליכקייטען פאַרטראָגען, האָפענדיג, אַז ער וועט דעם פעהלער פעררינכטען, אָדער, אַז עס וועט זיך מאַכען אַ גוטער קאָרט, צום ביישפּיעל. איצט אָבער פלעגט ער ביי דער קלענסטער זאַך מיינען אַז די וועלט געהט אונטער. ער פלעגט זיך טראַכטען: „עס האָט מיר אָנגעהויבען בעסער צו ווערען, און די רפואות האָבען שוין אָנגעהויבען צו ווירקען, דאַרף זיך גראָד מאַכען די פאַר־פלוכטע געשיכטע!...״ און ער פלעגט זיך קאָכען אויף דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט, אָדער אויף די מענשען וועלכע האָבען איהם פער־שאַפט די יסורים, און איהם געריסען אויף שטיקער, ווי ער האָט גע־מיינט. ער פלעגט פיהלען אַז זיין כעס איז זיין מלאך המות; ער פלעגט זיך אָבער ניט קענען בערוהיגען. דאַכט זיך, איהם האָט בעדאַרפט זיין קלאָהר אַז זיין ערגערען זיך און קאָכען זיך פאַרגרעסערט זיין קראַנקהייט, און דאריבער דאַרף ער זעהן ניט צו מאַכען קיין וועזען פון יעדער קלייניגקייט. האָט ער אָבער גע־טענה'ט פונקט פאַרקעהרט: ער האָט געזאָגט, „אַז פאַר איהם איז נויטיג אַז מען זאָל איהם לאָזען צורוה און ניט אַרויסברענגען פון געדולד, און ער פלעגט איבערטראַכטען יעדע זאַך וואָס האָט פאַרשטערט זיין געלאַסענקייט, און פון דער קלענסטער זאַך וואָס האָט איהם פאַרשטערט זיין רוהע פלעגט ער זיך ערגערען און קאָ־

בען. זיין לאַגע פלעגט ערגער ווערען פון דעם וואָס ער האָט גע־לעזען מעדיצינישע ביכער און בעזוכט דאָקטוירים. די קראַנק־הייט איז געוואַקסען אַזוי רעגעלמעסיג, ביסלעכווייז אַז פון איין טאָג אויפ׳ן צווייטען איז ניט קענטיג געווען דער אונטערשיעד, און ער וואָלט זיך געקענט נאַרען. יעדעס מאָל אָבער וואָס ער האָט זיך געזעהן מיט אַ דאָקטאָר , פלעגט זיך איהם דוכטען, אַז איהם ווערט שנעל ערגער. און פון דעסטוועגען איז ער רק געגאַנגען צו דאָק־טוירים.

אין דיעזען מאָנאַט איז ער געווען ביי אַן אַנדער בעריהמ־טען דאָקטאָר. דער אַנדער בעריהמטער דאָקטאָר האָט אייגענטליך געזאָגט דאָס זעלבע וואָס דער ערשטער. ער האָט נור די פראַגען אַנדערש געשטעלט. און די בעראַטהונג מיט דיעזען בעריהמטען דאָקטאָר האָט נור פאַרגרעסערט איוואַן איליטש׳עס אונרוהיגקייט און שרעק. זיינער אַ פריינד האָט געהאַט אַ פריינד, אַ דאָקטאָר. ער איז געווען זעהר אַ גוטער דאָקטאָר, און ער האָט געזאָגט, אַז ביי איוואַן איליטש׳ען איז גאָר ניט די קראַנקהייט וואָס יענע דאָק־טוירים האָבען ביי איהם געפונען, און ער האָט פערזיכערט, אַז ער וועט געזונד ווערען ; האָט ער אָבער מיט זיינע פראַגען און ערקלע־רונגען איהם נאָך מעהר פאַרטומעלט דעם קאָפּ און נאָך מעהר פאַר־גרעסערט זיינע צווייפלען און אונרוהיגקייט. אַ האָמעאָפּאַטישער דאָקטאָר האָט ווידער אַנדערש געזאָגט, און ער האָט פערשריבען רפואות, וועלכע איוואַן איליטש האָט בשתיקה פון אַלעמען *) גע־נומען ביי אַ וואָך צייט. צום ענדע וואָך, זעהענדיג אַז ער פיהלט ניט אַ האָר בעסער, האָט ער פערלאָרען זיין גלויבען אין דיעזע רפואות און אין אַלע פריהערדיגע, און איהם איז געוואָרען נאָך ערגער אויפ׳ן האַרצען. איין מאָל האָט אַ בעקאַנטע דאַמע דער־

---

* האָמעאָפּאַטיע איז אַזאַ סאָרט מעדיצין, ניט די געוועהנליכע. זעהר וועניג מענשען האַלטען פון דעם. אַלזאָ האָט איוואַן איליטש זיך געשעהמט מודה צו זיין, אַז ער נעהמט איין האָמעאָפּאַטישע טראָ־פּענס. — איבערזעצער.

צעהלט ווי היילינע בילדער האָבען אימיצען געראַטעוועט פון אַ
געפעהרליכע קריינק. איוואַן איליטש האָט זיך געכאַפּט אַז ער
הערט זיך צו און אַז ער גלויבט אַז דאָס איז טאַקע אמת. דאָס האָט
איהם דערשראָקען. „צי דען איז מיין מח אַזוי אָבגעשוואַכט גע־
וואָרען אַז מען קען מיר איינרעדען אַזעלכע נאַרישקייטען? ווייס־
איך וואָס! איך שטעל זיך פאָר די זאַך ערגער ווי זי איז. מען
דאַרף אויסקלויבען איין דאָקטאָר, שטרענג טהאָן וואָס ער הייסט,
און ווייטער גאָר ניט. אַזוי בלייבט עס! מעהר טראַכט איך ניט
און ביז'ן זומער וועל איך שטריינג אָבהיטען די קוראַציע. און
דאַן וועלען מיר זעהן. גענוג בייטען די דאָקטוירים, און צווייפ־
לען..." דאָס איז אָבער נור געווען לייכט צו זאָגען, אָבער ניט
לייכט צו טהאָן. דער וועהטאָג אין זייט האָט אַלץ ניט אויפ־
געהערט; ער איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער, דאַכט זיך — אַלץ
שטאַרקער און שטענדיגער. און דער טעם אין מויל איז געוואָרען
אַלץ זאָנדערבאַרער. עס האָט זיך איהם געדוכט, אַז ביי איהם
הערט זיך פון מויל אַן עקעלהאַפטער גערוך; און דער אַפּעטיט
און די כחות זיינען ביי איהם געוואָרען אַלץ שוואַכער. ווייטער זיך
נאַרען איז שוין אונמעגליך געווען. מיט איהם איז פאָרגעקומען
עטוואָס שרעקליכעס, עפּעס אַ נייע זאַך, אַזאַ וויכטיגע זאַך, אַז
קיין וויכטיגע־ע האָט אין איוואַן איליטש'עס לעבען קיין מאָל ניט
פּאַסירט. און נור ער אַליין האָט דאָס געוואוסט! בלויז ער. אַלע
אַנדערע מענשען, די וואָס האָבען איהם אַרומגערינגעלט, האָבען
דאָס ניט פאַרשטאַנען אָדער ניט געוואָלט פאַרשטעהן; זיי האָבען
געמיינט, אַז אויף דער וועלט געהט זיך אַלץ ווי פריהער. אָט דאָס
האָט איוואַן איליטש'ען געמוטשעט מעהר פון אַלץ. ער האָט געזעהן,
אַז אין שטוב פאַרשטעהט קיינער ניט, וואָס מיט איהם טהוט זיך,
הויפּטזעכליך די פרוי און די טאָכטער. זיי זיינען איצט געווען
פאַרטאָן אין רעכטען קאָך פון וויזיטען, בעלער, הולאַנקעס, און זיי
האָט פאַרדראָסען וואָס ער איז אַזאַ פאַרטרויערטער, און טשעפּעט
זיך צו זיי. מען וואָלט געקענט מיינען, אַז ער איז שולדיג אין דעם
וואָס ער איז קראַנק! זיי האָבען זיך געסטאַרעט דאָס צו פאַרבאָר־

גען; ער האָט אָבער געזעהן אז ער איז פאר זיי א פארשטערע־נעס, אז זיין פרוי האָט זיך אויסגעארבייט א כלל ווי אזוי זיך צו פערהאלטען צו זיין קראנקהייט, און אז אזוי האלט זי זיך, ער מעג זאָגען און טהאָן וואָס ער וויל. דיעזע האלטונג איהרע איז בע־שטאנען אין פאָלגענדען: „איהר ווייסט דאָך" — פלעגט זי זאָגען צו בעקאנטע — „איוואַן איליטש קען ניט טהאָן פונקט ווי דער דאָקטאָר הייסט איהם. איין טאָג נעהמט ער איין די טראָפּענס און עסט וואָס מען הייסט איהם, און לייגט זיך שלאָפען ווען מען דארף; און מאָרגען, אז איך זאָל נור אראָפּנעהמען אַן אויג, וועט ער פארגע־סען צו נעהמען די טראָפּענס, וועט עסען אָסעטרינע, (און דאָס טאָר ער גראָד ניט עסען), און דערצו נאָך וועט ער שפּיעלען ביז שפּעט אין דער נאכט אין קאָרטען."

— ווען האָט דאָס געטראָפען? — וועט איוואַן איליטש אפשר אָפּענטפערען מיט א פערדרוס. — נור איין מאָל. ביי פּיאָטר אי־וואַנאָוויטש'ען.

— און נעכטען ביי שעבעק'ען.

— סיי ווי סיי האָב איך ניט געקענט שלאָפען פון וועהטאָג...

— צי אזוי צי אזוי, אָבער אויף אזא אופן וועסטו קיינמאָל ניט געזונט ווערען. אבי דו מוטשעסט אונז.

פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונא פלעגט וועגען זיין קראנקהייטריידען (מיט אנדערע און מיט איהם גופא), אזוי אז מען וואָלט געקענט מיינען, דאָס זי גלויבט טאקי אז ער איז אליין שולדיג, עפּעס אזוי ווי די גאנצע קראנקהייט זיינע איז ענטוויקעלט געוואָ־רען, נור כדי איהר א שפּיצעל אָפּצוטהאָן, איהר צרות צו פאר־שאפען. ביי זיך אין הארצען האָט ער געפיהלט, אז זי מאכט דיע־זען איינדרוק ניט־ווילענדיג, אז דאָס קומט ביי איהר אַרויס פון זיך אליין. אָבער פון דעם איז איהם ניט געוואָרען גרינגער.

אין געריכט האָט איוואַן איליטש באמערקט, אָדער געמיינט אז ער באמערקט, דאָס זעלבע ווי אין דער היים. דאָ פלעגט זיך איהם דוכטען אז מען קוקט אויף איהם ווי אויף א מענשען, וועל־כער דארף באלד אָפּטרעטען זיין פלאַץ; דאָ פלעגען זיינע חברים

פלוצלינג אָנהויבען אויף א פריינדליכען אופן זיך לוסטיג צו מאַ־
כען וועגען זיין פערצווייפלונג. צוהערענדיג זיך צו זייער שפּאַס,
וואָלט מען געקענט מיינען, אז די שרעקליכע זאַך וואָס האָט זיך
אין איהם באַזעצט און זויגט איהם אָהן אַ שיעור, און שלעפּט איהם
ערגעץ־וואו — אז דאָס איז דער בעסטער ענין אויף לוסטיג צו מאַ־
כען זיך. מעהר ווי אַלע האָט איהם געערגערט שוואַרץ. ער האָט
איהם געערגערט מיט זיין פרעהליכקייט און לעבעדיגקייט, און
מיט זיין טהאָן אַלץ וואָס מען טהוט ביי דער הויכער געזעלשאַפט.
מיט דאָס אַלעם האָט שוואַרץ איוואַן איליטש'ען דערמאָנט ווי ער
פלעגט זיין מיט א יאָהר צעהן צוריק. דעריבער האָט איהם גע־
ערגערט קוקענדיג אויף איהם.

עס קומען מענשען אין שטוב. מען זעצט זיך שפּיעלען. עס
איז היימליך, און א קאָרט האָט איוואַן איליטש אויך אַ גוטע.
אָבער אין מיטען דערינען דערפיהלט ער יענעם נאָגענדען וועהטאָג,
און יענעם טעם אין מויל, און איהם דוכט זיך אז מען דאַרף זיין
א ווילדער נפש אום אין אַזאַ שרעקליכע לאַגע זאָל ליגען אין קאָפּ
זיך פרעהען מיט א גוטען קאָרט.

ער קוקט אויף מיכאַאיל מיכאַילאָוויטש'ען, וועלכער שפּיעלט
מיט איהם אַלס פּאַרטנער. ער זעהט ווי יענער שלאָגט די קאָרטען
אָן טיש מיט בעגייסטערונג; ער זעהט ווי אוים העפליכקייט און
מיטלייד צו איהם נעהמט מיכאַאיל מיכאַילאָוויטש די געוואונענע
קאָרטען ניט צו אַליין, נאָר ער לאָזט איהם, איוואַן איליטש'ען,
האָבען דעם פערגניגען זיי צוצונעהמען; און אום איוואַן איליטש
זאָל ניט דאַרפען צו־ווייט אויסציהען זיינען האַנט, רוקט מיכאַאיל
מיכאַילאָוויטש זיי צו צו איהם. „וואָס הייסט דאָס? צי דען
מיינט ער אז איך בין אַזוי שוואַך אז איך האָב שוין ניט קיין כח
אַרויסצורוקען די האַנט נאָך עטליכע קאָרטען?" טראַכט זיך איוואַן
איליטש; און ער פערגעסט די קאָזירם און פערשפּיעלט זיין גוטען
קאָרט. ערגער פון אַלץ איז וואָס ער זעהט אז מיכאַאיל מיכאַי־
לאָוויטש'ען פּאַרדריסט שטאַרק פּאַר וואָס ער, זיין פּאַרטנער, האָט
פּאַרלוירען אַזאַ טייערע קאָרט; איהם אָבער, איוואַן איליטש'ען,

איז עס אַלץ איינס ; און איהם איז שרעקליך צו דיינקען, אַז איהם איז אַלץ איינס — צי געווינען, צי פערלירען.

די געסט זעהען, אַז ער פיהלט זיך ניט גוט, און זיי זאָגען צו איהם : „אפשר זייט איהר מיעד ? קען מען אויפהערען צו שפּיעלען. רוהט זיך בעסער אָפּ." אָפּרוהען זיך ? ניין. ער איז גאָר ניט פאַרמאַטערט ; א האָר אויך ניט. מען שפּיעלט ווייטער. אַלע שווייגען און זיי זעהען אוים זעהר ערנסט. איוואַן איליטש פיהלט, אַז ער האָט דאָס אויף זיי אַרויפגעטריבען אַזאַ חושך, און דעם דאָזיגען חושך פאַנאַנדערטרייבען קען ער ניט.

מען געהט עסען. מען עסט אָפּ. די געסט צופאָהרען זיך, און איוואַן איליטש בלייבט אימער מיט דעם געפיהל אַז זיין לעבען איז אַ פאַרגיפטעטער, אַז עס פאַרגיפטעט דעם לעבען פון אַנדערע אויך, און אַז דיעזער גיפט ווערט ניט אָפּגעשוואַכט, נור, פאַרקעהרט, אַז עס דרינגט אַלץ טיעפער און טיעפער דורך זיין גאַנצען וועזען.

און מיט דיעזען געפיהל, און דערצו נאָך מיט אַ וועהטאָג אין זייט, און מיט שרעק דאַרף מען זיך לעגען אין בעט און אָפט פון יסורים ניט קענען אַנשלאָפען ווערען מעהר ווי אַ האַלבע נאַכט. און אין דער פריה דאַרף מען ווידער אויפשטעהן, אָנטהאָן זיך, פאָהרען אין געריכט, ריידען, שרייבען ; און אויב ניט פאָהרען אין געריכט, דאַרף מען בלייבען אין שטוב מיט די זעלבע פיער און צוואַנציג שטונדען אין מעת־לעת, וואָס יעדע שטונדע איז אַ גיהנם. און אַזוי לעבען אויפ׳ן ברעג פון שרעקליכען תהום, אַזוי לעבען מוז ער איינער אַליין, אָהן איין מענשען, וואָס זאָל איהם פאַר־שטעהן און האָבען רחמנות אויף איהם.

## V

אזוי איז אוועק איין מאָנאַט און אַ צווייטער. פאַר ניי־יאָהר איז דער שוואָגער געקומען צו פאָהרען. איוואן איליטש איז דאַן געווען אין געריכט. פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונא איז געפאָהרען איינ־קויפען פאַרשיעדענע זאַכען אויף יום־טוב. אריינקומענדיג צו זיך אין צימער, האָט איוואן איליטש דאָרטען געפונען דעם שוואָגער, אַ געזונטען, אַ פולען מיט לעבען, ווי ער פּאַקט פאַנאַנדער זיין רייזע־זאַק. דערהערענדיג טריט, האָט דער שוואָגער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אויף איהם אַ קוק געטהאָן. די ערשטע סעקונדע האָט דער שוואָגער געשוויגען. אָט דיזער שטילער קוק זיינער האָט פאַר איוואן איליטש'ען אַנטדעקט דעם גאַנצען אמת. דער שוואָגער האָט אויפגעעפענט דעם מויל אויסצושרייען מיט איבעראַשונג; ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטען. דיזע מינע זיינע, ווען ער האָט זיך צוריקגעהאַלטען פון אויסשרייען, האָט איוואן איליטש'ען גע־וויזען אז ער איבערטרייבט ניט זיין לאַגע אויף אַ האָר.

— איך האָב זיך געענדערט, הא?

— אביסעל...

און וויפיעל איוואן איליטש האָט זיך ניט געסטאַרעט, אז דער שוואָגער זאָל ריידען וועגען זיין אויסזעהן, האָט יענער זיך אַלץ אַרויסגעדרעהט דערפון. באַלד איז געקומען פּראַסקאָוויא פיאָדאָ־ראָוונא. דער שוואָגער איז געגאַנגען זיך באַגריסען מיט איהר. איוואן איליטש האָט פאַרשלאָסען די טיר און גענומען פערגלייכען זיין פאָרטרעט מיט דעם וואָס ער האָט איצט געזעהן אין שפּיעגעל. דער אונטערשיעד איז געווען אַ גרויסער. דערנאָך האָט ער פאַר־

קאשערט די ארבעל ביז די עלענבויגענס, א קוק געטהאָן, אָבגע־קאשערט די ארבעל, זיך געזעצט אויף א ווייכען ביינקעלע. און איז געוואָרען פינסטער ווי די ערד.

„מען דארף זיך ניט אָפּלאָזען. ניין, ניין,״ האָט ער זיך גע־טראַכט. ער האָט זיך א שטעל געטהאָן, אויפגעבלעטערט די פּאַ־פּיערען פון א פּראָצעס און געפּרופט לעזען. ער האָט אָבער לעזען ניט געקענט. ער האָט געעפענט די טיר און איז אריין אין טאַנץ־זאאל. די טיר פונ׳ם גאסט־זאאל איז געווען צוגעמאכט. ער איז צוגעגאַנגען אויף די ציפּקעלעך און זיך צוגעהערט.

— דו איבערטרייבסט — האָט פּראסקאָוויא פיאָדאָראָוונא געזאָגט.

— וואָס הייסט איך איבערטרייב? צי דען זעהסטו ניט, אז ער איז א טויטער מענש? גיב נור א קוק אויף זיינע אויגען, וועסטו זעהן. זיי זיינען דאָך אזוי ווי אויסגעלאָשען. וואָס איז מיט איהם?

— קיינער ווייס ניט. ניקאָלאַיעוו (דאָס איז געווען דער צוויי־טער דאָקטאָר) האָט עפּעס געזאָגט, אָבער איך ווייס ניט. לעס־טשעטיצקי, (דאָס איז געווען דער בעריהמטער דאָקטאָר), האָט גע־זאָגט פאַרקעהרט...

איוואַן איליטש איז אוועק פון טיר, צוריק אריין צו זיך אין צימער, האָט זיך צוגעלעגט און גענומען טראַכטען: „א לויזער ניר. א ניר וואָס בלאָנזשעט ארום״. ער האָט זיך דערמאָנט אלץ וואָס די דאָקטוירים האָבען איהם געזאָגט — ווי אזוי דער ניר האָט זיך אָפּגעריסען און ווי אזוי ער האָט גענומען „ארומבלאָנזשען״. און אין געדאַנקען האָט ער זיך געסטאַרעט דעם ניר צו כאַפּען און איהם אָבצושטעלען, צו בעפעסטיגען. אזא קלייניגקייט, דאכט זיך! „איך וועל פאָהרען צו פּיאָטר פּעטראָוויטש׳ען״ (דאָס איז געווען זיין פריינד, וועלכער האָט געהאט א פריינד א דאָקטאָר). ער האָט אָנגעקלונגען און געהייסען איינשפּאַנען דעם פערד און זיך גענומען קלייבען פאָהרען.

— וואוהין פאָהרסטו, זשאַן? — האָט די פרוי געפרעגט, רו־

פענדיג איהם מיט זיין פראַנצויזישען נאָמען, און מאַכענדיג דערביי א טרויעריגע און אַן אונגעוועהנליך פריינדליכע מינע.

דיעזע אונגעוועהנליך פריינדליכע מינע האָט איהם ארויס־געבראַכט פון גערולד. ער האָט אויף איהר א קאַלטען קוק געטהאָן.

— איך דאַרף זעהן פּיאָטר פּעטראָוויטש'ען — האָט ער געענטפערט.

ער איז אוועקגעפאָהרען צו זיין פריינד, וועלכער האָט געהאַט א פריינד א דאָקטאָר, און יענער איז מיט איהם געפאָהרען צום דאָקטאָר. זיי האָבען איהם געפונען אין דער היים און איוואַן אי־ליטש האָט מיט איהם געהאַט א לאַנגען שמועס.

דער דאָקטאָר האָט איהם ערקלעהרט די ענדערונגען וואָס, נאָך זיין מיינונג נאָך, זיינען פאָרגעקומען אין איוואַן איליטש'עס קערפּער, און איוואַן איליטש'ען האָט זיך געדוכט, אז ער פאַר־שטעהט אַלץ.

— אין דער בלינדער קישקע איז עפּעס געלעגען, עפּעס א פּי־צינאָטינקע זאַכעלע. אַלץ קען ווערען ווי עס בעדאַרף צו זיין. מען דאַרף נור פאַרגרעסערען די ארבייטס־קראַפט פון איין אָרגאַן און פאַרקלענערען די טהעטיגקייט פון אַן אַנדער אָרגאַן. דאַן וועט די שלעכטע בלוט איינגעזאַפּט ווערען און אַלץ וועט זיך פאַפּראַ־ווען. איוואַן איליטש האָט זיך ביי'ן דאָקטאָר פערזאַמט; ער איז שפּעט געקומען צו מיטאַג. ער האָט אָפּגעגעסען, פרעהליך גע־שמועסט עטליכע מינוט און איז אוועק אין זיין קאַבינעט ארביי־טען. ער האָט געלעזען פּאַפּירען, געאַרבייט; אָבער פון זיין מוח האָט ניט אָפּגעטראָטען דער געדאַנק, אז ער האָט נאָך אָפּצו'פּטר'ען עפּעס א וויכטיגען ענין, אַן ענין וועלכער ליעגט איהם נאָהענט צום הארצען, און וועלכען מען קען ניט אָפּלעגען. ווען ער האָט געענ־דיגט אַלע זיינע געריכטס־פּראָצעסען, האָט ער זיך דערמאָנט, אז דער דאָזיגער ענין, וועלכער ליעגט איהם אזוי נאָהענט צום הארצען, איז די פראַגע וועגען דער „בלינדער קישקע.” ער האָט אָבער וועגען דיעזער פראַגע ניט געטראַכט. ער איז געגאַנגען אין גאַסט־זאַאַל טרינקען טהעע. דאָרטען זיינען געוועזען געסט, מען האָט

געשמועסט, געשפּיעלט אויף דער פּיאַנאָ. צווישען די אַנוועזענדע איז געוועזען דער יונגער סליעדאָוואַטעל, אויף וועלכען ער און זיין פרוי האָבען געקוקט ווי אויף אַ גוטען שידוך פאַר זייער טאָכטער. איוואַן איליטש איז געוועזען גוט אויפגעלייגט. פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט נאָכהער זאָגאַר געזאָגט, אַז ער איז געוועזען דער פרעהליכסטער פון דער גאַנצער קאָמפּאַניע. ער האָט אָבער ניט פאַרגעסען אויף איין מינוט אַז ער האָט וויכטיגע געדאַנקען וועגען דער בלינדער קישקע, פאַר וועלכע ער מוז זיך נעהמען וואָס שנעלער. ווען עס איז געוואָרען עלף אוהר, האָט ער אַלעמען געזאָגט אַ גוטע נאַכט און איז געגאַנגען שלאָפען. זינט ער איז קראַנק געוואָרען האָט ער געשלאָפען בעזונדער, אין אַ קליינעם צימער׳ל לעבען זיין קאַבינעט. ער איז אַריין אין דיעזען צימער׳ל, האָט זיך אויסגעטהאָן און גענומען זאָלאַ׳ס אַ ראָמאַן. ער האָט אָבער ניט געלעזען. ער האָט געטראַכט. אין זיינע געדאַנקען איז פאָרגעקומען די „בלינדע קישקע״, ווי אַזוי זי ווערט אויסגעהיילט. עס איז אַריינגעזויגט געוואָרען די שלעכטע בלוט. דאָס וואָס עס איז שעדליך איז פון דעם קערפּער אַרויסגעוואָרפען געוואָרען. ביסלעכווייז האָט אַלץ גענומען אַרבייטען ווי געהעריג איז. „אַזוי איז דאָס — האָט ער זיך געטראַכט — מען דאַרף נור מיטהעלפען דער נאַטור״. ער האָט זיך דערמאָהנט אָן די רפואות, זיך אויפגעהויבען, איינגענומען די רפואות, זיך געלעגט אויפ׳ן רוקען, זיך צוגעהערט צו דעם ווי גוט די טראָפּענס ווירקען, און ווי זיי פערטרייבען דעם וועהטאָג אין זייט. „מען דאַרף נור אָפּהיטען זיי צו נעהמען אין דער ריכטיגער צייט און אויסמיידען אַלץ, וואָס איז שעדליך. איך פיהל שוין אַביסעל בעסער; אַ סך בעסער.״ ער האָט גענומען טאַפּען זיין זייט. פון טאַפּען האָט עס ניט וועה געטהאָן. „איך פיהל קיין וועהטאָג ניט. כ׳לעבען, עס איז שוין אַ סך בעסער״... ער האָט פאַרלאָשען די ליכט און זיך געלעגט אויף אַ זייט. „די בלינדע קישקע פּאָפּראַוועט זיך... די שלעכטע בלוט זאַפּט זיך איין...״ פּלוצלינג האָט ער דערפיהלט דעם בעקאַנטען, דעם אַלטען טעמפּען, נאָגענדען וועהטאָג. און אין מויל איז די זעלבע בעקאַנטע

פּאסקודסטווא. עס האָט איהם גענומען גריזשען דאָס הארץ; עס האָט איהם גענומען שווינדלען אין קאָפּ. „רבונו של עולם! רבונו של עולם! — האָט ער צו זיך געזאָגט — ווידער דאָס זעלבע! ווידער דאָס זעלבע! עס וועט שוין קיינמאָל ניט אויפהערען". און פּלוצלונג האָט זיך זיין קראַנקהייט איהם פאָרגעשטעלט גאָר אויף אַן אנדער שטייגער ווי אימער. „די בלינדע קישקע! רער ניר! — האָט ער צו זיך געזאָגט. — וואָסער קישקע? וואָסער ניר? ניט וועגען דעם האנדעלט זיך, נור וועגען לעבען און... טוידט. יא! געוועזן ביי מיר דאָס לעבען, און איצט געהט עס פון מיר אוועק. עס געהט אוועק און איך קען עס ניט איינהאלטען. יא, וואָס זאָל איך זיך דאָ נארען? צי דען זעהט ניט יעדער אויסער מיר, אַז איך שטארב, און אַז עס איז נור אַ פראגע פון וואָכען, אָדער טעג... באַלד אפשר... פריהער איז מיר געווען ליכטיג און איצט קומט אָן אַ פינסטערנים. דערווייל בין איך דאָ, אָבער איצט וועל איך מוזען אוועקגעהן אהין! וואוהין „אהין?" אַ קעלט האָט איהם דורכגענומען; זיין אָטעם איז פארהאַלטען געוואָרען. ער האָט נור געהערט ווי די הארץ שלאָגט ביי איהם.

„איך וועל שוין מעהר ניט זיין. וואָס זשע וועט יאָ זיין? עס וועט גאָר ניט זיין! וואו זשע וועל איך זיין, ווען איך וועל ניט זיין? צי דען איז דאָס דער טוידט? איך וויל ניט!" ער האָט אַ שפּרונג געטהאָן; ער האָט געוואָלט אָנצינדען די ליכט, גענומען שארען מיט די ציטערנדע פינגער. די ליכט מיט'ן לייכטער'ל זיינען אראָפּגעפאלען אויפ'ן פּאָדלאָגע. און אליין האָט ער זיך צו־ריק אַ וואַליע געטהאָן אויפ'ן קישען. „צו־וואָס? עס איז דאָך סיי ווי סיי אַלץ איינס — האָט ער צו זיך געזאָגט, קוקענדיג מיט אָפענע אויגען אויף דער פינסטערניס,—דער טוידט, יא דער טוידט. און זיי ווייסען קיינער ניט וואָס עס טהוט זיך מיט מיר, און זיי ווילען ניט וויסען. זיי שפּיעלען (דורכ'ן טיר האָט זיך געהערט אַ שטימע און דאָס שפּיעלען פון דער פּיאַנאָ). זיי ארט ניט. אָבער זיי וועלען דאָך אויך שטארבען. אידיאָטען! איך פריהער און זיי שפּעטער, אָבער זיי אויך. זיי פרעהען זיך, די סוואָלאטשעס!" ער

האָט ניט געקענט אָפּכאַפּען דעם אָטהעם פון כעס. עס איז איהם געוואָרען ביטער אויפ'ן הארצען. שרעקליך ביטער איז איהם געוואָרען. „עס קען דאָך ניט זיין, אז יעדער מענש זאָל זיין פאַראורטיילט אויף דיעזען גרויל.” ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט.

„מסתמא איז עס ניט אין גאַנצען ריכטיג. ערגעץ־וואו ליעגט דאָ אַ טעות. מען מוז זיך בערוהיגען. מען דאַרף אַלץ בעטראַכטען פון אָנפאַנג אָן, ווי דאָס איז אַלץ געוואָרען.”

אַזוי האָט ער אָנגעהויבען צו בעטראַכטען אַלץ כסדר. „יאַ, ווי אַזוי האָט זיך די קראַנקהייט אָנגעהויבען? איך האָב אָפּגעזועצט די זייט. און איך בין געוועזן דער זעלבער ווי אימער, דער זעלבער אַלע טאָג; עס האָט אַביסעל גענאָגט; דערנאָך איז דאָס געוואָרען שטאַרקער. דערנאָך האָב איך גענומען געהן צו דאָקטוירים, דערנאָך איז אויפ'ן הארצען געוואָרען קאַלעמוטנע. ווייטער דאָקטוירים. איך בין אַלץ נעהנטער צוגעקומען צום תהום. שוואַכער געוואָרען. די אויגען זיינען ביי מיר אויסגעלאָשען. עס הייסט דער טוידט! און איך דרעה זיך דעם מוח וועגען אַ קישקע. איך דאַר דעם קאָפּ מיט פראַגען ווי אַזוי צו פאַרריכטען אַ קישקע, און אין אמת'ען הייסט עס גאָר טוידט. צי דען איז דאָס טאַקי דער טוידט?” וויעדער האָט איהם אָנגענומען אַן אימה. ער האָט אָנגעהויבען שווער צו אָטהעמען. ער האָט זיך איינגעבויגען און גענומען זוכען די שוועבעלעך. דערביי האָט זיין עלענבויגען צוגעדריקט אַ מעטאַלענע קלעצעלע וואָס איז געשטאַנען ביי איהם אויפ'ן טיש. זי האָט איהם געשטערט און פון דעם האָט איהם וועה געטהאָן אין עלענבויגען. ער איז אין כעס געוואָרען און פאַר כעס האָט ער די קלעצעלע שטאַרקער צוגעדריקט און איהר גאָר אַראָפּגעשליידערט. פול מיט פערצווייפלונג און אָטהעמענדיג שווער, האָט ער זיך וויעדער אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן רוקען, וואַרטענדיג אַז אָט קומט שוין דער טוידט.

די געסט האָבען דאַן געהאַלטען אין געזעגנען זיך, און פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט זיי בעגלייט צום פאָדער־צימער. דערהערענדיג אַ קלאַפּ איז זי אַריינגעגאַנגען זעהן וואָס דאָרטען איז.

— וואָס איז דער מעהר?

— גאָר ניט. איך האָב אומגערען אראָפּגעוואָרפען.

זי איז ארוים און באלד געקומען צוריק מיט א ליכט. ער איז געלעגען און שווער געאָטהעמט — שווער און האסטיג, אזוי ווי איי־נער וואָס איז אָפּגעלאָפען א גאנצען וויאָרסט אָהן אן אָפּרוה. ער האָט אויף איהר אויסגעשטעלט די אויגען.

— וואָס איז דיר, זשאַן?

— גאָ־אָר ניט. כ׳האָ־אָב עס אראָ־אָפּ־גע־וואָ־אָרפען. („אן עברה די רייד" — האָט ער זיך געקלערט — „זי וועט סיי ווי סיי ניט פערשטעהן").

און זי האָט טאַקי ניט פערשטאַנען. זי האָט אויפגעהויבען די קלעצעלע, איהם אָנגעצונדען די ליכט און אויף גיך זיך אומגעקעהרט צו א דאַמע, וועלכע זי האָט געהאלטען אין בעגלייטען צום פּאָדער־צימער. ווען זי איז צו איהם צוריק אריין, איז ער אלץ געלעגען און געקוקט אויפ׳ן באַלקען.

— וואָס איז דיר? איז דיר ערגער?

— יאַ.

זי האָט טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ און איז גע־בליבען זיצען א ווייל.

— ווייסט גאָר וואָס, זשאַן, לאָמיר שיקען רופען לעסטשעטיצ־קי׳ן, ער זאָל קומען אהער.

דאָס האָט געהייסען אז מען זאָל רופען דעם בעריהמטען דאָקטאָר און ניט זשאַלעווען קיין געלט אויף ברענגען איהם אין שטוב אריין. איוואַן איליטש האָט א גיפטיגען שמייכעל געטהאָן, און געזאָגט; „מען דאַרף ניט". זי איז געזעסען נאָך אביסעל, צו־געגאַנגען צום בעט און איהם א קוש געטהאָן אין שטערען.

בשעת זי האָט איהם געקושט, האָט ער איהר פיינט געהאט מיט אלע קרעפטען פון זיין נשמה. ער האָט זיך קוים איינגעהאלטען פון אָפּשטופען איהר פון זיך.

— א גוטע נאַכט. מיט גאָט׳ס הילף, וועסטו אנשלאָפען ווערען.

— יאָ.

## VI

איוואַן איליטש האָט געזעהן אַז ער שטאַרבט און ער איז שטענדיג געווען אין פערצווייפלונג.

אין דער טיעפענים פון זיין הארצען האָט ער געוואוסט, אַז ער שטאַרבט. ער איז אָבער צו דעם ניט נור ניט געוואוינט גע־ווען, נור ער האָט עס אייגענטליך ניט פארשטאַנען; בשום אופן ניט געקענט פאַרשטעהן.

ווען ער איז געווען אַ אינגעל און געגאַנגען אין דער שוהלע, האָט ער אין קיזעוועטער'ס לאָגיק געלערנט אַ ביישפּיעל פון אַ סילאָגיזם (אַ שכל, מיט וועלכען פון צוויי געדאַנקען דרינגט מען אַ דריטען). דער ביישפּיעל איז געווען וועגען איינעם מיט'ן נאָמען קאַיוס *): קאַיוס איז אַ מענש; אַלע מענשען זיינען שטערבליך; אַלזאָ איז געדרונגען אַז קאַיוס איז שטערבליך. איוואַן איליטש'ען האָט זיך אימער געדוכט, אַז דיעזער ארגומענט איז ריכטיג נור וועגען קאַיוס'ען. דאָס איז ער, קאַיוס, געווען „אַ מענש", סתם אַ מענש, און דער כלל וועגען שטערבליכקייט איז טאַקי געווען אַ ריכטיגער כלל. אָבער ער, איוואַן איליטש, איז דאָך ניט קאַיוס; ער איז דאָך ניט סתם אַ מענש; ער איז אימער געווען אַ גאַנץ בעזונדערע בעשעפעניס, ניט ווי אַלע בעשעפעניסען. ער איז

*) אַ נאָמען פון אַלטען רוים. דער נאָמען קאַיוס ווערט דאָ גע־ברויכט בלויז אַלס אַ ביישפּיל, פּונקט ווי אין דער גמרא ווערט געברויכט דער נאָמען ראובן אָדער שמעון. מען שטעלט זיך פאָר אַ מענשען, סתם אַ מענשען. — איבערזעצער.

געווען דער אַמאָליגער אינגעלע וואַניא,*) מיט אַ מאַמען, מיט אַ טאַטען, מיט ברידערלעך, וועלכע האָבען געהייסען מיטיא און וואָ־לאָדיא, מיט צאַצקעס צום שפּיעלען זיך, מיט אַ קוטשער, מיט אַ ניאַנקע, און שפּעטער מיט אַ פריילין, וועלכע האָט געהייסען קאַ־טענקאַ, מיט די אַלע פריידען און ליידען און בעגייסטערונגען פון קינדערשע, אינגלישע און יוגענטליכע יאָהרען. קאַיוס האָט דען אַמאָל געוואוסט פון דעם ריח פון אַ לעדערנע פּילקע מיט געקאָ־לירטע פּאַסען, פון דעם ריח, וועלכען וואַניא האָט אַמאָל אַזוי געליעבט? קאַיוס האָט דען געקושט די מאַמע'ס האַנד, און אין זיינע אויערען האָבען דען אַזוי געראַוישט די פאַלדען פון דער מאַמע'ס זיידענער קלייד? ער האָט דען זיך אַזוי געבונטעוועט איבער די קנישיקלעך אין דער יוריספּרודענץ־שוהלע? קאַיוס איז דען גע־ווען אַזוי איינגעליעבט? קאַיוס האָט דען געקענט פיהרען אַ זי־צונג אין געריכט?

קאַיוס איז טאַקע שטערבליך. דאָס איז ריכטיג. און עס איז גאַנץ ריכטיג אַז ער זאָל שטאַרבען, אָבער איך, וואַניא, איוואַן אי־ליטש, איך מיט אַלע מיינע געדאַנקען און געפיהלען, איך בין עפּעס גאַנץ אַנדערש. עס קען ניט זיין, אַז איך זאָל דאַרפען שטאַרבען. דאָס וואָלט געווען צו שרעקליך.

אַזוי האָט ער געפיהלט.

„ווען איך וואָלט געמוזט שטאַרבען, ווי קאַיוס, וואָלט איך דאָס געוואוסט. דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט. איך האָב אָבער אַזעלכעס איז זיך קיין מאָל ניט געפיהלט; איך און אַלע מיינע פריינד, אַלע האָבען מיר פאַרשטאַנען, אַז עס גאָר ניט אַזוי ווי מיט קאַיוס'ען. און איצט נאַדיר!" — האָט ער זיך געטראַכט — „עס קען ניט זיין, און דאָך איז עס פּאָרט אַזוי. ווי אַזוי זשע איז דאָס? ווי זאָל איך דאָס פאַרשטעהן?"

און ער האָט דאָס ניט געקענט פאַרשטעהן, און ער האָט זיך

---

*) וואַניאַ איז אַ „פאַרצויגענער" נאָמען פון איוואַן, איוואַן אי־ליטש'ס נאָמען אַלס אינגעל. — איבערזעצער.

געסטאַרעט דיזען געדאַנק פון זיך אוועקצוטרייבען אלס א ניט־ריכטיגען, פאַלשען, קריינקליכען געדאַנק; ער האָט זיך געסטאַרעט צו פאַרנעהמען זיין פּלאַץ מיט אַנדערע געדאַנקען, מיט ריכטיגע, געזונטע. אָבער דער דאָזיגער געדאַנק — און ניט נור דער געדאַנק, נור טאַקי עפּעס אַזוי ווי די ווירקליכקייט — איז ווידער געקומען און זיך געשטעלט איהם קוקען אין פּנים אריין.

און ער האָט אויף דעם פּלאַץ פון דיזען געדאַנק גערופען אַנדערע געדאַנקען, איינע נאָך די אַנדערע: ער האָט זיי גערופען האָפענדיג אז ער וועט אין זיי געפינען א שטיצע. ער האָט געפּרופט זיך אומקעהרען צו זיין געוועהנליכען געדאַנקען־גאַנג, פאַרשטעלען דעם געדאַנק וועגען טוידט. אָבער — מערקווירדיג! — אַלץ וואָס פלעגט פריהער פאַרשטעלען, פאַרבאָרגען, פאַרניכטען דעם בעוואוסט־זיין אז ער מוז אמאָל שטאַרבען, דאָס אַלץ האָט איצט שוין אזא ווירקונג ניט געהאַט. דיזע טעג האָט איוואַן איליטש פערבראַכט אין סטאַרען זיך דורכצוגעדרונגען צו ווערען מיט די פריהערדיגע געפיהלען זיינע, מיט די געפיהלען וואָס פלעגען פון איהם פאַרשטעלען דעם טוידט. ער פלעגט צו זיך זאָגען: „איך וועל זיך אריינלאָזען אין מיין ארבייט. פריהער פלעג איך דאָך אין דעם געפינען א גרויסען אינטערעס.“ און ער פלעגט אוועקטרייבען פון זיך זיינע פינסטערע געדאַנקען און געהן אין געריכט אריין. דאָרטען פלעגט ער שמועסען מיט זיינע חברים, זיך זעצען ביי'ן טיש פון געריכט, ווי ער פלעגט דאָס אימער טהאָן, כלומרשט מיט פערטראַכטע אויגען באַקוקען דעם פּובליקום, זיך אָנלעהנען מיט זיינע דאַרע, אָבגעצעהרטע הענט אויף די פאָרענצעס פון דעם דעמבענעם שטוהל, פונקט ווי ער פלעגט דאָס אימער טהאָן, זיך צובויגען צו זיין חבר, דעם ריכטער, וואָס איז געזעסען לעבען איהם, צורוקען צו איהם די פּאַפּיערען, זיך שושקענען מיט איהם, און דאַן פּלוצלינג א וואָרף טהאָן די אויגען ארויף־צו און אויסגלייכענדיג דעם קערפּער, פלעגט ער אויסריידען געוויסע קאַזיאָנע ווערטער און אָנפאַנגען די זיצונג. אָבער אין מיטען דערינען פלעגט דער וועהטאָג אין זייט, ניט קוקענדיג וואו מען האָט גע־

האַלטען אין פּראָצעס, זיך אָנהויבען זיין פּראָצעס, זיין זויגענדע, גריזשענדע ארבייט. איוואַן איליטש פלעגט זיך צוהערען, אוועק־טרייבען פון זיך די געדאַנקען וועגען איהם, אָבער ער, דער וועהטאָג, פלעגט זיך טהאָן דאָס זייניגע, און דאַן פלעגט קומען ער, דער טוידט, און זיך שטעלען גלייך אַנטקעגען איהם, און איוואַן איליטש פלעגט בלייבען זיצען ווי אַ צומישטער: די ליכט פלעגט אויס־געלאָשען ווערען אין זיינע אויגען, און ער פלעגט ווידער פרעגען ביי זיך: „צו דען איז בלויז ער דער אמת? דאכט זיך אַז איך לעב דאָך; איך בין דער זעלבער איוואַן איליטש. צי דען מוז איך שטאַרבען? מיט איבעראַשונג און מיט מיטלייד פלעגען זיינע חברים און זיינע אונטערטהעניגע זעהן ווי ער, דער גלענצענדער און טיעפזיניגער ריכטער, פּלאָנטערט זיך, ווייס ניט וואָס ער רעדט, מאַכט גרייזען. ער פלעגט זיך אַ טרייסעל טהאָן, זיך סטאַ־רען אריינצוטהאָן זיך אין דעם פּראָצעס, און ווי עס איז דערשלע־פּען די זיצונג ביז'ן ענד און דאַן קומען אהיים מיט דער טרויערי־גער איבערצייגונג, אַז זיין בעשעפטיגונג אַלס ריכטער קען שוין מעהר איהם ניט פאַרטומלען דאָס, וואָס ער וויל אין זיך פאַר־טומלען — קומען אהיים מיט דער איבערצייגונג, אַז מיט זיין ריכ־טער־אַרבייט קען ער זיך ניט רעטען פון איהם. דאָס ערגסטע איז געווען אַז ער, דער טוידט, פלעגט איהם שטערען אין זיין אַרבייט, ניט כדי ער זאָל עפּעס טהאָן זיך צו רעטען, נור כדי ער—איוואַן אי־ליטש — זאָל קוקען אויף איהם, אויפ'ן טוידט, — קוקען איהם גלייך אין די אויגען, קוקען און ניט טהוענדיג קיין זאַך, זיך מור־טשען און מוטשען.

אום זיך צו ראַטעווען פון דיעזען שרעקליכען צושטאַנד, פלעגט איוואַן איליטש זוכען עפּעס אַ טרויסט, זוכען עפּעס אַן אַנ־דער פאָרהאַנג וואָס זאָל דעם טוידט פון איהם פאַרבאָרגען. אַ נייער פאָרהאַנג פלעגט זיך ווירקליך געפינען, און אויף אַ קורצע צייט פלעגט ער, דאכט זיך, איהם טאַקי העלפען; אָבער באַלד פלעגט ווידער ווערען דאָס זעלבע. עס הייסט ניט, אַז דער נייער פאָרהאַנג זאָל פאַרשווינדען. עס פלעגט אָבער אָנהויבען דורך איהם

זיך דורכצוזעהן, עפּעס אזוי ווי ער, דער טוידט, וואָלט דורך אַלעס דורכגעדרונגען און קיין זאַך אויף דער וועלט וואָלט איהם ניט גע־קענט פאַרשטעלען.

ער געהט צום ביישפּיעל אַריין אין דעם גאַסט־זאַאַל, וועלכען ער האָט אַליין צוגעריכט, אין דעם זעלביגען גאַסט־זאַאַל, וואו ער איז אַראָפּגעפאַלען פון דעם לייטערעל, אין דעם גאַסט־זאַאַל פאַר וועלכען ער האָט געאָפּפערט זיין לעבען, ווי ער פלעגט זיך טראַכטען מיט אַ גיפטיגען שפּאַס, וואָרים פון דיעזען פאַל האָט זיך דאָך אָנ־געפאַנגען זיין גאַנצע קראַנקהייט. ער קומט אַריין און זעהט אַז אויפ׳ן לאַקירטען טיש איז פאַראַן אַ שניט, אַ טיעפער קראַץ פון וואָס עס איז. ער זוכט די אורזאַכע דערפון, און ער באַמערקט, אַז די בראָנזענע בעפּוצונג פון דעם אַלבאָם, ביים ברעג, איז אָב־געבויגען. אָט דאָס האָט דאָס מסתמא איינגעקראַצט דעם טיש. ער באַקוקט דעם אַלבאָם, דעם טייערען אַלבאָם, פאַר וועלכען ער האָט באַצאָהלט אַזאַ הויכען פּרייז און וועלכען ער האָט מיט אַזאַ ליעבע אָנגעפילט מיט בילדער; ער באַקוקט איהם און ער ערגערט זיך פאַר וואָס זיין טאָכטער און איהרע געסט זיינען אזוי נאַכלעסיג. וואָרים אינעווייניג אין דעם אַלבאָם, איז אַ בלאַט איינגעריסען, און אַ פאָטאָגראַף בילד איז אַריינגעשטעלט מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף. ער ברייננגט דאָס אין אָרדנונג און בויגט אָפּ דעם פאַרבויגענעם ברעג פון דער בראָנזענער בעפּוצונג.

דערנאָך איז ער זיך מיישב, אַז מען דאַרף דעם טישעל מיט די אַלבאָמען, מיט דער גאַנצער געשיכטע אַוועקשטעלען אין אַן אַנדער ווינקעל, לעבען די בלומען. ער רופט אַריין דעם לאַקיי, אָדער איהם קומט צו הילף די פרוי אָדער די טאָכטער. זיי זיינען מיט איהם ניט איינפערשטאַנען. זיי טענה׳ען אַז פריהער איז גע־ווען בעסער. ער דעבאַטירט, ער קאָכט זיך. עס איז איהם אָבער דאָך גוט, וואָרים ער פאַרגעסט זיך דערווייל אָן איהם. ער זעהט זיך ניט.

אָבער בשעת ער האַלט אין איין איבעררוקען דעם טיש מיט די אַלבאָמען, זאָגט די פרוי צו איהם: „וואַרט, די דיענער וועלען

דאָס טהאָן. דו וועסט זיך ווידער עפּעס אָנמאַכען"; און פּלוצ־לונג בעווייזט ער זיך דורכ'ן פאָרהאַנג. איוואַן איליטש האָט איהם דערזעהן. ער האָט זיך בעוויזען, איוואַן איליטש האָפט אַז ער וועט ווידער פאַרשווינדען, אָבער ער, איוואַן איליטש, הערט זיך ניט ווילענדיג צו צו דער זייט פון זיין בויך. דאָרטען זיצט אַלץ דאָס זעלבע — דער זעלבער וועהטאָג. עס גריזשעט אַלץ; און ער קען זיך דאָס שוין ניט ארויסשלאָגען פון קאָפּ. ער קוקט דייטליך ארויס פון הינטער די בלומען. צו וואָס דאַרף מען דאָס אַלץ — די בלומען מיט די אַלבאָמען און מיט דעם גאַנצען פּוץ?

„אַט דאָ ביי דיזער גאַרדין האָב איך פאַרלאָרען מיין לעבען", טראַכט ער זיך. „עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ פעסטונג און איך וואָלט געפאַלען איהר אַטאַקירענדיג. צי דען איז דאָס מעג־ליך? עס גלויבט זיך פּראָסט ניט. ווי שרעקליך און ווי לעכערליך! אונמעגליך! עס איז אונמעגליך, עס איז אָבער פּאָרט אַזוי".

ער געהט אריין צו זיך אין קאַבינעט, ער לעגט זיך צו, און בלייבט ווידער איבער אַליין מיט איהם. אונטער פיער אויגען מיט איהם, און מיט איהם קען מען גאָר ניט מאַכען, מען קען בלויז קוקען אויף איהם און ווערען פאַרגליווערט פון שרעק און פערצווייפלונג, קוקענדיג.

## VII

ווי אַזוי דאָס איז געוואָרען אויפ'ן דריטען מאָנאַט פון איוואַן איליטש'עס קראַנקהייט, איז שווער צו זאָגען, וואָרים דאָס איז געוואָרען ביסלעכווייז, ניט צו באַמערקען; געוואָרען אָבער איז אַזוי, אַז זיין פרוי, זיין טאָכטער, זיין זוהן, די דיענער, די דאָקטוירים — דער עיקר איז, אַז ער אַליין אויך — אַלע האָבען געוואוסט, אַז דער הויפּט אינטערעס וואָס מען האָט אין איהם בעשטעהט אין דער פראַגע צי וועט ער שוין באַלד אָפּטרעטען זיין פּלאַץ, צי וועט ער בעפרייען די לעבעדיגע פון דער לאַסט וואָס ער איז פאַר זיי, און זיך אַליין בעפרייען פון זיינע יסורים.

ער האָט געשלאָפען אַלץ ווייניגער און ווייניגער. מען האָט איהם איינגעגעבען אָפּיום און אָנגעהויבען איינצושפּריצען מאָרפין. אָבער דאָס האָט איהם זיינע יסורים ניט פערגרינגערט. אין דעם האַלב שלאָפענדיגען צושטאַנד אין וועלכען די אָפּיום אָדער די מאָרפין פלעגט איהם אריינברענגען, פלעגט ער פיהלען א טעמפּע במאַרע. פון דעם פלעגט איהם די ערשטע צייט אַביסעל לייכטער ווערען; אָבער בלויז די ערשטע צייט, ווען דער דאָזיגער געפיהל איז נאָך געווען א נייע זאַך. דערנאָך אָבער איז דיעזע טעמפּעקייט און פער'שכור'טקייט איהם געוואָרען נאָך שווערער צו פאַרטראָגען ווי די אָפּענע, ניט פאַרטומעלטע יסורים, וואָס ער פלעגט האָבען אין זיין ניכטערען צושטאַנד.

מען האָט פאַר איהם געקאָכט ספּעציעלע געריכטען, לויט די באַפעהלען פון די דאָקטוירים. אָבער דיעזע געריכטען האָבען ביי

איהם געהאט אַלץ ווענינער טעם; זיי זיינען איהם געוואָרען אַלץ עקעלהאפטער און עקעלהאפטער.

צו זיין שטוהל־גאַנג האָט מען אויך געברויכט ספּעציעלע מיט־לען; און דאָס האָט איהם יעדעס מאָל פאַרשאַפט יסורים. יסורים פון די שמוץ, פון די אונאַנשטענדיגקייט און פון דעם גערוך, און פון דעם, וואָס אַן אַנדער מענש האָט איהם געמוזט העלפען און אַנטייל נעהמען אין דעם.

אָבער אין דיעזער אונאַנגענעהמער זאַך האָט זיך בעוויזען אַ טרייסט פאַר איוואַן איליטש'ען. ארויסטראָגען די נאַכט־געשיער פלעגט קומען דער יונגער דיענער, דער פּויער געראַסים.

גערלאַסים איז געווען אַ ציכטיגער, אַ פרישער יונג, אַן אָב־געקאָרמעטער פון די גוטע שפּייז וואָס ער האָט געגעסען ביי זיינע פּריצ'ישע בעלי־הבתים. ער איז אימער געווען פרעהליך. אימער מיט אַ צופריעדענעם אָפענהערציגען קוק אין די אויגען. צו זעהן ווי דער דאָזיגער פּויער, וועלכער איז שטענדיג געווען אָנגעטהאָן אויפ'ן עכט רוסישען שטייגער, טהוט דיעזע עקעלהאפטע ארבייט, איז צוערשט איוואַן איליטש'ען געווען זעהר אונאַנגענעהם. ער האָט זיך געשעהמט.

איין מאָל, אויפשטעהענדיג פון דער געשיער און ניט האָבענ־דיג קיין כח ארויפצוציהען די הויזען, האָט ער זיך אַזוי אַ וואָרף געטהאָן אויף אַ ווייכען פאָטעל; און דערביי האָט ער מיט שרעק דערזעהן זיינע נאַקעטע, שוואַכע ליאַזשקעס*) מיט זיינע סטאַר־טשענדיגע מוסקולען.

גערלאַסים איז אריינגעקומען. זיינע שטיוועל, וועלכע זיינען געווען אויסגעשמירט מיט זשעגעכץ, האָבען פאַרשפּרייט אַן אָנ־גענעהמען, אַ געזונטען ריח, און פון איהם אַליין האָט זיך גע־טראָגען די פרישע ווינטערדיגע לופט פון דרויסען. ער איז אריינ־געקומען מיט לייכטע פעסטע טריט, אין אַ פאַרטוך, אין אַ ריינע

*) די אויבערשטע, די דיקערע העלפט פון די פיס, פון דעם קער־פּער ביז די קניע.

סימצענע העמד, די אַרבעל פאַרקאַשערט איבער זיינע קרעפטיגע הענט. ניט קוקענדיג איוואַן איליטש'ען אין געזיכט, און ניט אַרויסצייגענדיג די לעבענסלוסט וואָס האָט געוועהנליך גע־שיינט אין זיין יונגען פּנים, כדי איוואַן איליטש'ען זאָל ניט טרויע־ריג ווערען קוקענדיג אויף איהם, איז ער צוגעגאַנגען צו דער גע־שיער.

— געראַסים — האָט איוואַן איליטש געזאָגט מיט אַ שלאַפע שטימע.

געראַסים האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן. ער האָט זיך דערשראָקען, טאָמער האָט ער עפּעס געטהאָן ניט ווי מען בעדאַרף, און זיין פרי־שער, גוטער, איינפאַכער יונגער פּנים, וועלכער האָט נאָר וואָס גענומען בעוואַקסען ווערען מיט באָרד, האָט זיך אַ האַסטיגען קעהר געטהאָן צום חולה.

— דער הערר פערלאַנגט עפּעס?

— דיר איז דאָס מסתמא ניט אַנגענעהם. ענטשולדיג מיר. איך קען זיך ניט העלפען.

— וואָס רעדט דער הערר! — געראַסים האָט אַ בליסטשע געטהאָן מיט זיינע אויגען און אַרויסגעשטעלט זיינע יונגע ווייסע צייהן. — דער הערר איז דאָך ניט געזונט. איך טהו דאָס מיט פערגעניגען.

און מיט זיינע פלינקע שטאַרקע הענט האָט ער געטהאָן די אַרבייט, צו וועלכע ער איז שוין געווען געוואוינט, און איז אַרויס מיט לייכטע טריט. אין פינף מינוט אַרום איז ער צוריק אַריינ־געקומען.

איוואַן איליטש איז אַלץ געזעסען אויפ'ן גרויסען ווייכען שטוהל.

— געראַסים — האָט ער געזאָגט ווען דער יונגער פּויער האָט צוריק אַוועקגעשטעלט די געשיער, אָן אַרומגעוואַשענע, אַ ריינע. — זיי אַזוי גוט, העלף מיר, קום אַהער. (געראַסים איז צוגע־גאַנגען צו איהם) הויב מיר אויף; מיר אַליין איז שווער, דמיטר'ן האָב איך אַרויסגעשיקט.

מיט זיינע קרעפטיגע הענט און לייכט, ווי זיינע טריט, האָט געראַסים איהם אַרומגענומען, ווייך און פלינק איהם אויפגעהויבען; אַ מינוט איהם אַזוי געהאַלטען מיט איין האַנט, און מיט דער אַנדערער האַנט איהם אַרויפגעצויגען די הויזען. ער האָט איהם געוואָלט אַוועקזעצען, נור איוואַן איליטש האָט געבעטען ער זאָל איהם בעסער צופיהרען צו דער סאָפאַ. לייכט, כמעט אַזוי ווי ער וואָלט איהם געטראָגען, האָט געראַסים איהם צוגעפיהרט צו דער סאָפאַ און אַוועקגעזעצט.

— איך דאַנק דיר. ווי פלינק, ווי גוט... דו טהוסט אַלץ!

געראַסים האָט ווידער אַ שמייכעל געטהאָן און געוואָלט אַרויסגעהן. אָבער ווען געראַסים איז געווען אין צימער איז איוואַן איליטש'ען געווען אַזוי גוט, אַז ער האָט קיין חשק ניט געהאַט איהם צו לאָזען אַרויסגעהן.

— ווייסט גאָר וואָס: זיי אַזוי גוט, רוק מיר צו יענעם שטוהל. ניין, יענעם. רוק מיר איהם אַרונטער אונטער די פיס. ווען די פיס זיינען העכער איז מיר בעסער.

געראַסים האָט צוגעטראָגען דעם שטוהל און איהם אַוועקגעשטעלט; פּאַמעלעך, ניט געבענדיג דעם קלענסטען זעץ, שטיל, פּאָרזיכטיג האָט ער דעם שטוהל אַראָפּגעלאָזען צו דער פּאָדלאָגע, אויפגעהויבען איוואַן איליטש'עס פיס, און זיי אַוועקגעלעגט. איוואַן איליטש'ען האָט זיך געדוכט, אַז בשעת געראַסים האָט הויך אויפגעהויבען זיינע פיס, איז איהם לייכטער געוואָרען.

— מיר איז בעסער ווען די פיס זיינען העכער — האָט ער געזאָגט — לעג מיר אונטער אָט יענע קישען.

געראַסים האָט אַזוי געטהאָן. ער האָט ווידער אויפגעהויבען דעם חולה'ס פיס, און זיי אַוועקגעלעגט אויפ'ן קישען. אין דער מינוט וואָס געראַסים האָט געהאַלטען זיינע פיס אויפגעהויבען איז איוואַן איליטש'ען ווידער גרינגער געוואָרען. ווען געראַסים האָט זיי צוריק אַראָפּגעלאָזען, האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז איהם איז ווידער ערגער.

— געראַסים — האָט ער געזאָגט — דו ביזט איצט פאַרנו־מען?

— ניין, מיין הערר — האָט געענטפערט געראַסים, וועלכער האָט אין שטאָדט זיך שוין אויסגעלערנט ווי צו ריידען מיט הער־רען.

— וואָס נאָך האָסטו צו טהאָן?

— ווייטער גאָר ניט. איך האָב שוין אַלץ אָבגעטהאָן. איך דאַרף נור אָנהאַקען האָלץ אויף מאָרגען.

— טאָ האַלט זשע מיר אַביסעל די פיס וואָס העכער. קענסט דאָס טהאָן?

— פאַר וואָס ניט? געוויס קען איך.

געראַסים האָט זיינע פיס אויפגעהויבען, און איוואַן איליטש'ען האָט זיך געדוכט, אַז אַזוי פיהלט ער גאָר קיין שום וועהטאָג ניט.

— און וואָס איז מיט די האָלץ? האָט ער געפרעגט.

— וועגען דעם דאַגה'ט ניט. איך'ל פאַספּייען.

איוואַן איליטש האָט געראַסים'ען געהייסען זיך זעצען און איהם צוהאַלטען די פיס און שמועסען מיט איהם. און — ס'איז דאָך אַ מאָדנע זאַך! — איהם האָט זיך געדוכט, אַז כל זמן געראַסים האַלט זיינע פיס, איז איהם אַ סך בעסער.

פון דענסמאָל אָן פלעגט איוואַן איליטש אָפט רופען צו זיך געראַסים'ען און איהם הייסען האַלטען זיינע פיס ביי זיך אויף די פּלייצעס; און דערביי האָט ער ליעב געהאַט מיט איהם צו שמועסען. געראַסים האָט דאָס אַלץ געטהאָן לייכט, מיט חשק, איינפאַך און מיט אַזוי פיעל גוטסקייט, אַז ביי איוואַן איליטש'ען איז פּראָסט צוגאַנגען דאָס האַרץ פון דעם. דאָס וואָס אַנדערע מענשען זיינען געווען געזונט און מונטער, האָט איוואַן איליטש'ען געערגערט — אַזוי ווי זיי וואָלטען דאָס געמאַכט איהם אויף צו להכעיס. בלויז אויף געראַסים'ען האָט איהם ניט פערדראָסען וואָס ער איז אַזוי שטאַרק און מונטער. אדרבא, דאָס איז איהם אָנ־גענעהם געוועזן צו זעהן: ער פלעגט זיך פיהלען רוהיגער דערביי.

מעהר פון אַלץ האָט איוואַן איליטש'ען געמוטשעט די פאַלש־

קיים, דער ליגען — דער ליגען, וועלכען אלע האָבען געהאַלטען פאר נויטיג אנצוערקענען אלס אן אמת — אז ער איז נור קראַנק, אָבער אז ער שטאַרבט ניט, און אז ער דאַרף נור זיין רוהיג און קורירען זיך, און דאַן וועט ארויסקומען עפּעס זעהר א גוטע זאך! ער אָבער האָט געוואוסט, אז וואָס מען זאָל ניט טהאָן, וועט פון דעם ניט ארויסקומען קיין אנדער זאך ווי נור שרעקליכערע יסורים און דער טוידט. דיעזער ליגען האָט איהם געמוטשעט; איהם האָט געמוטשעט פאר וואָס מען וויל ניט מודה זיין דאָס, וואָס אלע ווייסען און וואָס ער אליין ווייס; איהם האָט געמוטשעט דאָס וואָס מען וויל נור זאָגען ליגען וועגען זיין שרעקליכען צושטאַנד און איהם אליין צווינגט מען אויך אנטייל צו נעהמען אין דיעזען ליגען, ליגען און ליגען! אָט דיעזער ליגען וואָס מען האָט געזאָגט און געטהאָן ביי'ן שוועל פון זיין טוידט; דער ליגען מיט וועלכען מען האָט זיך געסטאַרעט דעם שרעקליכען, דעם הייליג־שרעקליכען אקט פון זיין טוידט צו מאַכען פאר אזא געוועהנליכע וואָכעדיגע זאך ווי די וויזיטען פון געסט, אָדער ווי די פאָרהאַנגען פון די פענסטער, אָדער ווי די פיש וואָס מען האָט געקאָכט אויף וועטשערע! — דיעזער ליגען האָט איוואן איליטש'ען געמוטשעט אָהן א שיעור. פיעל מאָל ווען זיי האָבען מיט איהם געשפּיעלט דיעזע קאָמעדיעס, האָט ער שיער, שיער ניט אויסגעשריען: „הערט אויף צו מאַכען אייערע שטיק! איהר ווייסט און איך וויים, אז איך שטאַרב. טאָ הערט כאָטש אויף דרעהען א מוח מיט אייער אָנשטעל!" ער האָט אָבער קיין מאָל דעם מוטה ניט געהאַט דאָס צו זאָגען. ער האָט געזעהן, אז דער שרעקליכער, דער אימה'דיגער אקט פון זיין שטאַרבען איז ביי זיין פאַמיליע און פריינד ניט מעהר ווי א מין אונאַנגענעהמע סיבה, אביסעל זאָגאר ווי עפּעס אן אונאַנשטענדיגע זאך; מען בעהאַנדעלט איהם אויף אזא שטייגער למשל, ווי מען בעהאַנדעלט א מענשען וועלכער קומט אריין אין א זאַאל מיט א מיאוס'ען גע־רוך. די כללים פון אַנשטענדיגקייט פאָדערען אז מען זאָל זיך מאַ־כען ניט וויסענדיג פון דעם גערוך; און דאָ מאַכט מען זיך

ניט וויסענדיג אז איוואַן איליטש שטאַרבט. און דיעזע פאַלשע כללים פון אנשטענדיגקייט און שעהנע מאַנירען האָט ער, איוואַן איליטש, געדיענט דעם גאַנצען לעבען! ער האָט געזעהן, אז אין אמת'ן האָט קיינער אויף איהם קיין רחמנות ניט, וואָרים קיינער וויל זאָגאַר ניט פאַרשטעהן זיין לאַגע. בלויז געראַסים האָט פאַר־שטאַנען זיין לאַגע און רחמנות געהאַט אויף איהם. און דעריבער האָט איוואַן איליטש זיך גוט געפיהלט נור דאַן, ווען געראַסים איז געוועזען ביי איהם אין צימער. אמאָל פלעגט געראַסים אַ גאַנ־צע נאַכט ביי איהם אָפּזיצען; זיצען און האַלטען זיינע פיס און ניט וועלען געהן שלאָפען. „קימערט זיך נים, איוואַן איליטש", פלעגט ער זאָגען, „איך וועל נאָך שלאָפען אויך. עס איז נאָך דאָ גענוג צייט". אַך, ווי גוט איוואַן איליטש'ען איז געוועזען דערפון! פיהלענדיג זיך נאָהענט צו זיין קראַנקען בעל־הבית, פלעגט גע־ראַסים אמאָל נעהמען איהם זאָגען „דו", אויף דעם פריינדליכען דאָרפישען שטייגער: „פון וואוילטאָג דאַרפסטו דאָך דאָס ניט" — פלעגט ער אַ זאָג טהאָן — „ביזט נעבאַך קראַנק; היינט פאַר וואָס זאָל איך דיר ניט העלפען מיט וואָס איך קען?" געראַסים איז געוועזען דער איינציגער, וואָס האָט איהם קיין ליגען ניט גע־זאָגט, און קיין פאַלשע ראָלע פאַר איהם ניט געשפּיעלט. מען האָט געקענט זעהן, אז ער, און בלויז ער, פאַרשטעהט און פיהלט וואָס דאָ קומט פאָר; אז ער האַלט ניט פאַר נויטהיג דאָס צו פאַר־באָרגען און האָט אויפ'ן שלאָפען אָבגעצערטען פריץ איינפאַך רחמנות. איין מאָל האָט ער זאָגאַר געזאָגט גאַנץ אָפען:

— מיר וועלען אַלע שטאַרבען. היינט פאַר וואָס זאָל איך זיך פוילען צו טהאָן דאָס וואָס מען דאַרף?

מיט דיעזע ווערטער האָט געראַסים געמיינט אויסצודריקען, אז ער איז בערייט ניט צו דערשלאָפען פון איוואַן איליטש'עס ווע־גען אָט טאַקי דערפאַר וואָס ער האַלט געבעך ביי'ן שטאַרבען און ער האָפט, דאָס ווען ער, געראַסים, וועט אמאָל האַלטען ביי'ן שטאַר־בען, וועט זיך געפינען ווער עס זאָל צו איהם אויך זיין פריינדליך. אַ חוץ די פאַלשע ראָלע וואָס מען האָט אַרום איהם געשפּיעלט

(אָדער אפשר טאָקי דורך דעם וואָס מען האָט געשפּיעלט אזא ראָלע), האָט איוואַן איליטש די גרעסטע יסורים געהאַט פון דעם, וואָס מען האָט אויף איהם ניט געהאַט קיין רחמנות, און איהם האָט זיך זעהר געוואָלט אז מען זאָל אויף איהם רחמנות האָבען. אָפט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך לאַנג אָנגעפּלאָגט פון זיינע וועה־טאָגען, פלעגט זיך איהם גלוסטען, אז אימיצער זאָל אויף איהם רחמנות האָבען ווי אויף א קראַנקען קינד. ער האָט זיך געשעהמט פאַר זיך אַליין דאָס מודה צו זיין. ער האָט אָבער פאָרט אזוי גע־פיהלט. איהם האָט זיך געוואָלט אז מען זאָל איהם לאַסטשען, קושען, וויינען איבער איהם, ווי מען לאַסטשעט און מען טרייסט קינדער. ער האָט געוואוסט אז ער איז א וואַזשנער ריכטער, אז ער האָט א באָרד, וואָס איז שוין א היבש ביסעל גראָה, און דעריבער איז דאָס אונמעגליך. און פון דעסטוועגען האָט זיך דאָס איהם גע־גלוסט. אין זיינע פערהעלטניסע צו געראַסים'ען איז געווען עפּעס ענליכעס צו דיעזען געפיהל. דעריבער זיינען דיעזע פערהעלטניסע געווען א טרייסט פאַר איהם. איוואַן איליטש'ען ווילט זיך וויינען; איהם ווילט זיך אז מען זאָל איהם לאַסטשען און וויינען איבער איהם; אָבער אָט קומט איהם בעזוכען דער ריכטער שעבעק, זיין חבר, און אַנשטאָט צו וויינען און זיך פּיעסטשען, מאַכט איוואַן איליטש גאַר אַן ערנסטען, שטרענגען, פאַרטיעפטען פנים און פון געוואוינהייט דריקט ער אויס א מיינונג וועגען א פּראָצעס און האַלט זיך פעסט אָן דיעזער מיינונג. דיעזע פאַלשקייט ארום און ארום איהם, און אין איהם גופא האָט איהם מעהר ווי אַלעס פאַר־גיפטעט די לעצטע טעג פון זיין לעבען.

## VIII

עס איז געווען אַ פריה־מאָרגען. איוואַן איליטש האָט גע־וואוסט אַז עס איז פריה־מאָרגען נור דערפון וואָס געראסים איז אוועק און עס איז אריינגעקומען פּיאָטר, דער לאַקיי, און ער האָט פאַרלאָשען די ליכט, פאַנאַנדערגעעפענט איין גאַרדין, און שטי־לערהייט גענומען אויפראַמען. צי פריה־מאָרגען, צי אַבענד, צי פרייטאָג, צי זונטאַג — עס איז אַלץ איינס, אַלץ דאָס זעלבע: דער זעלבער נאָגענדער שרעקליכער וועהטאָג וועלכער הערט ניט אויף אויף איין מינוט; דער זעלבער געפיהל אַז עס איז ניטאָ קיין האָפנונג, אַז דאָס לעבען האַלט אַלץ אין איין אוועקגעהן, אָבער אַז דערוויילע איז עס נאָך ניט אוועקגעגאַנגען; דער זעלבער טוידט וועלכער האַלט אימער אין רוקען זיך צו איהם, דער זעלבער שרעק־ליכער, העסליכער טוידט, וועלכער איז די איינציגע ווירקליכקייט, און דערזעלבער ליגען וואָס ער זעהט אַרום זיך. היינט וואָס הייסט טעג, וואָכען, שטונדען? וואָס איז די נפקא מינא?

—זאָל איך דעם הערר אַריינברייננגען טהעע?

„איהם איז נויטיג אַז אַלץ זאָל געהן אין דער געוועהנליכער אָרדנונג, און אַז אין דער פריה זאָלען די הערן טרינקען טהעע" — האָט איוואַן איליטש זיך געקלערט.

— ניין — האָט ער געענטפערט.

— ווענט איהר זיך אפשר לייגען אויף דער סאָפאַ?

„ער דאַרף אויפראַמען דעם צימער און איך שטער איהם. איך בין אַן אונריינע זאַך, אַן אונאָרדנונג" — האָט ער זיך גע־טראַכט.

— ניין, לאָז מיך צורוה.

דער לאַקיי האָט זיך ארומגעדרעהט נאָך א ווײַלע. איוואַן איליטש האָט אויסגעשטעלט די האַנט. פּיאָטר איז צו איהם צוגעלאָפען.

— דער הערר פערלאַנגט עפּעס?

— דעם זייגער.

פּיאָטר האָט גענומען דעם זייגער, וועלכער איז געלעגען לעבען איוואַן איליטש'ען, און ער האָט איהם דערלאַנגט.

— האַלב צעהן. מען שלאָפט נאָך?

יא, מיין הערר. וולאַדימיר איוואַנאָוויטש (דאָס איז געווען איוואַן איליטש'עס זוהן) איז אַוועק אין גימנאַזיע, פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונא האָט געהייסען מען זאָל איהר אויפוועקען, אויב דער הערר וועט איהר רופען. זאָל איך איהר אויפוועקען?

— מען דאַרף ניט.

„אפשר פּאָרט טרינקען טהעע?" האָט איוואַן איליטש א קלער געטהאָן.

— ברייננ טהעע.

פּיאָטר האָט גענומען ארויסגעהן. איוואַן איליטש'ען איז שרעקליך געוואָרען צו בלייבען אַליין. „מיט וואָס קען איך איהם פאַרהאַלטען? מען דאַרף איהם הייסען דערלאַנגען די רפואות" — פּיאָטר, דערלאַנג מיר די רפואות — האָט ער געזאָגט („אפשר וועט דאָס העלפען", קלערט ער זיך). ער האָט גענומען א לעפעל רפואות און דאָס איינגענומען. „ניין, עס וועט ניט העלפען. א נעכטיגער טאָג! שווינדעל און ווייטער גאָר ניט!" האָט ער געזאָגט צו זיך, ווען ער האָט דערפילט דעם באַקאַנטען ברידזשעדיגען טעם, פון וועלכען ער וועט שוין מסתמא קיין מאָל ניט פּטור ווערען. „איך קען שוין מעהר ניט גלויבען. אָבער צו וואָס איז דער וועהטאָג? דער וועהטאָג צו וואָס איז? וואָלט כאָטש אויף א מינוט אויפהערען!" ער האָט אָנגעהויבען צו קרעכצען. פּיאָטר איז ווידער אריינגעקומען.

— געה, איך דאַרף דיר ניט. ברייננ טהעע.

פּיאָטר איז אַרויס, איוואַן איליטש האָט געקרעכצט, ניט אַזוי פון יסורים, כאָטש זיינע יסורים זיינען געווען שרעקליכע, ווי פון פערצווייפלונג. „אַלץ דאָס זעלבע, אונענדליכע טעג און נעכט. וואָלט דאָס כאָטש געווען וואָס גיכער. וואָס זאָל זיין גיכער? דער טוידט, פינסטערניס... ניין, אַלץ אין דער וועלט, אַבי ניט דער טוידט.”

ווען פּיאָטר איז אַריינגעקומען מיט טהעע אויף אַ טאַץ, האָט איוואַן איליטש אויף איהם לאַנג געקוקט פאַרטראַכטערהייט. ער האָט ניט פערשטאַנען ווער ער איז און וואָס ער איז. פּיאָטר האָט פון זיין קוק זיך פאַרשעהמט, און ווען פּיאָטר האָט זיך פאַרשעהמט, האָט איוואַן איליטש זיך אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרטראַכטקייט.

— אָה, טהעע! גוט, שטעל אַוועק. וואַרט, וועסט מיר העלפען זיך אָנטהון; ברייננ מיר אַ פרישע העמד.

איוואַן איליטש האָט זיך גענומען וואַשען, אָפּרוהענדיג זיך אַלע וויילע; ער האָט אָבגעוואַשען די געזיכט, אויסגערייניגט די ציין, זיך גענומען פאַרקעמען די האָהר און אַ קוק געטהאָן אין שפּיעגעל. עס איז איהם שרעקליך געוואָרען. דער עיקר איז איהם שרעקליך געווען ווען ער האָט באַמערקט ווי די האָהר ליגט פלאַך צוגע־קלעפּט צו זיין בלאַסען שטערען.

ווען פּיאָטר האָט איהם געהאָלפען איבערבייטען די העמד, האָט ער, איוואַן איליטש, געוואוסט, אַז אויב ער וועט אַ קוק טהאָן אויף זיין נאַקעטען קערפּער, וועט איהם ווערען נאָך שרעקליכער; ער האָט דעריבער אויף זיין קערפּער ניט געקוקט. ווען דאָס איז געווען געענדיגט, האָט ער אָנגעטהאָן זיין שלאָפראָק, זיך צוגעדעקט מיט אַ פּאַטשיילע און זיך געזעצט אין זיין גרויסען שטוהל, גע־גרייט צו טרינקען טהעע. אויף אַ מינוט האָט ער זיך געפיהלט בעסער, לייכטער, פרישער. ווי נור ער האָט אָנגעהויבען צו טרינ־קען טהעע, אַזוי האָט ער ווידער דערפיהלט דעם זעלבען עקעל־האַפטען טעם אין מויל און דעם זעלבען וועהטאָג אין זייט. ער האָט קוים מיט צרות אויסגעטרונקען די גלאָז טהעע. דאַן האָט ער

זיך געלעגט און אויסגעצויגען די פיס. ער האָט געהייסען פיאָטר'ן געהן.

אַלץ דאָס זעלבע. דאָ גיט אַ בליסטש אַ טראָפּען האָפנונג, דאָ צושטורעמט זיך אַ ים מיט פערצווייפלונג, און עס טהוט אַלץ וועה, עס טהוט אַלץ וועה; עס דריקט אַלץ אַ שרעקליכע קלעמעניש, אימער דאָס זעלבע. צו זיין אַליין איז איהם שרעקליך אומעדיג; עס ווילט זיך איהם אריינרופען ועמען עס איז; ער וויים אָבער שוין פאָראויס, אז ווען מען קומט צו איהם אריין — די פרוי אָדער די טאָכטער, אָדער אַ בעקאַנטער — ווערט איהם נאָך ערגער אויפ'ן הארצען. „כאָטש מאָרפין איינגעהמען; כאָטש פאַרשלעפּערט ווערען. איך וועל זאָגען דעם דאָקטאָר ער זאָל צוקלעהרען נאָך עפּעס. אזוי איז אונמעגליך, אונמעגליך אזוי."

אזוי געהט אוועק אַ שטונדע, צוויי. אָבער אָט הערט זיך ווי עס קלינגט דער גלעקעל אינ'ם פאָרצימער. אפשר דער דאָקטאָר? טאַקי דער דאָקטאָר — אַ פרישער, אַ מונטערער, אַ פעטער, אַ פרעהליכער, מיט זיין געוועהנליכען אויסדרוק אויפ'ן פנים, אזוי ווי ער וואָלט זאָגען: „איהר, הערר פאַציענט, זייט צושראָקען. איהר מיינט עס איז גאָט ווייס וואָס; אָבער איך וועל אייך שוין אַלץ צורעכט מאַכען, נישקשה." דער דאָקטאָר וויים אייגענטליך גאַנץ גוט אז דאָ איז ניט דער אָרט צו מאַכען אזא מינע; אָבער איינמאָל האָט ער דיעזע מינע ארויפגענומען צו זיך אויפ'ן פנים, קען ער שוין איהר ניט אראָפּנעהמען. ער האָט די מינע אָנגעטהאָן אזוי ווי איינער טהוט אין דער פריה אָן אַ ראָק און פאָהרט אין איהם מאַכען וויזיטען.

דער דאָקטאָר רייבט די הענט. ער טהוט דאָס מיט מונטערקייט און מיט אַן אויסדרוק פון טרייסט.

— די הענט זיינען ביי מיר קאַלט. אַ געזונטער פראָסט. וואַרט, איך'ל זיך אָנוואַרעמען, — זאָגט ער. ער זאָגט דאָס אויף אזא שטייגער, אזוי ווי מען וואָלט נור דאַרפען וואַרטען אַ ביסעלע,

ביז ער וועט זיך אַנוואַרימען, און דאַן, ווען ער וועט זיך אַנוואַ־רימען, וועט ער שוין אַלץ צורעכט מאַכען.

— נו, ווי געהט עס?

איוואַן איליטש פאַרשטעהט אַז דעם דאָקטאָר ווילט זיך פרעגען מיט זיין געוועהנליכען דאָקטאָרשען שפּאַס: — ווי געהען די געשעפטען? — אָבער ער פיהלט אַז מאַכען שפּאַס פּאַסט זיך שוין דאָ ניט, און דעריבער פרעגט ער: — ווי האָט איהר פערבראַכט די נאַכט?

איוואַן איליטש קוקט אויפ'ן דאָקטאָר מיט דעם אויסדרוק פון אַ פראַגע, אַזוי ווי ער וואָלט געפרעגט:

„צו דען וועסטו קיינמאָל ניט אָנהויבען זיך צו שעהמען וואָס דו שפּיעלסט אַזאַ פאַלשע ראָלע?" אָבער פון דיעזע שטור־מע פראַגע מאַכט זיך דער דאָקטאָר ניט וויסענדיג.

איוואַן איליטש ענטפערט אויפ'ן דאָקטאָר'ס פראַגע:

— אַלץ שלעכט, אַלץ שרעקליך. דער ווערטאָג הערט אַלץ ניט אויף. איהר וואָלט מיר כאָטש עפּעס געגעבען!

— איהר, פּאַציענטען, זייט אימער אַזוי. נו, איך האָב זיך שוין דאַכט זיך אָנגעוואַרימט. אפילו די פּינקטליכע פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ, וועלכע היט אַלץ אָפּ אויפ'ן האָר, אפילו זי, וואָלט ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצען געגען מיין טעמפּעראַטור. נו, אַ גוטער מאָרגען אייך! — און דער דאָקטאָר דריקט איהם די האַנט.

אוועקוואַרפענדיג דעם שפּאַסיגען טאָן, מיט וועלכען ער האָט פריהער גערעדט, הויבט דער דאָקטאָר אָן מיט אַ סעריעזע מינע צו אונטערזוכען דעם קראַנקען זיין פּולס, זיין טעמפּעראַטור. עס פאַנגט זיך אָן די געוועהנליכע סדרה פון אויסקלאַפּען, אויס־הערען.

איוואַן איליטש ווייס גאַנץ גוט, ער האָט קיין שום צווייפעל ניט, אַז דאָס אַלץ איז אַ פּוסטע צערעמאָניע, ניט מעהר ווי אַן אָנשטעל. דאָך, ווען דער דאָקטאָר שטעלט זיך אויף די קניה און בויגט זיך אַריבער איבער איהם און לעגט צו דעם אויער דאָ

העכער, דאָ נידעריגער, און דרעהט זיך איבער איהם מיט אַ פּאָר־טיעפסטען, וואזשנעם פּנים, הויבט איוואַן איליטש ניט וועלענדיג אָן צו גלויבען, אז דאָס האָט אַ ווערדע. עס איז געוועזן פּונקט, ווי ביי איהם אין געריכט. איוואַן איליטש ווייס דאכט זיך גאַנץ גוט אז דער אדוואָקאט זאָגט נור ליגען און צו וואָס ער זאָגט ליגען, און דאָך, ווערט ער, דער ריכטער, אריינגעצויגען און הערט זיך צו צום אַד־וואָקאט'ס טענות ווי צו עפּעס רעכטס.

ווי דער דאָקטאָר איז אַזוי געשטאַנען מיט די קניה אויף דער סאָפע און נאָך עפּעס אויסגעקלאַפּט, האָט זיך דערהערט דער שאָרך פון פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונאַ'ס זיידענע קלייד און איהר קול, ווי זי רעדט פּיאָטר'ן אוים, פאַרוואָס ער האָט איהר גלייך ניט געלאָזט וויסען, אז דער דאָקטאָר איז דאָ.

זי קומט אריין, גיט דעם מאַן אַ קוש און פאַנגט גלייך אָן צו בעווייזען, אז זי איז שוין לאַנג אויפגעשטאַנען און אז בלויז דורך אַ מיספערשטענדניס איז זי ניט געוועזן דאָ אין צימער, בשעת דער דאָקטאָר איז געקומען.

איוואַן איליטש קוקט אויף איהר, בעטראַכט איהר פון קאָפּ ביז די פיס, און ביי איהם קומט עס אוים ווי אַ פאַרברעכען, וואָס איהר פּנים איז אַזוי ווייס, וואָס זי איז אַזוי פּוכקע, וואָס די הויט אויף איהרע הענט און אויף איהר האַלז איז אַזוי ריין, אָהן אַ שפּרינקעלע; וואָס די האָר האָט ביי איהר אַזאַ גלאַנץ און די אויגען בליסטשען אַזוי און זיינען פול מיט לעבען. ער האָט איהר פיינט פון טיעפסטען האַרצען. דאָס וואָס זי האָט זיך צו איהם צוגעריהרט, רופט אין איהם אַרויס אַ שטראָם פון האַס, וועלכער פערשאַפט איהם ליידען.

איהר פערהאַלטען זיך צו איהם און צו זיין קראַנקהייט, איז געוועזן די געוועהנליכע פאַלשע צערעמאָניע. פּונקט ווי דער דאָק־טאָר האָט אויסגעארבייט ווי אַזוי צו ריידען מיט זיינע פּאַציענ־טען, אַזוי האָט זי אויסגעארבייט ווי אַזוי צו ריידען מיט איהר קראַנקען מאַן. דער טאָן איהרער איז געוועזן עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט ניט געפאָלגט און פאַרפעהלט צו טהאָן עפּעס וואָס ער

דאַרף טהאָן; אַזוי ווי ער אַליין וואָלט געוועזן שולדיג וואָס ער ווערט ניט בעסער, און זי רעדט דאָס איהם אויס ווי אַ ליעבענדע פרוי. אָט אין דעם איז בעשטאַנען די ראָלע וואָס זי האָט גע־שפּיעלט; און פּונקט ווי דער דאָקטאָר האָט שוין פון זיך ניט געקאָנט אַראָפּוואַרפען דעם טאָן, מיט וועלכען ער האָט גערעדט צו זיינע פּאַציענטען, אַזוי האָט זי פון זיך ניט געקענט אַראָפּוואַרפען דיעזען טאָן איהרען.

— וואָס טהוט מען, וואָס ער פאָלגט ניט און נעהמט ניט די רפואות ווען מען דאַרף? — זאָגט זי, — די הויפּט זאַך איז וואָס ער לעגט זיך דוקא אַזוי ווי פאַר איהם איז מסתמא שעדליך צו ליגען. מיט די פיס אין דער הויך, האָט ער ליעב צו ליגען.

זי האָט דערצעהלט ווי ער הייסט געראַסים'ען איהם האַלטען די פיס.

דער דאָקטאָר האָט אַ שמייכעל געטהאָן, אי מיט פעראַכטונג, אי מיט פריינדליכקייט, גלייך ווי ער וואָלט געזאָגט: „וואָס קען מען מאַכען? קראַנקע טראַכטען אַמאָל אויס ווער־ווייסט וואָס; מען קען זיי דאָס אָבער פערצייהען."

ווען די אונטערזוכונג איז געווען געענדיגט, האָט דער דאָק־טאָר אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער, און דאַן האָט פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונאַ געזאָגט צו איוואַן איליטש'ען, אַז — צי ער וויל צי ניט — זי האָט שוין בעשטעלט דעם בעריהמטען דאָקטאָר, און אַז ער צוזאַמען מיט מיכאַאיל דאַנילאָוויטש'ען (אַזוי האָט געהייסען דער געוועהנליכער דאָקטאָר) וועט איהם אונטערזוכען און בע־טראַכטען וואָס מען דאַרף טהאָן.

— זאָג נור ניט, אַז דו ווילסט ניט. איך טהו דאָס פאַר זיך אַליין, — האָט זי געזאָגט איראָניש; דאָס הייסט, אַז אין אמת'ן טהוט זי דאָך דאָס נור פאַר איהם, אַז איהם זאָל זיין בעסער, און אַז דעריבער האָט ער קיין רעכט ניט צו זיין דאַגעגען. ער האָט געשוויגען און זיך געקרימט. ער האָט געפיהלט, אַז די פאַל־שקייט, וועלכע רינגעלט איהם אַרום, פּלאָנטערט זיך אַזוי, אַז עס איז שוין פּראָסט אונמעגליך צו דערגעהן אַ טאָלק.

זי האָט אַלץ געטהאָן נור פאַר זיך אַליין, פאַר איהרע אייגענע אינטערעסען; און געזאָגט האָט זי, אַז זי טהוט דאָס פאַר זיך אַליין, מיט אַזאַ טאָן, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַזוי לעבערליך, אַז ער מוז דאָס טייטשען פאַרקעהרט; דאָס הייסט, אַז אין אמת'ן האָט זי אין זינען נור איהם.

האַלב צוועלף איז דער בעריהמטער דאָקטאָר ווירקליך געקומען. ווידער האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סדרה פון אונטערזוכונגען און אויסהערען, פון וואַזשנע רייד, אי ביי זיין בעט, אי אין דעם נעקסטען צימער; רייד וועגען זיין ניר, וועגען זיין בלינדע קישקע; פראַגען און אַנטוואָרטען. דאָס אַלץ איז געטהאָן געוואָרען מיט אַזאַ וואַזשנעם פּנים, אַז עס איז ווידער אויסגעקומען אַנדערש ווי אין אמת'ן: אַנשטאָדט דער אמת'ער פראַגע וועגען לעבען און טוידט; די איינציגע פראַגע, וועלכע איוואַן איליטש האָט איצט געזעהן פאַר זיך, איז גאָר אַרויסגעקומען אַן אַנדער פראַגע: אַ פראַגע וועגען אַ ניר און אַ בלינדע קישקע, וועלכע האָבען עפּעס געטהאָן ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין, און צו וועלכע דער הויז־דאָקטאָר און דער בעריהמטער דאָקטאָר וועלען זיך אַזאַ נעהם טהאָן, אַז זיי וועלען מוזען בעסער ווערען.

דער בעריהמטער דאָקטאָר האָט זיך געזעגענט מיט אַן ערנסטע מינע. אָבער אַז עס איז ניטאָ קיין האָפנונג — דאָס האָט זיין פּנים ניט אויסגעדריקט. ווען איוואַן איליטש האָט צו איהם אויפגעהויבען זיינע אויגען, וועלכע האָבען געבליטשטשעט מיט שרעק און מיט האָפנונג, און ער האָט אָהן קוראַזש, שעמעוודיג געפרעגט אויב עס איז פאַראַן אַ מעגליכקייט, אַז ער זאָל געזונט ווערען, האָט דער בעריהמטער דאָקטאָר געענטפערט, אַז גאַראַנטירען קען מען ניט, אָבער אַז אַ מעגליכקייט איז געווים דאָ. דער האָפנונגספולער בליק, מיט וועלכען איוואַן איליטש האָט בעגלייט דעם דאָקטאָר, איז געווען אַזאַ הארצרייסענדער, אַז געהענדיג נאָכ'ן בעריהמטען דאָקטאָר אום איהם צו בעצאָהלען, האָט פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ זיך צו'וויינט.

דעם דאָקטאָר'ס אנטוואָרט האָט איוואן איליטש'ען צוגעגע־בען מוטה, אָבער דאָס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. ווידער דער זעלבער צימער, ווידער די זעלבע בילדער אויף די ווענט; די זעלבע גארדינען, אָביצעס, פלעשעלעך און דער זעלבער קערפּער, וועלכער האָט יסורים און מוטשעט זיך. איוואן איליטש האָט אָנ־געהויבען צו קרעכצען. מען האָט איהם געמאַכט אַן איינשפּרי־צונג, און ער איז פארדולט געוואָרען.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען פארנאַכט־לעך. מען האָט איהם געבראַכט עסען. ער האָט קוים מיט מאַ־טערניש אויפגעגעסען די בוליאָן; און — ווידער דאָס זעלבע! און ווידער קומט אָן די נאַכט!

ווען ער האָט אָבגעגעסען, ארום זיעבען, איז אין זיין צימער אריינגעקומען פּראַסקאָוויא פּיאָדאָראָוונאַ, אָן אויסגעפּוצטע ווי צו געהן אויף א באַל; מיט איהרע דיקע, פאַרשנורעוועטע בריסט, מיט דעם סליאַד פון פּודרע אויפ'ן פּנים. נאָך אין דער פריה האָט זי איהם דערמאָנט וועגען דער טהעאַטער פאָרשטעלונג, אויף וועלכע זי האָט זיך געקליבען צו געהן מיט די קינדער. סאַרא בערנאַרד איז געקומען אויף עטליכע פאָרשטעלונגען און זיי האָבען גענומען א לאָזשע. דאָס האָט ער, איוואן איליטש, געפאָדערט, אז מען זאָל א לאָזשע נעהמען. אָבער איצטער האָט ער זיך פארגע־סען וועגען דעם, און איהר אויסגעפּוצטקייט האָט איהם געערגערט. ער האָט דאָס אָבער ניט ארויסגעוויזען, ווארים ער האָט זיך באַלד דערמאָנט, אז ער אליין האָט געוואָלט ניט אַנדערש אז זיי זאָלען נעהמען א לאָזשע, ווייל די קינדער וועלען פון דער פאָרשטעלונג האָבען פערגניגען, און דאָס וועט האָבען אַן ערציהונגס־בעדייטונג פאַר זיי.

פּראַסקאָוויא פּיאָדאָראָוונאַ איז אריינגעקומען א צופרידענע, אָבער עפּעס אזוי ווי א שולדיגע. זי האָט זיך צוגעזעצט, געפרעגט ווי אזוי ער פיהלט זיך; אָבער ער האָט געזעהן, אז זי פרעגט דאָס ניט ווייל זי וויל דאָס מאַקי וויסען — ווארים וואָס איז דאָ גע־ווען צו וויסען? זי האָט זיך אָבגעפרעגט איהר פראַגע און גע־

גומען ריידען וועגען דעם, וואָס איז איהר טאַקי וויכטיג געווען. זי האָט געזאָגט, אַז זי וואָלט בשום אופן ניט געפאָהרען אין טהע־אַטער, אָבער אַז די לאָזשע איז שוין גענומען און אַז מיט איהר פאָהרט עלען, און זייער טאָכטער און פעטריסטשעוו (דער יונגער סליעדראָוואַטעל, זייער טאָכטער׳ס חתן), און אַז מען קען דאָך זיי ניט לאָזען פאָהרען אַליין; אַז זי, פּראַסקאָוויא פּיאָדאָראָוונאַ, וואָלט בעסער געוואָלט בלייבען אין שטוב און פארברייגנען מיט איהם. זאָל ער נור אָהן איהר פאָלגען וואָס דער דאָקטאָר האָט געהייסען!

— יאָ, פיאָדאָר דמיטרעוויטש (דער חתן) וויל אריינקומען. זאָל איך איהם אריינרופען? און ליזא וויל אויך אריינקומען.

— זאָלען זיי אריינקומען.

עס איז אריינגעקומען די טאָכטער; אַן אויסגעפּוצטע, אַ דעקאָלטירטע, מיט אַ נאַקעטען יונגען קערפּער. זיין קערפּער פער־שאַפט איהם אזוי פיעל וועהטאָג, און זי שטעלט גאַר איהרען ארוים; זי שפּיגעלט זיך מיט איהם. אַ שטאַרקע, אַ געזונטע; און מען קען זעהן אַז זי איז פערליעבט, און אַז איהר ערגערט, וואָס איהר פאָטער׳ס יסורים און טוידט פארשטערען איהר גליק.

עס איז אויך אריינגעקומען פיאָדר דמיטריעוויטש. אין אַ פראַק, מיט די האָר פריזירט; אַ יונגערמאַן מיט אַ לאַנגע האַלז, פון וועלכע עס האָבען ארויסגעסטאַרטשעט די אָדערען, מיט אַ ווייסען, ענגען קראַגען; מיט אַ גרויסע, ווייסע ברוסט; מיט שמאָלע, שוואַרצע הויזען, וועלכע זיינען געווען ענג ארומגעצויגען ארום זיינע קרעפטיגע ליאַזשקעס; מיט איין האַנט אין אַ האַנד־שוה און מיט אַ צוזאַמענגעלעגטען ספּרונזשינע־קאַפּעלוש. נאָך איהם איז שטילינקערהייט אריינגעקראָכען דער גימנאַזיסטעל אין אַ שפּאָגעל־נייעם מונדירעל מיט ווייסע האַנדשוה און מיט שרעק־ליכע בלויע פלעקען אונטער די אויגען. איוואַן איליטש האָט גוט געוואוסט, וואָס די דאָזיגע פלעקען בעדייטען. זיין זוהן האָט איהם אימער געריהרט. איצט האָט וואָלאָדיא׳ס צושראָקענער קוק, פול מיט מיטלייד, אויף איהם פראָסט אַן אימה ארויפגעוואָרפען. אוי־

סער גראַסים'ען איז וואָלאָדיאַ געווען דער איינציגער, וואָס האָט איהם פערשטאַנען און געהאַט יסורים פון זיין צושטאַנד — אַזוי האָט זיך איוואן איליטש'ען געדוכט.

אַלע האָבען זיך צוגעזעצט; מען האָט געפרעגט ווי ער פיהלט זיך. מען איז אַנשוויגען געוואָרען. ליזאַ האָט ביי דער מוטער געפרעגט וועגען דעם בינאָקל *); די מוטער האָט געזאָגט, אַז די טאָכטער האָט איהם בעהאַלטען, און די טאָכטער האָט אַרויפגעוואָרפען דעם בלבול אויף דער מוטער. עס איז אַרויסגעקומען אַן אונאַנגענעהמער מאָמענט.

פיאָדר דמיטריעוויטש האָט געפרעגט ביי איוואן איליטש'ען צו ער האָט שוין אַמאָל געזעהן סאַראַ בערנאַרד. איוואן איליטש האָט צוערשט ניט פערשטאַנען וואָס מען פרעגט ביי איהם. דערנאָך האָט ער געענטפערט.

— ניין. און איהר האָט איהר שוין געזעהן?

— יאָ. אין „אַדריען לעקואווערע."

פראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט געזאָגט, אַז סאַראַ בערנאַרד איז הויפטזעכליך גוט אין דער־און־דער פיעסע. די טאָכטער איז ניט געווען איינפערשטאַנען. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ געשפרעך וועגען די שעהנקייט און ראַיעלקייט, נאַטירליכקייט פון סאַראַ בערנאַרד'ס שפיעלען; דער זאָרט געשפרעך, וועלכער איז אימער דער זעלבער.

אין מיטען געשפרעך האָט פיאָטר דמיטריעוויטש אַ קוק געטהאָן אויף איוואן איליטש'ען און איז גלייך אַנשוויגען געוואָרען. די אַנדערע האָבען אויך אַ קוק געטהאָן אויפ'ן חולה און זיי זיינען אַנשוויגען געוואָרען. איוואן איליטש'עס אויגען האָבען געבלישטשעט. מען האָט געקענט זעהן, אַז ער איז בייז אויף זיי מיט זייערע רייד. מען האָט דאָס בעדאַרפט פאַרגלעטען, אָבער פאַרגלעטען האָט מען דאָס ניט געקענט. מען האָט געמוזט אויפהערען

*) פאַרגרעסער גלעזער, דורך וועלכע מען קוקט אויף דער ביהנע אין טהעאַטער. — איבערזעצער.

צו שווייגען, אָבער קיינער האָט ניט געהאַט קיין מוטה דאָס צו טהאָן; און אַלע האָבען געציטערט טאָמער פּלאַצט די פאַלשע ראָלע וואָס זיי שפּיעלען דאָ פון אַנשטענדיגקייט וועגען; און עס ווערט דייטליך דאָס, וואָס ביי זיי איז אין אמת'ן אויף די הער־צער. ליזאַ האָט די ערשטע געקראָגען מוטה עפּעס צו זאָגען. זי האָט געוואָלט פאַרגלעטען און פאַרבאָרגען דאָס וואָס אַלע האָבען געפיהלט; זי האָט אָבער ניט ווילענדיג אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס אַלע האָבען בעהאַלטען.

— נו, אויב פאָהרען, דאַן איז שוין צייט, — האָט זי געזאָגט, אַ קוק טהאָענדיג אויפ'ן זייגערעל, וואָס זי האָט געהאַט אַ מתנה פון פאָטער. דערביי האָט זי צום יונגען מאַן קוים־קוים אַ שמייכעל געטהאָן מיט עפּעס אַן אָנצוהערענים אויף וואָס עס איז (וואָס דער שמייכעל האָט בעדייט, דאָס האָט נור ער געקענט פאַרשטעהן), און זי איז אויפגעשטאַנען, אַ הוזשע טהאָענדיג מיט'ן קלייד.

די אַנדערע זיינען אויך אויפגעשטאַנען. מען האָט זיך גע־זעגענט מיט איוואַן איליטש'ען און אַוועקגעפאָהרען.

ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען האָט איוואַן איליטש'ען זיך געדוכט אַז איהם איז גרינגער געוואָרען. ער איז בעפרייט געוואָ־רען פון דער פאַלשער ראָלע, וואָס מען האָט אַרום איהם געשפּיעלט. די פאַלשקייט איז אַוועק מיט זיי צוזאַמען; אָבער דער וועהטאָג אין זייט איז געבליבען. אַלץ דער זעלבער וועהטאָג און אַלץ די זעלבע שרעק. דעריבער איז קיין זאַך ניט געוועזן שווערער, קיין זאַך ניט גרינגער. — אַלץ ערגער.

ווידער איז געגאַנגען אַ מינוט נאָך אַ מינוט, אַ שטונדע נאָך אַ שטונדע; אַלץ דאָס זעלבע, און עס איז אַלץ קיין סוף ניטאָ; און דער אומפערמיידליכער סוף ווערט אַלץ שרעקליכער.

— יאָ, שיקט אריין געראַסים'ען, — האָט ער געענטפערט אויף פּיאָטר'ס אַ פראַגע.

## IX

שפּעט בייגאַכט איז זיין פרוי צוריקגעקומען. זי איז אַריין אויף די ציפּקעלעך. ער האָט אָבער דערהערט. ער האָט געעפענט די אויגען, אָבער גלייך צוריק פערמאַכט. זי האָט געוואָלט אַרויסשיקען געראַסים׳ען און אַליין מיט איהם זיצען. ער האָט געעפענט די אויגען און געזאָגט:

— ניין. געה.

— עס טהוט דיר זעהר וועה?

— וואָס איז דער אונטערשיעד?

— נעהם אָפּיום.

ער איז מרוצה געוואָרען און אויסגעטרונקען אָפּיום. זי איז פון צימער אַרויסגעגאַנגען.

ביז דריי אוהר איז ער געלעגען אין אַ שמערצליכער פאַרדולטקייט. איהם האָט זיך געדוכט אַז מען רוקט איהם מיט יסורים ערגעץ וואו אין אַ שמאָלען, טיעפען, שוואַרצען זאַק, אַז מען רוקט איהם אַלץ ווייטער, און מען קען איהם ניט דורכשפּאַרען. און דיעזע אָנשטרענגונג, וועלכע איז איהם אַזוי שרעקליך קומט אָן מיט גרויסע שמערצען. און ער האָט מורא, און ער וויל שוין אַהין אַריינפאַלען און ער ראַנגעלט זיך, און ער העלפט מיט. פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעריסען, און געפאַלען. דערביי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון זיין אָפּיום־שלאָף.

דער זעלבער געראַסים זיצט אַלץ ביי איהם צופוסען, און דרעמעלט זיך רוהיג, מיט געדולד, און ער, איוואַן איליטש, ליגט און האַלט זיינע אויסגעדאַרטע פיס (אין די זאָקען) ביי געראַסים׳ען

אויף די פּלייצעס. די זעלבע ליכט מיט'ן צודעק, און דער זעל־בער וועהטאָג, וועלכער הערט קיין מאָל ניט אויף.

— קענסט געהן, געראַסים — האָט ער א שעפּטשע געטהאָן.

— עס מאַכט ניט אויס. איך'ל נאָך זיצען.

— ניין, געה בעסער.

איוואַן איליטש האָט די פיס אראָפּגענומען פון געראַסים'ס פּלייצע, זיך געלעגט אויף א זייט מיט דער האַנט אונטער'ן קאָפּ, און איהם האָט אָנגענומען א רחמנות אויף זיך אליין. ער האָט נור געוואַרט, אז געראַסים זאָל ארויסגעהן אינ'ם נעקסטען צימער; דאַן האָט ער זיך מעהר ניט איינגעהאַלטען און זיך צואַוויינט ווי א קינד. ער האָט געוויינט אויף זיין הילפלאָזיגקייט, אויף זיין שרעק־ליכע איינזאַמקייט, אויף גאָט'ס באַרמלאָזיגקייט, אויף דעם וואָס עס איז קיין גאָט גאָר ניטאָ.

„צו וואָס האָסטו דאָס אַלץ געמאַכט? צו וואָס האָסטו מיר געבראַכט אויף דער וועלט? צו וואָס, צו וואָס מוטשעסטו מיר אזוי שרעקליך?"

און ער האָט קיין אַנטוואָרט ניט ערוואַרט; און ער האָט געוויינט אויף דעם וואָס עס איז ניטאָ קיין אַנטוואָרט, און קען ניט זיין קיין אַנטוואָרט. דער וועהטאָג איז ווידער שטאַרקער געוואָ־רען; ער האָט זיך אָבער ניט געריהרט פון אָרט, און קיינעם ניט גערופען. ביי זיך אין הארצען האָט ער געזאָגט צו גאָט: „נו, שלאָג, שלאָג! מוטשע מיך! אָבער פאַרוואָס? וואָס האָב איך דיר געטהאָן? פאַר וואָס קומט דאָס מיר?"

דערנאָך איז ער אנשוויגען געוואָרען. ער האָט אויפגעהערט צו וויינען; און אפילו צו אָטהעמען האָט ער אויך אויפגעהערט. ער איז אין גאַנצען אריינגעטהאָן געוואָרען אין אויפמערקזאַמקייט, אזוי ווי ער וואָלט זיך צוגעהערט ניט צו א שטימע וואָס רעדט מיט קלאַנגען, נור צו דער שטימע פון דער נשמה; צו דעם קלאַנג פון געדאַנקען, וועלכע האָבען זיך אין איהם אָנגעהויבען צו בע־וועגען. „וואָס ווילסטו?" — דאָס איז געווען דער ערשטער דייט־ליכער געדאַנק, וואָס ער האָט אין זיך דערהערט; דער ערשטער

גערדאַנק, וואָס האָט געקענט אויסגעדריקט ווערען מיט ווערטער.
„וואָס ווילסטו, וואָס ווילסטו?" האָט ער איבערגעזאָגט און ער
האָט געענטפערט: „וואָס? איך וויל ניט האָבען קיין יסורים.
לעבען וויל איך."

און ווידער האָט ער זיך אַריינגעטהאָן אין אויפמערקזאַמ־
קייט, — אין אַזאַ אָנגעשטריינגטע אויפמערקזאַמקייט, אַז אַפילו
זיין וועהטאָג האָט איהם ניט געשטערט.

„לעבען? ווי אַזוי לעבען?" — האָט די שטימע פון זיין
נשמה געפרעגט.

„יאָ, לעבען; לעבען ווי איך האָב פריהער געלעבט: גוט
און אַנגענעהם."

„ווי דו האָסט פריהער געלעבט? גוט און אַנגענעהם?" —
האָט די אינערליכע שטימע איבערגעפרעגט. און איוואַן איליטש
האָט אין זיין געדאַנקען זיך גענומען דערמאָנען און איבערקלייבען
די בעסטע מינוטען פון זיין אַנגענעהמען לעבען. אָבער — ס'איז אַ
מערקווירדיגע זאַך! — די דאָזיגע מינוטען פון זיין אַנגענעהמען
לעבען האָבען איצט איהם אויסגעזעהן גאָר ניט ווי זיי האָבען אויס־
געזעהן דאַן, ווען ער האָט זיי דורכגעלעבט. אַן אויסנאַהמע
זיינען נור געוועזען די ערינערונגען פון זיין קינדהייט. דאַן, אין
זיינע קינדער־יאָהרען, איז ווירקליך געוועזען עפּעס אַנגענעהמעס.
מיט דעם וואָלט מען געקענט לעבען; הלואי וואָלטען יענע מאָ־
מענטען זיך נור אומגעקעהרט צו איהם! אָבער דער וואָס האָט
געהאַט יענע אַנגענעהמע מאָמענטען איז שוין לאַנג אויף דער וועלט
ניטאָ. עס איז דאָ נור אַן ערינערונג וועגען עפּעס אַן אַנדערען,
ניט וועגען איהם, איוואַן איליטש'ען.

ווי נור עס האָבען זיך אָנגעהויבען די אַלע זאַכען, פון וועלכע
עס איז אַרויסגעקומען דער איצטיגער „ער", דער איצטיגער איוואַן
איליטש, אַזוי איז אַלץ, וואָס האָט פריהער אויסגעזעהן ווי אַ פּער־
גניגען, איצט אין זיינע אויגען צוגאַנגען געוואָרען. פון זיי
איז געוואָרען עטוואָס נישטיגעס און עקעלהאַפטעס.

און וואָס ווייטער פון די קינדער־יאָהרען, וואָס נעהנטער צו

זיין איצטיגען „איך,‟ אַלץ נישטיגער און צווייפעלהאַפטער זיינען געוועזן זיינע פערגניגענס. אַנגעפאַנגען האָט זיך דאָס אין דער יו־ריספּרודענץ־שוהלע. צוערשט איז דאָרטען נאָך ווירקליך געוועזן עפּעס גוטעס: ס׳איז געוועזן פרעהליך, ס׳איז געוועזן אמת׳ע פריינדשאַפט; עס זיינען געוועזן האָפנונגען. אָבער אין די העכ־ערע קלאַסען זיינען דיזע גוטע מינוטען שוין געוועזן זעלטענער. דערנאָך, ווען ער האָט געהאַט זיין ערשטע שטעלע, — ביי דעם גובערנאַטאָר, — האָבען זיך ווידער בעוויזען גוטע מינוטען: דאָס זיינען געוועזן עראינערונגען וועגען ליעבע צו אַ פרוי. דערנאָך איז דאָס אַלעס צופלאָנטערט געוואָרען, און גוטעס איז געוואָרען נאָך וועניגער. וויימער איז געוועזן נאָך וועניגער גוטעס, און וואָס ווייטער — אַלץ וועניגער.

זיין הייראַטה... גאַנץ אונגערען, גאָר אונערוואַרטעט האָט זיך דאָס געמאַכט! און דאַן די ענטוישונג; און דער גערוך פון זיין פרוי׳ס מויל, און די תאוה; און די כלומרשט׳דיגע ליעבע! און די טוידטע אונאינטערעסאַנטע שטעלע זיינע! און די אייביגע זאָרג וועגען געלט! און אַזוי איז דאָס געגאַנגען איין יאָהר, צוויי יאָהר, צעהן, צוואַנציג יאָהר — און אַלץ דאָס זעלבע. און וואָס ווייטער אַלץ אונאינטערעסאַנטער און טוידטער ווערט זיין בעש־עפטיגונג. כ׳לעבען, איך בין אימער געגאַנגען אַראָפּבאַרג, און געמיינט האָב איך, אַז איך געה אַרויף־באַרג. יאָ, אַזוי איז דאָס געוועזן. ביי דער וועלט האָט דאָס געהייסען, אַז איך שטייג, און אין אמת׳ן איז דאָס לעבען פון מיר אַלץ אַוועקגעגאַנגען, אַוועק־געגאַנגען. און אָט איז שוין אַלץ געענדיגט — געה, שטאַרבען!

וואָס זשע הייסט עס? פאַר וואָס איז דאָס אַזוי? עס איז אונמעגליך! עס איז אונמעגליך, אַז דאָס לעבען זאָל זיין אַזוי אָהן אַ טעם, אַזוי עקעלהאַפט! און אויב עס איז אמת, אַז מיין לעבען איז געוועזן אַזוי עקעלהאַפט און אָהן אַ טעם, טאָ פאַר וואָס זאָל איך שטאַרבען, און נאָך מיט אַזעלכע יסורים? עס שטימט עפּעס ניט! עס איז עפּעס ניט גלאַט!

„אפשר האָב איך ניט געלעבט ווי מען דאַרף?‟ — איז

פלוצלונג איהם אריינגעפאלען א געדאנק, — „ אָבער ווי קען דאָס זיין? איך האָב דאכט זיך אַלץ געטהאָן ווי עס בעדארף צו זיין" — האָט ער צו זיך געזאָגט, און גלייך האָט ער אוועקגע־טריבען פון זיך דעם איינציגען אַנטוואָרט אויף דער רעטעניש פון לעבען און טוידט; אוועקגעטריבען ווי עטוואָס, וואָס האָט קיין זינן ניט.

„וואָס זשע ווילסטו איצט? לעבען? ווי אזוי זשע ווילסטו לעבען? ווי דו לעבסט אין געריכט, ווען דער בעאַמטער רופט אויס: „דער געריכט געהט!"? — „יאָ, דאָס געריכט געהט" — האָט ער איבערגעזאָגט צו זיך אַליין, — „אָט איז דער געריכט! איך בין דער גע'משפט'ער... איך בין דאָך אָבער אונשולדיג!" — האָט ער אויסגעשריען מיט צאָרן. — „פאַר וואָס קומט דאָס מיר?" — און אומקעהרענדיג זיך מיט'ן פּנים צו דער וואַנט האָט ער געטראַכט וועגען דאָס זעלבע: — פאַר וואָס האָט ער אזא שרעקליכען סוף?

אָבער וויפיעל ער האָט ניט איבערגעטראַכט — קיין אַנט־וואָרט האָט ער אַלץ ניט געפונען. און יעדעס מאָל, וואָס איהם איז געקומען דער געדאנק (וועלכער איז צו איהם געקומען גאַנץ אָפט), אַז דאָס אַלץ האָט ער דערפאַר וואָס ער האָט ניט געלעבט ווי עס בעדארף צו זיין, — האָט ער גלייך זיך דערמאָנט, אַז זיין לעבען איז יאָ געווען א ריכטיגער, און דעם זאָנדערבארען געדאנק האָט ער פון זיך אוועקגעטריבען.

# X

נאָך צוויי וואָכען זיינען אַוועק. איוואַן איליטש איז שוין פון דער סאָפע ניט אויפגעשטאַנען. ער האָט ניט געוואָלט ליגען אויפ'ן בעט און איז געלעגען אויף דער סאָפע. ליגענדיג, כמעט אימער מיט'ן פנים צו דער וואַנט, האָט ער איינזאַם געליטען אַלע די זעלבע ענדלאָזע יסורים און געטראַכט אַלע די זעלבע געדאַנקען, צו וועלכע ער האָט ניט געקענט געפינען קיין ענטשיידונג. „וואָס איז דאָס? צו דען איז דאָס טאַקי אין אמת'ן דער טוידט?" — און אַ אינערליכע שטימע האָט געענטפערט: — „יאָ, אין אמת'ן." — „טאָ צו וואָס זיינען דיזע יסורים?" — „אַט אַזוי זיך. אָהן אַ פאַר וואָס." — ווייטער איז קיין זאַך ניט געווען.

זינט ער איז קראַנק געוואָרען, פון דעם טאָג וואָס ער איז צום ערשטען מאָל געפאָהרען צום דאָקטאָר, איז זיין לעבען צו־טהיילט געוואָרען אויף צוויי פאַרקעהרטע שטימונגען, וועלכע האָ־בען זיך אימער געביטען: דאָ איז ער געווען פערצווייפעלט און געוואַרט אויף דעם אונפערשטענדליכען, שרעקליכען טוידט, דאָ האָט ער געהאָפט געזונט צו ווערען און האָט זיך מיט אַ טיעפען אינטערעס אריינגעלאָזען אין בעטראַכטונגען וועגען דעם ווי דער קערפּער אַרבייט ביי איהם; דאָ האָט ער פאַר זיינע אויגען געהאַט אַ ניר אָדער אַ קישקע, וועלכע האָבען אויף אַ געוויסע צייט אויפגעהערט צו ערפילען זייערע פליכטען; דאָ איז געווען בלויז דער אונפער־שטענדליכער שרעקליכער טוידט, פון וועלכען מען קען זיך ניט ראַטעווען מיט קיינע מיטלען אין דער וועלט.

דיזע צוויי פערשיעדענע שטימונגען האָבען זיך ביי איהם גע־

ביטען גלייך פון אָנפאַנג אָן, זינט ער איז קראַנק געוואָרען; אָבער וואָס ווייטער זיין קראַנקהייט איז געגאַנגען, אַלץ וועניגער ממשות האָבען ביי איהם געהאַט די ערקלעהרונגען וועגען דעם ניר, און אַלץ מעהר ווירקליכקייט האָט געהאַט דער געפיהל, אַז עס קומט אָן דער טוידט.

ער האָט נור בעדאַרפט זיך דערמאָנען ווי אַזוי ער איז געווען מיט דריי מאָנאַטען פריהער, און וואָס פון איהם איז געוואָרען פון דעמאָלט אָן; ער האָט נור בעדאַרפט זיך דערמאָנען, ווי רעגעלמעסיג ער זינקט און זינקט, אום ביי איהם זאָל צופאַלען ווערען די קלענסטע האָפנונג.

איוואַן איליטש האָט זיך געפיהלט שרעקליך; איינזאַם און עלענד. דאָס איז געווען יענער זאָרט איינזאַמקייט, וועלכען מען פיהלט אין אַ גרויסע שטאָדט צווישען אַ סך פריינד, פרוי און קינדער; אָן איינזאַמקייט, וועלכע וואָלט ניט געקענט זיין פאָלשטענדיגער, ווען מען וואָלט געלעגען אויפ'ן גרונד פון ים אָדער אין דער ערד. ליגענדיג שטענדיג מיט'ן פנים צום ווענטעל פון דער סאָפע, ליגענדיג אין דיזער שרעקליכער איינזאַמקייט, האָט איוואַן איליטש די לעצטע צייט געלעבט בלויז מיט דעם וואָס ער האָט זיך פאָרגעשטעלט זיין פערגאַנגענהייט. איין בילד נאָכ'ן אַנדערען איז איהם פאָרגעקומען. עס האָט זיך אימער אָנגעפאַנגען פון אַ פאַסירונג וואָס האָט געטראָפען מיט אַ קורצער צייט צוריק; דאָס האָט איהם עראינערט אָן עפּעס פון זיינע קינדער־יאָהרען, און אויף דעם פלעגט ער זיך אָפּשטעלען. ער דערמאָנט זיך, צום ביישפּיעל, אָן די געקאָכטע פלוימען, וואָס מען האָט איהם היינט געגעבען. דאָס בריינגט איהם ארויף אויפ'ן געדאַנק די רויהע צוקאָרטשעטע פראַנצויזישע פלוימען, וואָס ער פלעגט ליעב האָבען ווען ער איז געווען אַ קינד. ער דערמאָנט זיך זייער טעם, און ווי די מויל פלעגט ווערען פול מיט שפּייעכץ, ווען עס פלעגט קומען צום ביינדעל. דערביי קומען איהם פאָר פערשיעדענע עראינערונגען פון יענע טעג: די ניאַנקע, דער ברודער, די שפּיעלצייג. „ניין, מען דאַרף ניט טראַכטען וועגען דעם... עס טהוט וועה דאָס האַרץ" —

פלעגט איוואַן איליטש צו זיך זאָגען, און ער פלעגט זיינע גע־דאַנקען ווידער אַריבערטראָגען צו דער יעצטיגער צייט. אָט קוקט ער אויף אַ קנעפּעלע פון דער סאָפע, אויף וועלכע ער ליגט איצט, און אויף די קנייטשען אין דעם סאַפיאַן. „סאַפיאַן קאָסט טהייער און איז ניט שטאַרק", — זאָגט ער צו זיך, — „מיר האָבען זיך איבער דעם געקריעגט. אַמאָל אין מיינע קינדער־יאָהרען איז אויך געווען אַ געשיכטע מיט סאַפיאַן, איבער וועלכען מען האָט זיך געקריעגט. מיר, קינדער, האָבען צוריסען דעם טאַטענ'ס סאַפ־יאַנענעם פּאָרטפּעל, און מען האָט אונז בעשטראָפט דערפאַר; אָבער די מאַמע האָט אונז געבראַכט פּירעזשקעס..." — און ווידער לאָזט ער זיך אַריין אין זיינע קינדער־יאָהרען, און ווידער פער־שאַפט דאָס איהם האַרץ־וועהטאָג, און ער סטאַרעט זיך צו טראַכטען וועגען עפּעס אַנדערש.

און צוזאַמען מיט דיזע ערינערונגען קומט אין זיין נשמה פאָר אַן אַנדער זאָרט ערינערונגען — ערינערונגען וועגען דעם, ווי זיין קראַנקהייט האָט זיך אָנגעהויבען און ווי זי איז געוואַקסען. דאָס, וואָס איז ווייטער צוריק־צו, איז אַלץ עהנליכער צו אַן אמת'ן לעבען. עס איז געווען מעהר גוטעס און מעהר לעבען גופא. איינס געהט צוזאַמען מיט דאָס אַנדערע. „פּונקט ווי די יסורים ווערען וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, אַזוי איז דאָס גאַנצע לעבען געגאַנגען אַלץ ערגער און ערגער" — האָט ער זיך געטראַכט — „דאָר־טען הינטען, אין דער פערגאַנגענהייט, ביי דעם אָנפאַנג פון זיין לעבען איז פאַראַן איין פינטעלע אַ ליכטיגער, ווייטער איז געוואָרען אַלץ שוואַרצער און שוואַרצער, און די שוואַרצקייט וואַקסט אַלץ שנעלער און שנעלער. עס איז אַזוי ווי אַ פאַלענדער שטיין — וואָס ווייטער פאַלט ער מיט אַלץ מעהר האַסט", — האָט ער זיך געטראַכט. דיזער בילד — ווי אַ שטיין פאַלט וואָס ווייטער אַלץ האַסטיגער — האָט אויף איהם אַן איינדרוק געמאַכט, און איז פערבליבען אין זיין זכרון. דאָס לעבען איז אַ רייהע פון יסורים, וועלכע ווערען אַלץ גרעסער. דאָס לעבען פליהט אַלץ געשווינדער צו זיין סוף, צו די שרעקליכסטע יסורים. „אָט פליה איך!..." —

ער האָט אַ ציטער געטהאָן, זיך גענומען ריהרען, געוואָלט זיך ראַנגלען, וועהרען זיך. ער האָט שוין אָבער געוואוסט, אַז וועהרען זיך קען מען ניט, און ער האָט ווידער גענומען קוקען אויף דער סאָפּיאַנענער סאָפע; די אויגען זיינען שוין ביי איהם מיעד גע־וואָרען קוקענדיג, אָבער ניט קוקען אויף דעם וואָס זיי האָבען גע־האָט פאַר זיך, האָבען זיי דאָך ניט געקענט. איז ער אַזוי געלעגען און געוואַרט אויפ׳ן שרעקליכען פאַל פון דעם שטיין; אויפ׳ן ענדליכען שטוים און פאַרוויסטונג. „וועהרען זיך קען מען ניט" — האָט ער זיך געקלעהרט, — „וואָלט מען כאָטש געקענט פאַרשטעהן, צו וואָס מען דאַרף דאָס אַלץ. קען מען דאָס אויך ניט! מען וואָלט דאָס געקענט ערקלעהרען, ווען עס וואָלט מעגליך געווען צו זאָ־גען, אַז איך האָב געלעבט ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין. אָבער דאָס איז דאָך ניט אמת." — האָט ער זיך געטראַכט, דערמאָנענדיג זיך ווי שטריינג ער האָט אָפּגעהיט דאָס געזעץ; ווי ריכטיג און אנ־שטענדיג ער האָט זיך אויפגעפיהרט. „אַז איך האָב זיך שלעכט אויפגעפיהרט, דאָס קען מען שוין אויף מיר ניט זאָגען", — האָט ער זיך געטראַכט, אַ שמייכעל טהאָענדיג מיט די ליפּען, גלייך ווי עמיצער וואָלט דיזען שמייכעל געקענט זעהן. — „ניטאָ קיין ער־קלעהרונג! יסורים, טוידט... פאַר וואָס?"

# XI

אזוי זיינען אוועק דריי וואָכען. אין דיעזע דריי וואָכען איז פאָרגעקומען דאָס וואָס איוואַן איליטש און זיין פרוי האָבען אזוי שטארק געוואונשען: פּעטרישטשעוו האָט געבעטען זייער טאָכטער'ס האַנט. דאָס האָט פּאסירט אין אַן אבענד. אויף מאָרגען איז פּראסקאָוויא פיאָדאָראָוונא ארייגעקור־ מען צו איהר מאַן, בעטראַכטענדיג ווי אזוי איהם איבערצוגעבען די נייעס; אָבער יענע נאַכט איז איוואַן איליטש'ען ווידער פיעל ערגער געוואָרען. פּראסקאָוויא פיאָדאָראָוונא האָט איהם געפונען ליגענדיג אויף דער סאָפע, ווי געוועהנליך. ער איז אָבער געלעגען ניט ווי אימער. מיט'ן פּנים ארויף, קרעכצענדיג און קוקענדיג פאָראויס מיט אַן אָנגעשטעלטען בליק, איז ער געלעגען.

זי האָט גענומען ריידען וועגען רפואות. ער האָט זיין קוק איבערגעטראָגען צו איהר. זי האָט ניט דערערדט דאָס וואָס זי האָט אָנגעפאַנגען — אזא גיפטיגער בעס האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אין דיזען קוק זיינעם, א בעס אויף איהר טאקי.

— אום גאָטעס ווילען, לאָז מיך כאָטש שטארבען רוהיג, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט געוואָלט ארויסגעהן. אָבער אין דיזער מינוט איז ארייגעקומען זייער טאָכטער, און זי איז צוגעגאַנגען צום פאָטער זיך בעגריסען מיט איהם. ער האָט אויף איהר פּונקט אזא קוק געטהאָן ווי אויף דער פרוי; און אויף איהרע פראַגען ווי ער פיהלט זיך, האָט ער טרוקען אָפּגעענטפערט, אז ער וועט זיי באַלד בעפרייען פון זיך. די מוטער און די טאָכטער זיינען אנשווייגען געוואָרען, געזעסען א ווייל און ארויסגעגאַנגען.

— וואָס זיינען מיר שולדיג? — האָט ליזא געזאָגט צו דער מוטער, — אזוי ווי מיר וואָלטען דאָס געמאכט! איך האָב רחמנות אויף פּאַפּאַ; אָבער פאר וואָס קומט אונז צו מוטשען?

אין דער געוועהנליכער צייט איז געקומען דער דאָקטאָר. איוואַן איליטש האָט אויף זיינע פראַגען געענטפערט קורץ, „יא" אָדער „ניין", און די גאַנצע צייט האָט ער פון איהם ניט אראָפּגענומען זיין גיפטיג־בייזען קוק. ענדליך האָט ער זיך צום דאָקטאָר אָבגערופען:

— איהר ווייסט דאָך, אז איהר קענט גאָר ניט מאכען. טאָ לאָזט זשע צורוה.

— פערגרינגערען די יסורים קענען מיר, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט.

— ניין, אַפילו דאָס קענט איהר אויך ניט. לאָזט צורוה.

דער דאָקטאָר איז אריין אין גאסט־זאאל, און געזאָגט פּראַסקאָוויא פּיאָדאָראָוונא'ן, אז עס האַלט זעהר שמאָל און אז עס איז פאראַן איין מיטעל: אָפּיום, אום צו פערגרינגערען דעם חולה די שמערצען, וועלכע מוזען זיין שרעקליך.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אז איוואַן איליטש'עס קערפּערליכע ליידען זיינען שרעקליך, און דאָס איז געוועזען אמת. אָבער זיינע גייסטיגע ליידען זיינען געוועזען שרעקליכער ווי זיינע קערפּערליכע, און אין דעם איז בעשטאַנען דער עיקר פון זיינע יסורים.

זיינע גייסטיגע ליידען זיינען בעשטאַנען אין פאָלגענדען: דיזע נאכט, ווי ער איז אזוי געלעגען און געקוקט אויף געראַסים'ס פערשלאָפענעם, גוטהאַרציגען פּנים מיט די סטאַרטשענדיגע באַקען־ביינער, איז איהם פּלוצלונג אריינגעפאַלען אין קאָפּ די פראַגע: „און ווי איז, אז איך האָב טאַקי מיין לעבען אָבגעלעבט ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין?"

עס איז איהם אריין א געדאַנק, אז דאָס וואָס ער האָט פריהער געהאַלטען פאר אַן אונמעגליכקייט, נעמליך: אז ער האָט געלעבט ניט ווי געהעריג איז, איז דאָס טאַקי אזוי. ער האָט גע־

טראַכט וועגען געוויסע זאַכען, וואָס די העכסטע פּערזאָנען האָבען געהאַלטען פאַר שעהן און פיין, און וועגען וועלכע ער האָט ביי זיך אין הארצען געוואוסט אַז דאָס איז גאָר ניט אַזוי שעהן ווי מען מיינט. אַמאָל פלעגט ער פּרופען אין זיך בעקעמפען דיזע זאַכען. קוים, קוים אַ פּרוּף געטהאָן און דאן דאָס ארויסגעיאָגט פון מח, און זיך געסטאַרעט אַזעלכע געדאַנקען צו פאַרפּויקען אין זיך. אַלזאָ איז איהם איצט אריינגעקומען אין קאָפּ, אַז אפשר זיינען דיזע שוואַכע פּראָבעס, וואָס ער האָט געמאַכט, גאָר די איינציגע ריכטיגע זאַכען, וואָס ער האָט געטהאָן אין זיין לעבען, און אַז אַלעס אַנדערעס וואָס ער האָט געטהאָן איז שוין ניט געווען אַזוי ריכטיג. זיין אַרבייט אויף זיין שטעלע, דער אַרט ווי אַזוי ער האָט צוגעריכט זיין לעבען; זיין פאַמיליע, אַלע זיינע אינטע־רעסען אין געזעלשאַפט און אויף זיין שטעלע — דאָס אַלץ איז אפשר ניט געווען ווי עס האָט בעדאַרפט צו זיין. ער האָט דאָס אַלץ געפּרופט פאַרטהיידיגען פאַר זיך. און פּלוצלונג האָט ער דער־פיהלט ווי שוואַך עס איז זיין פאַרטהיידיגונג. עס איז ניט גע־ווען וואָס צו פערטהיידיגען.

„און אויב עס איז טאַקי אַזוי — האָט ער זיך געקלעהרט — אויב איך געה אַוועק פון דער וועלט, וויסענדיג אַז איך האָב איבער־געפיהרט אַלץ וואָס מיר איז געגעבען געוואָרען, און מען קען שוין דאָס ניט פערריכטען, דאַן איז וואָס?" ער האָט זיך געלעגט מיט'ן פּנים ארויף און האָט אָנגעהויבען איבערצוטראַכטען זיין גאַנצען לעבען פון דאָס נייע. אין דער פריה, ווען ער האָט דערזעהן דעם לאַקיי, דערנאָך די פרוי, דערנאָך די טאָכטער, דערנאָך דעם דאָקטאָר, האָט זייער יעדע בעוועגונג און יעדעס וואָרט זייערער בעשטעטיגט פאַר איהם די שרעקליכע וואַרהייט, וואָס איז ביינאַכט פאַר איהם ענדעקט געוואָרען. ער האָט אין זיי געזעהן זיך אַליין; דעם זאָרט לעבען, וואָס ער האָט געפיהרט, און ער האָט דייטליך געזעהן, אַז עס איז ניט געווען ריכטיג, אַז דאָס איז געווען ניט מעהר ווי אַ שרעקליכע פאַלשקייט, וועלכע האָט פאַרשטעלט דאָס לעבען און דעם טוידט. דיזער געפיהל האָט פערגרעסערט, צעהן

מאָהל פארגרעסערט די קערפּערליכע שמערצען, וואָס ער האָט גע־ליטען. ער האָט געקרעכצט, געוואָרפען זיך, געריסען פון זיך די זאַכען; איהם האָט זיך געדוכט, אז די זאַכען ווערגען און שטי־קען איהם. אָט דעריבער האָט ער דאָס געהאַט אזא האַס צו זיין פרוי. צו זיין טאָכטער, צום דאָקטאָר.

מען האָט איהם איינגעגעבען א גרויסען טרונק אָפּיום, און ער איז איינגעשלאָפען. אָבער ביי׳ן מיטאָג האָט זיך ווידער אָנגע־פאנגען דאָס זעלבע. ער האָט אלעמען געטריבען פון זיך און זיך געוואָרפען און געשליידערט.

די פרוי איז אריינגעקומען און זי האָט געזאָגט:

— דזשאַן, טהייערינקער, טהו דאָס פון מיינטוועגען, (אָהן ווערטער האָט זי געגעבען צו פארשטעהן, אז זי מיינט עס נאַטירליך ניט פון איהר׳ט וועגען, נור פון זיינט וועגען), שעדיגען קען דאָס ניט, און אָפט העלפט דאָס. וואָס קען עס שאַדען? געזונטע טהוען דאָס אויך א מאָל...

ער האָט ברייט אויפגעעפענט די אויגען.

— וואָס, פּריטשאַסטען זיך *)? צו וואָס? מען דאַרף ניט! און אפשר....

זי האָט זיך צואוויינט.

— יאָ, מיין קרוין? איך וועל רופען טאַקי אונזער גלח, ער איז אזא וואוילער מענש.

— אויסגעצייכענט, זעהר גוט, — האָט ער געזאָגט.

ווען עס איז געקומען דער גלח און האָט מיט איהם אָבגע־זאָגט וידוי, איז ער ווייכער געוואָרען; די צווייפלען וועלכע האָבען איהם פריהער געמוטשעט, זיינען עפּעס לייכטער געוואָרען און דעריבער איז איהם אויך געוואָרען גרינגער איבערהויפּט; און עס איז אָנגעקומען אויף איהם א מינוט פון האָפנונג. ער האָט וויע־

---

*) אַ רעליגיעזע צערעמאָניע ,וועלכע מען מאַכט מיט אַ חולה וואָס האַלט ביי׳ן שטאַרבען. מען גרייט איהם צו צו יענער וועלט. עס איז פאַראַן אַן אבערגלויבען, אַז אַ מאָל איז דאָס גראַד אַ סגולה געזונט צו ווערען. — איבערז.

דער גענומען קלערען וועגען דער בלינדער קישקע און וועגען א מעגליכקייט איהר צו פאררוכטען. ער האָט זיך „פריטשאסטעט" מיט טרעהרען אין די אויגען.

נאָך דער צערעמאָניע, ווען מען האָט איהם צוריק אוועקגע־לעגט, איז איהם אויף א מינוט לייכט געוואָרען און עס האָט זיך ווידער בעוויזען א האָפנונג צו לעבען. ער האָט גענומען קלע־רען וועגען דער אָפּעראַציע, וועלכע דאָקטוירים האָבען פאָרגעשלאָ־גען. „איך וויל לעבען, לעבען וויל איך" — האָט ער צו זיך גע־זאָגט. די פרוי איז געקומען איהם בעגריסען מיט דער צערעמאָניע. זי האָט געזאָגט די ווערטער וואָס אלע זאָגען דערביי. זי האָט אָבער א חוץ דעם געזאָגט:

— ניט אמת, דיר איז בעסער?

— יאָ, — האָט ער געענטפערט, ניט קוקענדיג אויף איהר.

איהר קלייד, איהר געזונטער קערפּער, דער אויסדריק פון איהר געזיכט, דער קלאַנג פון איהר שטימע — אלץ האָט צו איהם גע־זאָגט דאָס זעלבע: „עס טויג ניט. אלץ, צו וואָס דו האָסט גע־לעבט און לעבסט איצטער איז ניט מעהר ווי א ליגען, א פאלשקייט, וועלכע פארבאָרגט פון דיר דאָס לעבען און דעם טוידט". און גלייך ווי ער האָט וועגען דעם א טראַכט געטהאָן, האָט זיך אין איהם צו־קאָכט דער האַס, און צוזאַמען מיט'ן האַס האָבען זיך צוברענט זיי־נע קערפּערליכע יסורים אויך, און צוזאַמען מיט זיינע קערפּער־ליכע יסורים האָט זיך ביי איהם צוברענט דער בעוואוסט־זיין, אַז זיין סוף איז אונפערמיידליך און נאָהענט. א נייער סאָרט יסורים איז אין איהם פאָרגעקומען: עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט איהם פון אינעווייניג געשרויפט, געשאָסען און דעם אָטהעם געשטיקט.

דער אויסדרוק פון זיין פּנים בשעת ער האָט צו זיין פרוי גע־זאָגט „יאָ," איז געוועזען א שרעקליכער. נאָך דעם ווי ער האָט ארויס־געזאָגט דיעזען „יאָ", האָט ער זיך פּלוצלונג איבערגעקעהרט מיט'ן פּנים אראָפּ, מיט א האַסט, וועלכע איז געוועזען אונגעוועהנליך פאַר זיין אָבגעשוואַכטען קערפּער, און ער האָט גענומען שרייען:

— געהט! געהט! לאָזט מיך צורוה!

## XII

פון דיעזער מינוט האָט זיך דאָס אָנגעהויבען זיין געשריי, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט דריי טעג נאָכאנאנד, און וועלכער איז געווען אזוי שרעקליך, אז ער האָט זיך געהערט אין דעם דריי־טען צימער, און אפילו פון דאָרטען איז געווען א שרעק צו הערען. אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט אזוי געענטפערט דער פרוי, האָט ער דערפיהלט אז ער איז א פערלאָרענער, אז עס איז ניטאָ קיין רעטונג, אז עס איז געקומען דער סוף, שוין טאַקי דער סוף, און זיין צווייפעל בלייבט א צווייפעל.

— או ! או־או ! או ! — האָט ער געשריען אויף פערשיעדענע נגונים. ער האָט אָנגעהויבען צו שרייען „ניע כאָטשו"*), און אזוי האָט ער ווייטער געשריען אויף דעם לעצטען קלאַנג : „או".

דיעזע דריי טעג — ביי איהם איז ניט געווען קיין אונטערשיעד צווישען טעג, וואָכען אָדער שטונדען — דיעזע דריי טעג האָט ער איז גאַנצען פערבראַכט צאַפּלענדיג זיך אין דעם שווארצען זאַק, וואוהין איהם האָט געשפּארט אַן אונגעזעהענע האַנט, א קראַפט, וועלכע עס איז אונמעגליך געווען בייצוקומען. ער האָט זיך געצאַפּעלט און געוואָרפען, ווי דער וואָס איז פערארורטיילט צום טוידט צאַפּעלט זיך און ווארפט זיך אין די הענט פון זיין תליון, צאַפּעלט זיך און ווארפט זיך וויסענדיג גאַנץ גוט, אז ער קען זיך בשום אופן ניט ראַטעווען ; און יעדע מינוט האָט ער געפיהלט, אז טראָץ אַלע אָנשטרענגונגען וואָס ער מאַכט אין דעם קאַמפּף,

---

*) איך וויל ניט. — איבערזעצער.

ווערט ער אַלץ נעהנטער און נעהנטער צו דעם סוף, וועלכער ווארפט אויף איהם ארויף אזא אימה. ער האָט געפיהלט, אז ער מוטשעט זיך פון דעם, וואָס מען רוקט איהם אין דיעזע שווארצע לאָך, און אז נאָך מעהר מוטשעט ער זיך פון דעם וואָס ער קען אהין ניט אריינקריכען, און אז אריינקריכען אהין שטערט איהם דאָס וואָס ער מיינט אז זיין לעבען איז א גוטער, א ריכטיגער. אָט דיעזע רעכטפערטיגונג פון זיין לעבען האָט איהם פארטשעפעט און פערהאַלטען און איהם ניט געלאָזען אריינקריכען ווייטער אין זאַק אריין, און דאָס האָט איהם געמוטשעט מעהר פון אַלץ.

פלוצלונג האָט עפּעס א קראַפט איהם א שטויס געטהאָן אין ברוסט, אין זייט און נאָך שטאַרקער איהם פארשטיקט דעם אָטהעם. ער איז אריינגעפאַלען אין לאָך און דאָרט ביי'ן ענד פון דער לאָך האָט עפּעס אָנגעהויבען צו שיינען. מיט איהם איז איצט געווען עהנליך צו דעם, וואָס ער פלעגט פיהלען פאָהרענדיג אין א וואַגאָן אויפ'ן אייזענבאַהן, ווען עס דוכט זיך אז מען פאָהרט ווייטער, און אין אמת'ן געהט גאָר דער צוג צוריק, און פלוצלונג דערפיהלט מען, אז מען פאָהרט גאָר צוריק.

„יא, אַלץ איז געווען ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין", האָט ער געזאָגט צו זיך, עס מאַכט אָבער ניט אויס. מען קען מאַכען עס זאָל זיין ווי עס בעדאַרף צו זיין". „ווי אָבער בעדאַרף צו זיין?" האָט ער ביי זיך געפרעגט, און פלוצלונג האָט ער אויפגעהערט צו שרייען.

דאָס איז געווען ביי'ם ענד פון דעם דריטען טאָג, צוויי שטונדען פאַר זיין טוידט. דער גימנאַזיסטעל האָט דאַן שטיל־קערהייט זיך צוגע'גנב'ט צום פאָטער, צוגעגאַנגען צו זיין בעט. ווען ער איז אריינגעקומען האָט נאָך איוואַן איליטש שרעקליך געשריען און געוואָרפען מיט די הענט; האָט זיך איין האַנט אָנגע־שטויסען אָן דעם גימנאַזיסטעל'ס קאָפּ. דער גימנאַזיסטעל האָט איהר אָנגעכאַפּט, זיך צוגעדריקט מיט די ליפּען און זיך צו־וויינט.

אָט אין דיעזען מאָמענט איז איוואַן איליטש דאָס אריינגע־פאַלען אין לאָך, דערזעהן אז עס שיינט עפּעס, און איהם איז

קלאָר געוואָרען אז זיין לעבען איז געווען ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין, אָבער מען קען דאָס נאָך פאַרריכטען. ער האָט ביי זיך גע־פרעגט: „אָבער וואָס הייסט, ווי עס בעדאַרף צו זיין?" און ער האָט אויפגעהערט צו שרייען און זיך גענומען צוהערען. דאַן האָט ער דערפיהלט, אז אימיצער קושט איהם. ער האָט אויפגע־עפענט די אויגען און אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זוהן. ער האָט אויף איהם רחמנות געהאַט. די פרוי איז אויך צוגעגאַנגען. ער האָט אויף איהר אַ קוק געטהאָן. מיט אַן אָפענע מויל, מיט ניט־קיין־אָבגעווישטע טרעהרען אויפ'ן נאָז און אויף דער באַק, מיט אַ שרעקליכען אויסדרוק אויף דער געזיכט איז זי געשטאַנען און געקוקט אויף איהם. ער האָט אויף איהר אויך רחמנות געהאַט.

„יאָ, איך מוטשע זיי" — האָט ער זיך געטראַכט — „זיי וועט בעסער זיין ווען איך וועל שטאַרבען. ער האָט דאָס געוואָלט זאָגען, ער האָט אָבער קיין כח ניט געהאַט אויסצורעדען די ווערטער. „איבעריגענס, צו וואָס דאַרף מען ריידען? מען דאַרף טהאָן", האָט ער זיך געטראַכט. ער האָט דער פרוי מיט די אויגען אָנגע־וויזען אויפ'ן אינגעל, און געזאָגט.

„פיהר איהם ארויס... אַ רחמנות... אויף דיר אויך". ער האָט נאָך געוואָלט זאָגען „פּראָסטי" (פערצייהע מיר, איך בעדויער), ער האָט אָבער געזאָגט „פּראָפּוסטי" (לאָז דורכגעהן), ער האָט גע־וואָלט פאַרריכטען, ער האָט אָבער קיין כח ניט געהאַט, און ער האָט אַ מאַך געטהאָן מיט'ן האַנט; ער האָט געוואוסט, אז דער וואָס דאַרף פערשטעהן וועט שוין פערשטעהן.

און פּלוצלונג איז פאַר איהם קלאָר געוואָרען, אז דאָס, וואָס האָט איהם געמוטשעט און בשום אופן ניט געוואָלט ארויסגעהן, אז פּלוצלונג געהט דאָס ארויס — אלץ מיט אַמאָל און פון צוויי זייטען, פון אַלע זייטען. עס איז אַ רחמנות אויף די פרוי מיט די קינדער. מען דאַרף זעהן, אז זיי זאָלען זיך ניט מוטשען. מען דאַרף זיי בעפרייען פון יסורים, און זיך אַליין דאַרף מען אויך בע־פרייען, „ווי גוט און ווי אייגפאַך דאָס איז!" האָט ער זיך גע־טראַכט. „און וואָס איז מכח זיין וועהטאָג?" האָט ער זיך גע־

פרעגט. „וואו טהוט מען איהם אהין? א נו, וואו ביסטו, וועה־טאָג?"

ער האָט זיך גענומען צוהערען.

„אָט איז ער דאָך! מילא! זאָל ער זיך זיין, דער וועהטאָג".

„און דער טוידט? וואו איז ער?"

ער האָט געזוכט זיין פריהערדיגע שרעק פאַר'ן טוידט, און ער האָט איהר ניט געקענט געפונען. „וואו זשע איז זי? וואָסער טוידט?" עס איז ניט געוועזען קיין שרעק, ווייל עס איז קיין טוידט ניט געוועזען.

אָנשטאָט טוידט איז געוועזען ליכט.

„אזוי גאָר!" — האָט ער פּלוצלונג ארויסגערעדט אין דער הויך. — „אך ווי גוט!"

ביי איהם איז דאָס אַלץ פאָרגעקומען אין איין רגע, און די בעדייטונג פון דיעזער רגע האָט זיך שוין ניט געענדערט. פאַר די אָבער וואָס זיינען געשטאַנען לעבען זיין בעט האָט זיין מאַטערען זיך געדויערט נאָך צוויי שעה. אין ברוסט האָט ביי איהם גע־קאָכט ווי אין א קעסעל און געכאָרכעלט; זיין אויסגעדאַרטער קער־פּער האָט אַלע ווייַלע א ציטער געטהאָן, דערנאָך איז דער גערויש און דאָס כאָרכלען געוואָרען אַלץ זעלטענער.

„דער ענד!" — האָט אימיצער לעבען איהם געזאָגט.

ער האָט די ווערטער דערהערט, און ער האָט זיי איבערגעזאָגט ביי זיך אין הארצען „אַן ענד צום טוידט! ניטאָ מעהר קיין טוידט".

ער האָט אריינגעצויגען אין זיך דעם אָטהעם, זיך אָבגעשטעלט אין מיטען פון א זיפץ, זיך אויסגעצויגען און געשטאָרבען.

ענדע.

# „איוואַן איליטש"
# נאָטיצען

קריטישע ערקלעהרונגען וועגען טאָלסטאָי'ס ערצעהלונג.

פון
## אב. קאַהאַן

# I*)

דער ערשטער קאַפּיטעל איז אייגענטליך דער לעצטער, וואָרים אין איהם ווערען געשילדערט סצענעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָך איוואַן איליטש'עס טוידט, און דער עיקר פון דער ערצעהלונג בעשטעהט דאָך אין דער שילדערונג ווי אזוי ער איז געשטאָרבען.

עס פאַנגט זיך אַלזאָ אָן פון סוף. אין צווייטען קאַפּיטעל קעהרט זיך דער פערפאַסער אום צום אָנהויב פון איוואַן איליטש'ס לעבען, און דאַן געהען מיר שוין כסדר ביז ער ווערט קראַנק און שטאַרבט.

פאַרוואָס, אַלזאָ, האָט טאָלסטאָי אָנגעהויבען די ערצעהלונג פון סוף?

אָנפאַנגענדיג די געשיכטע פון איוואַן איליטש'ס לעבען, זאָגט טאָלסטאָי, אז דאָס איז געווען „אַ גאַנץ איינפאַכע און געוועהנליכע און אַ זעהר שרעקליכע געשיכטע". דיזע ווערטער קען מען זאָגען וועגען איוואַן איליטש'עס טוידט אויך. די קראַנקהייט, פון וועלכע איוואַן איליטש איז געשטאָרבען, איז ניט קיין אונגעוועהנליכע קראַנקהייט; און אז מען זאָל דערפון שטאַרבען, איז אויך ניט קיין אונגעוועהנליכע זאַך; און דאָך איז איוואַן איליטש'עס טוידט

*) דיעזע נאָטיצען, וועלכע ענטהאַלטען קריטישע ערקלעהרונגען וועגען טאָלסטאָי'ס ערצעהלונג, ווערען געגעבען קאַפּיטעל־וויוז, מיט די זעלבע קאַפּיטעל־נומערען ווי די ערצעהלונג גופא. דאָס ווערט געטהאָן כדי דעם לעזער זאָל לייכטער זיין צו געפינען דעם פּלאַץ, וועלכער ווערט בעשפּראָכען אין דעם אָדער יענעם נאָטיץ. — א. ק.

געוועז אַן אונגעוועהנליך גרויסע טראַגעדיע. ווען דער סוף פון אַ מענשען קומט ניט פּלוצלונג, נור ביסלעכווייז, און דער חולה זעהט אַז ער קומט — דאָס איז דאָס שרעקליכסטע, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען.

דעם גייסטיגען צושטאַנד פון אַ מענש, וואָס זעהט אַז ער געהט אויס ווי אַ ליכט; דעם געפיהל פון איינעם, וועלכער ווייס אַז דער שיקזאַל האָט איהם שוין פּאַראורטיילט צום טוידט, און זיין אומזיסטער קאַמף מיט׳ן „מלאך המות״ — דאָס אַלץ שילדערט טאָלסטאָי אין דיזער ערצעהלונג ווי קיינער האָט נאָך קיין מאָל ניט געשילדערט. ער מאָלט דאָס אַזוי בולט און ער דרינגט אריין אַזוי טיעף אין דער נשמה פון דעם שטאַרבענדען, אַז עס קומט ארויס די טיעפּסטע טראַגעדיע.

מיר וועלען זעהן, אַז טאָלסטאָי האָט געהאַט אַן אַנדער מיין דערביי, און אַז אין די סאַמע טיעפקייט פון זיין שילדערונג ליגט ביי איהם אַ גרויסער פעהלער. אָבער די שילדערונג איז דאָך אַ וואונדערבאַרע און מאַכט אַן אונגעהייערען איינדרוק.

אַלע טראַגעדיעס וואָס זיינען ווען עס איז פאָרגעשטעלט געוואָרען זינט מענשען האָבען זיך אויסגעלערנט שרייבען, זיינען אַ קינדערשפּיעל נעגען דיזען גייסטיגען בילד, ווי אַזוי איוואַן איליטש׳ען האָט זיך ניט געוואָלט פערלאָזען די וועלט און ווי אַזוי ער האָט געזעהן אַז דער טוידט רוקט זיך צו איהם אַלץ נעהנטער און נעהנטער.

די טראַגעדיע ענטוויקעלט זיך און וואַקסט פון שורה צו שורה, ביז עס קומט דער שוואַרצער שלום־אַקט: איוואַן איליטש ציהט אין זיך אריין די לופט, און ניט ענדיגענדיג דעם זיפץ, ציהט ער זיך אויס און שטאַרבט.

די סצענעס וואָס קומען פאָר אין דעם ערשטען קאַפּיטעל האָבען מיט איוואַן איליטש׳ען ניט צוטהאָן. זיי זיינען ניט קיין טהייל פון דער טראַגעדיע. זיי קומען פאָר נאָך זיין טוידט און אין זיי האַנדעלט זיך ניט וועגען איוואַן איליטש׳ען, נור וועגען איוואַן איליטש׳ס פריינד, חברים, וועגען זיין פרוי. און דאָס וואָס מיט

זיי פּאַסירט און האָט אַ שייכות צו איוואַן איליטש'ס טוידט, איז ניט קיין טראַגעדיע, נור אַ קאָמעדיע. ווען דיזער קאַפּיטעל וואָלט געשטאַנען צום סוף, וואָלט דיזע קאָמעדיע פאַרשטעלט די טראַגעדיע פון דער ערצעהלונג. עס וואָלט אַרויסגעקומען אַ פאַר־שטערענים, אַ „חלול השם".

טאָלסטאָי'ס קינסטלערישער געפיהל האָט דאָס ניט געקענט דערלאָזען.

איהם האָט זיך אָבער פאָרט געגלוסט צו ווייזען וואָס עס האָט זיך געטהאָן אין די הערצער פון איוואַן איליטש'ס פרוי און פון זיינע חברים, ווען ער איז געשטאָרבען — האָט ער דאָס דער־צעהלט פון אָנפאַנג, איידער עס הויבט זיך אָן די געשיכטע גופא.

אָט דאָס איז די אורזאכע, פאַרוואָס די ערצעהלונג הויבט זיך אָן פון סוף.

אָבער דער ערשטער קאַפּיטעל איז אָן און פאַר זיך אַ מערק־ווירדיגע קונסט־ווערק. עס ענטהאַלט איינע פון די וואונדער־באַרסטע פּסיכאָלאָגישע סצענעס, וועלכע טאָלסטאָי האָט ווען עס איז געשאַפען.

* * *

עס פאַנגט זיך אָן מיט אַ סצענקע ווי איוואַן איליטש'עס חברים דערוויסען זיך פון אַ ציימונג, אַז ער איז געשטאָרבען און זיין אלמנה לאָזט וויסען וועגען דער לויה. די סצענקע ווי די ריכטער זיצען און שמועסען איז אָנגעוואָרפען מיט אַ פּאָר איינצעלהייטען, אַזוי ווי דאָס וואָלט טאַקי אין אמת'ן פּאַסירט. עס ווערט גערעדט עפּעס אַזוי ווי דער לעזער וויים שוין פון די ריכטער, פון דעם פּראָצעס, מיט וועלכען זיי זיינען יענעם טאָג געווען בעשעפטיגט, און וועגען דעם פּראָצעס, וועגען וועלכען זיי דעבאַטירען. יעדעס וואָרט איז אַזוי ווי אַליץ וואָלט געווען ניט קיין אויסגעקלעהרטע מעשה, נור טאַקי אָן אמת.

וואָס איז געווען דער ערשטער געפיהל אין די הערצער פון

איוואן איליטש'עס מיט־ריכטער, ווען זיי האָבען דערהערט אַז ער איז געשטאָרבען?

געוועהנליך שטעלט מען זיך פאָר, אַז אין אַזאַ פאַל דערפיהלט מען אַ שמערץ פון רחמנות און בעדויערען. אין טאָלסטאָי'ס שילדערונג אָבער זעהען מיר גאָר עפּעס אַנדערש. דער ערשטער געפיהל אין די הערצער פון דעם געשטאָרבענעם'ס חברים איז גאָר וועגען די נוצען, וואָס פאַר זיי וועט אַרויסקומען פון זיין טוידט; און צווייטענס, אַז „דאָס איז ע ר געשטאָרבען, ניט א י ך."

עס איז באַרמלאָז; עס איז אַ גיפטיגע בעשולדיגונג געגען דעם געשטאָרבענעם'ס חברים. דער שרייבער שטעלט זיי אַרויס פאַר האַרצלאָזע עגאָאיסטען: זיי זאָרגען זיך נור וועגען זיך; זייער ערשטער געפיהל איז וועגען זייערע אייגענע גראָבע אינטערעסען, אפילו ווען עס האַנדעלט זיך אום דעם טוידט פון אַ ליעבען חבר.

איהר פיהלט אָבער אַז עס איז ריכטיג.

און דאָס הייסט גאָר ניט, אַז דיזע ריכטער זיינען אויסער־געוועהנליך שלעכטע מענשען; זיי זיינען ניט ערגער פאַר אַנדערע. אָט אַזוי זיינען מענשען טיעף ביי זיך אין האַרצען! זיי קענען רחמנות האָבען אויף אַ צווייטען מיט אַן אמת'ן רחמנות; זיי קענען בערייט זיין זיך צו אָפּפערען פאַר איהם; און דאָך איז טאָלסטאָי'ס שילדערונג ריכטיג.

הויפּטזעכליך איז מערקווירדיג דער שטריך וועגען דעם גע־פיהל, „אַז דאָס איז ע ר געשטאָרבען, ניט א י ך."

ווען די ערצעהלונג איז ערשיענען, האָט דיזער שטריך גע־מאַכט אַ ספּעציעלען רושם. אויף דיזע שטעלע און נאָך אייניגע שטעלען אין דער ערצעהלונג, האָט מען אָנגעוויזען, ווי אויף אַ מוסטער פון טאָלסטאָי'ס קראַפט אַלס נשמה־קענער.

* * *

די שילדערונג, ווי פּיאָטר איוואַנאָוויטש קומט צו דער צע־רעמאָניע אין דעם געשטאָרבענעם'ס הויז, איז אויפגעמאָלען מיט בולט'ענע, לעבהאַפטע שטריכען. אַלס אַ ביישפּיעל וועלען מיר אָנצייגען אויף איינעם פון זיי. עס איז אַ קלייניגקייט, אָבער זעהר

אַ אינטערעסאַנטע. ווען פּיאָטר איוואַנאָוויטש זעהט ווי אַ דיענער שיט אוים די פּאָדלאָגע מיט אַ פּראָשעק, דערהערט ער גלייך דעם גערוך פון דעם טויטען קערפּער. דאַכט זיך דער זעלבער גערוך איז דאָרטען פריהער אויך געוועזן; פון דעסטוועגן האָט ער דאָס פריהער ניט געפיהלט; אָדער אפשר האָט ער ניט בעמערקט אַז ער פיהלט. ווען ער האָט אָבער דערזעהן ווי מען שיט אוים די פּאָדלאָגע מיט אַ פּראָשעק, אום דעם ריח צו פערטרייבען, האָט ער שוין דערפיהלט אַז ער פיהלט דאָס.

אויסגעצייכענט איז אָנגעוואָרפען די פיגור פון דעם אימער־לוסטיגען ריכטער שוואַרץ, וועלכער לאָזט צו זיך ניט צו דעם טרויער פון דער טוידט סצענע. שוואַרץ'ן ליגט גאָר אין זינען דער קער־טעל וואָס ער וועט שפּיעלען.

דער לעבעדיגער איז פאַרנומען מיט'ן לעבען, מיט אַלע קליי־ניגקייטען.

און דאָס געהט ניט בלויז אויף שוואַרץ'ן, נור כמעט אויף אַלע פּערזאָנען, וועלכע קומען בעזוכען איוואַן איליטש'ען.

טאָלסטאָי'ס שילדערונג איז דאָ אַ רעאַליסטישע סאַטירע. ער ווייזט ווי פאַלש עס זיינען די טרויעריגע אוואַיעס מיט די זיפצען. ער ווייזט, אַז עס איז ניט מעהר ווי אַ קאָמעדיע, איינע פון די טויזענדע, מיט וועלכע אונזער לעבען איז אָנגעפּיקעוועט.

עס זיינען נאַטירליך פּאַראַנען אויסנאַהמען: מענשען וואָס וויינען אויף אַ טוידטען מיט'ן גאַנצען האַרצען. און אַזאַ אויס־נאַהמע האָבען מיר דאָ אויך:

דער איינציגער וואָס איז אין אמת'ן פאַרטרויערט פון איוואַן איליטש'עס טוידט איז זיין אינגעל, דער גימנאַזיסטעל. שפּעטער אין דער ערצעהלונג ווערט דאָס נאָך דייטליכער.

די גיפטיגסטע סאַטירע גיסט טאָלסטאָי אוים אויף דער אלמנה, פּראַסקאָוויאַ פיאָדאָראָוונאַ. ער מאַכט פון איהר פּשוט חוזק.

די סצענקע, ווי עס פאַרטשעפּעט זיך איהר טרויער־טול, און ווי די קאַליע־געוואָרענע ספּרונזשינע שטערט דעם גאַסט — דאָס

שמעקט כמעט מיט שטיפעריי. עס מאכט אן איינדרוק עפּעס אזוי ווי דער פּערפּאַסער וואָלט דאָס אַלץ דערמאָנט דער אַלמנה אויף להכעיס, אום צו ווייזען ווי פאַלש איהרע טרעהרען זיינען, און ווי יעדע נארישקייט קען צושטערען איהר כלומר'שטדיגען וועהטאָג. דיזע סצענקע איז פול מיט ווירקליכקייט; זי האָט אָבער א טעם פון „אומישנעקייט", פון א גיפטיגען, הגם טאַלאַנטפולען און לע־בענספולען וואָדעוויל.

פון דער ערצעהלונג גופא זעהען מיר, אז איוואן איליטש און זיין פרוי זיינען קיין גליקליכע פּאָר פאָלק ניט געווען. זיי האָבען קיין גוט לעבען ניט געהאַט. אין די הערצער זיינען זיי זיך ניט געוועזן קיין פריינד; דערצו נאָך האָט פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונאַ פון איהר מאַנ'ס קראַנקהייט זיך פיעל אָנגעליטען. אַלס א סימ־פּאַטישע פרוי שטעלט איהר טאָלסטאָי אויך ניט פאָר. אַלזאָ איז די סצענע מיט איהרע געמאַכטע טרעהרען אין סך הכל א גאַנץ נאַטירליכע. איז דאָס אָבער ניט איין־זייטיג? איך גלויב אז יאָ.

ווי וועניג געפיהל די אַלמנה זאָל ניט האָבען צו איהר גע־שטאָרבענעם מאַן, אין גאַנצען גלייכגילטיג און קאַלט, אָהן איין פונק פון א מענשליכען געפיהל וואָלט זי פּאָרט ניט געווען, סיידען זי איז אן אויסערגעוועהנליכער שלאַנג אין א מענשען־געשטאַלט; און פּאַר אַזעלכע שטעלט טאָלסטאָי איהר אין דער ערצעהלונג ניט ארויס. פאַר איהר מאַנ'ס טוידט, ווען ער מוטשעט זי שרעקליך, זיינען פאַראַן מאָמענטען, ווען זי האָט אויף איהם אמת מיטלייד, און עס בעווייזען זיך אין איהרע אויגען ווירקליכע טרעהרען. נאָך זיין טוידט פיהלט זי, נאַטירליך, אזוי ווי א באַרג וואָלט פון איהר זיך אראָבגעקייקעלט: זי איז געוואָרען פריי פון זיינע יסורים, און פון די צרות וואָס זיי האָבען איהר פערשאַפט. דאָס איז פער־שטענדליך. אָבער דאָך וואָלט זי ניט געוועזן לויטער צבועצסטווא. מאָמענטענווייז וואָלט אויף איהר אָנגעקומען א שמערצליכע איבער־ראַשונג פון דעם בעוואוסטזיין אז איהר מאַן איז געשטאָרבען. פּאָרט אזוי פיעל יאָהרען אָבגעלעבט צוזאַמען! אָדער אפשר וואָלט זי געוועזן אזוי אויסגעמאַטערט פון זיין טוידט אז (מינוטענווייז

ווייניגסטענס) וואָלט זי געווען ווי אין אַ חלום, אָדער אפשר נער־וועז, צודולט. אַזעלכע, אָדער פערשיעדענע אַנדערע מאָמענטען וואָלט זי איבערגעלעבט. טאָלסטאָי שטעלט אָבער אַזעלכעס ניט פאָר. ער שילדערט ווי זי איז פארטיעפט בלויז אין איהרע אינ־טערעסען און ווי איהרע טרעהרען זיינען געמאַכטע. דאָס איז ריכ־טיג, אָבער עס איז ניט אַלעס; עס איז איין־זייטיג. עס איז בלויז אַ טהייל פון דעם אמת'ן בילד.

טאָלסטאָי איז פּאַרטייאיש געגען דער אלמנה.

דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען די אַנדערע פּערזאָנען. ווי גלייכגילטיג מען זאָל ניט זיין צו יענעמ'ס טוידט, בעסערע געפיהלען ווירקען אָבער אויך דערביי. די שטימונג אין אַזאַ פאַל איז אַ פיעלפאַכע. עס איז פאַראַן אַ היבשע ביסעל צבועצסטוואָ, אָבער אין גאַנצען פון צבועצסטוואָ בעשטעהט אַזאַ מאָמענט ניט.

## II

דער צווייטער קאפּיטעל דערצעהלט בקיצור איוואן איליטש'עס לעבענס-געשיכטע פון זיינע קינדער-יאָהרען ביז זיעבצעהן יאָהר נאָך זיין חתונה, און אין דעם נעקסטען קאפּיטעל ווערט די קורצע ביאָגראַפיע פאָרטגעזעצט ביז א קורצע צייט פאר איוואן איליטש'עס קראנק ווערען. ווען מיר זאָגען „בקיצור" און „קורצע ביאָגראַפיע", הייסט עס ניט אז עס איז א טרוקענער צעטעל פון פּאַסירונגען מיט נעמען. ווי וועניג פּלאַץ די צוויי קאפּיטלעך פערנעהמען, מאָהלען זיי פון דעסטוועגען לעבעדיגע פערזאָנען מיט לעבעדיגע מענשליכע וועלטעלעך.

מען וועט אפשר פרעגען: צו וואָס דאַרף מען דאָס? די גאנצע ערצעהלונג איז אזא קורצע; זי פאַרנעהמט ניט מעהר ווי צוועלף קאפּיטלעך; היינט צו וואָס איז דאָס נויטיג געווען אָב-צוגעבען צוויי פון דיזע צוועלף צו דעם העלד'ס ביאָגראַפיע? אין פיעל לענגערע ראמאַנען האָט טאָלסטאָי ניט געפונען פאַר וויכטיג דעם לעזער צו בעקענען מיט דעם פערגאַנגענעם לעבען פון די הויפּט פערזאָנען. און אין דיזער קורצער ערצעהלונג האַלט ער דאָס גראַד יאָ פאַר וויכטיג. וואָרום? דער עיקר איז דאָך איוואן איליטש'עס טוידט, ניט זיין לעבען.

דער אַנטוואָרט איז, אז טאָלסטאָי'ס צוועק איז צו ווייזען, ערשטענס, אז איוואן איליטש האָט ניט געפיהרט קיין לעבען פון אמת און פון אמת'ע אָרענטליכקייט; צווייטענס, אז איוואן איליטש האָט פון זיין לעבען געהאַט א סך מעהר צרות ווי פרייד, אז פרייד האָט ער געהאַט בלויז אין די קינדער-יאָהרען. שטאַר-

בענדיג האָט ער זיך ארומגעזעהן אז ער האָט נאָך גאָר ניט געלעבט, און דאָס אלץ האָט ספּעציעל פארביטערט זיין טוידט.

אין דעם ליגט אַ כונה דורכצופיהרען אַ רעליגיעזען געדאנק, מיט וועלכען טאָלסטאָי איז געווען דורכגעדרונגען; דאָס ענט־האַלט אין זיך דעם גרויסען חסרון פון וועלכע דיזע וואונדערבאַרע ערצעהלונג ליידעט. אָבער דאָס וועלען מיר בעטראַכטען ווען מיר וועלען האַלטען דערביי. דאָ איז פאַר אונז וויכטיג דאָס פאָל־גענדע:

דאָס לעבען פון איוואַן איליטש איז ביי טאָלסטאָי'ען אַ נויטיגע טהייל פון זיין געשיכטע וועגען דעם טוידט פון איוואַן איליטש; עס האָט אַ וויכטיגע שייכות צו דער טהעמאַ.

איוואַן איליטש'עס לעבען איז געווען אַ גאַנץ געוועהנליכער. און טאָלסטאָי ניט אָנצוהערענים, אַז כמעט אַלע לעבען אַזוי, און אַז כמעט אַלע שטאַרבען ניט האָבענדיג געלעבט. אָט דאָס מיינט טאָלסטאָי, ווען ער הויבט אָן דעם צווייטען קאַפּיטעל מיט דער בע־מערקונג: „די פריהערדיגע געשיכטע פון איוואַן איליטש'עס לעבען איז אַ גאַנץ איינפאַכע און געוועהנליכע און אַ זעהר שרעקליכע גע־שיכטע.” מיט אַנדערע ווערטער: די געשיכטע פון כמעט יעדען מענשען איז אַ שרעקליכע געשיכטע, אַ געשיכטע פון פאַלשקייט און צרות.

* * *

איוואַן איליטש איז געבאָרען געוואָרען אין דער פאַמיליע פון אַ הויכען טשינאָווניק. אין אַ וועלט, וואו מען דערדיעגט זיך ניט מיט אמת'ע פעהיגקייט און נוצליכקייט, נור מיט דעם, וואָס מען ווייס ווי צו געפעלען אַ העכערען. דאָס איז געווען אַ וועלט פון חניפה צו אַ גרעסערען טשינאָווניק און פעראַכטונג צו אַ נידע־ריגערען; פון ארבייט אָהן ליעבע און אָהן נוץ, פון פליכטען אָהן אַ מאָראַלישען טעם — די קאַזיאָנע, די פאַלשע, די טרוקענע, די הארצלאָזע וועלט פון טשין־קלעטעריי אונטער דער פארפוילטער הערשאַפט פון די רוסישע צאַרען.

איוואן איליטש האט דעם גייסט פון דיזער וועלט אריינגע־זויגען אין זיך מיט דער מוטער'ס מילך.

ער איז געווען א פעהיגער יונג, און ניט קיין שלעכטער. וואלט ער געבארען און אויפגעהאדעוועט געווארען אונטער בעסערע גייסטיגע ווירקונגען, וואלט פון איהם געקענט ארויסקומען א סימפאטישער און ניצליכער מיטגליעד פון דער געזעלשאפט. אזוי אבער איז ער אין דעם עיקר פון זיינע שטרעבונגען געווען ניט מעהר ווי א טשינאווניק. דאס ווערט אונז דייטליך ווען מיר זעהען איהם אויף זיין ערשטער שטעלע ביי דעם גובערנאטאר; דערנאך, ווען ער ווערט א סליעדאוואטעל; און נאך שפעטער, ווען ער ווערט א פראקוראר זעהען מיר דאס נאך דייטליכער.

ער איז סימפאטיש און אנשטענדיג און ניט אהן א הארץ; אבער די גוטע געפיהלען געהען ביי איהם נור אזוי ווייט ווי זיי שטערען ניט זיינע עגאאיסטישע טשינאווניק־אינטערעסען. זיין וועגווייזער אין לעבען, זיין אידעאל איז דאס, וואס „גאנץ הויכע פערזאנען", גאנץ הויכע טשינאווניקעס האלטען פאר כשר און שעהן. ווארים דיענענדיג דיזען „אידעאל", נעהמט ער אוים ביי דיזע גאנץ הויכע פערזאנען, און דאס העלפט איהם זיך דראפען איבער דעם לייטער פון טשינעס און געלט.

קורץ, איוואן איליטש איז א קאריעריסט; א טשינאווניק, פונקט ווי זיין טאטע און זיין עלטערער ברודער; נור ער איז פעהיגער ווי זיי.

ער איז א סימפאטישער טשינאווניק, אבער דאך א טשינאוו־ניק, און ווייטער גאר ניט. בעגייסטערט ווערען פאר וואס עס איז — דאס איז ניט אין זיין כאראקטער. אפילו צו מוזיק ציהט איהם ניט דאס הארץ. וועניגסטענס ווערט אזא זאך ניט דערמאנט אין דער ערצעהלונג.

עס טרעפט א ריכטער, אדער אן אדוואקאט וואס איז פאר־טיעפט אין זיין יוריספרודענץ, אין זיינע פראצעסען (קייסעס און טרייעלס) און געפינט א גייסטיגען אינטערעס אין זיי. איוואן

איליטש אָבער האָט אזא אינטערעס אויך ניט געהאַט. ער איז אין זיין אַרבייט ניט שטאַרק פעראינטערעסירט. ער טהוט אלץ ווייל מען דאַרף דאָס טהאָן, אום זיך צו דערדיענען, און אום ער זאָל האָבען פון וואַנען צו לעבען. ער איז צו קיין זאַך ניט צו וואַרים און ניט צו קאַלט; אלץ אין דער „ריכטיגער" מאָס; דאָס הייסט לויט די פאָדערונגען פון „בכבוד'קייט" און „לייטיש-קייט", וועלכע ער לעהרענט ביי די הויכע פערזאָנען.

בלויז איין אויסנאַהמע איז פאַראַן; ווייטער האָט ער פון קיין זאַך קיין אמת'ן פערגניגען ניט: ער האָט ליעב צו שפּיעלען אַ קערטעל אויף אַ בעל-הבית'שען שטייגער. אָט דאָס איז די איינ-ציגע זאַך, פון וואָס ער האָט אמת הנאה. עס איז פאַראַן אַ שפּריך-וואָרט, אַז די אויסנאַהמע בעשטעטיגט דעם כלל. דאָס, וואָס צו שפּיעלען אַ קערטעל איז געוועזן די איינציגע זאַך, פון וואָס ער האָט געהאַט אַן אמת'ן פערגניגען, ווייזט ווי ווייניג פערגניגען ער האָט פון זיין לעבען געהאַט. נור צו דעם וועלען מיר זיך נאָך אומקעהרען.

ער איז ניט שטאַרק צולאָזען, אָבער ריין פון אונמאָראַלישקייט איז ער אויך ניט; און דערביי פיהרט ער זיך לויט די מאָראַלישע בעגריפען פון זיין קלאַס. ער פיהרט זיך אַזוי ווי אין זיין קלאַס איז אַנערקענט אַלס נאַטירליך און פּאַסענד זיך צו פיהרען. ער געהט ניט אַרויס פון די גרעניצען פון בכבוד'קייט, ווי דיזער וואָרט ווערט פערשטאַנען ביי הויכע טשינאָווניקעס. ער האָט געהיימע פערהעלטניסע מיט אַ דאַמע פון זיין קלאַס און אויך מיט אַ נייטער-קע; ער פאָהרט מיט אַנדערע יונגע לייט אין פאַרבאָרגענע געס-לעך; אָבער דאָס אלץ טהוט ער נור אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל די „אַנשטענדיגקייט" פון זיין קלאַס גיט איהם אַ הכשר. ווען ער וואָלט אין אַזעלכע זאַכען געגאַנגען אַ סך ווייטער; ווען ער וואָלט זיך אַריינגעלאָזען אין הולטאַיסטוואַ, וואָלטען די „העכסטע פער-זאָנען" שוין אויף איהם געקוקט קרום; דעריבער טהוט ער דאָס ניט.

מען דאַרף אָבער בעמערקען, אַז ער איז פון דער נאַטור ניט

געווען קיין הולטיי. ער איז ניט געווען אויסערגעוועהנליך לייי־דענשאפטליך צו פרויען, פונקט ווי ער איז ניט געווען אויסערגעוועהנליך ליידענשאפטליך צו שנאפס, למשל. ער איז געווען א געוועהנליכער, א דורכשניטליכער, א מיטעלמעסיגער מענש.

* * *

אלס סליעדראוואטעל האט ער געהאט פערגניגען פון זיין מאכט; עס איז איהם אנגענעהם געווען צו פיהלען, אז ער קען יעדען מענשען ברייגנען צו שלעפען צו זיך אין קאנצעליאריע און אונגליקליך מאכען.

ווען איוואן איליטש וואלט ביי זיין אפיציעלע ארבייט געהאט אין זינען די מענשליכע זייט פון זיינע פליכטען; ווען ער וואלט זיך אין דעם אריינגעלעגט מיט א חשק צו טהאן גוטעס, וואלט ער פון זיין שטעלע געקענט שעפען גייסטיגע פערגניגען, אמת'ע פער־גניגען. אבער אזוי האט איוואן איליטש ניט געטהאן. ער האט געדיענט ניט ווי א מענש מיט א הארץ און מיט איידעלע מענש־ליכע געפיהלען, נור ווי א מאשין.

* * *

ריידענדיג וועגען דעם ווי איוואן איליטש איז געווארען א סליעדראוואטעל, דערמאנט טאלסטאי די ענדערונגען וואס זיינען ארום יענער צייט (1864) געמאכט געווארען אין די רוסישע גע־ריכטען, און דעם נייעם גייסט, וועלכען איוואן איליטש האט אנ־געהויבען ארויסצווייזען. א קורצע ערקלעהרונג וועט דעם לעזער לייכטער מאכען צו פארשטעהן וועגען וואס דא האנדעלט זיך.

דער דאמאלסדיגער צאר, אלעקסאנדער דער צווייטער (דער זיידע פון ניקאלאי דעם צווייטען), איז נאך דאן געווען א יונגער מאן, און ער איז אויפ'ן טראהן אפגעווען בלויז עטליכע יאהר. רוסלאנד האט געהאט א גרויסע נידערלאגע אין דער סעוואסטאפאלער קריעג, און דיזער צאר איז ארויף אויפ'ן טראהן גלייך נאך דעם (אין יאהר 1855). די מפלה האט געוויזען, אז צוליעב די פאנסטשינא (שקלאפעריי פון די רוסישע פויערים), געפינט זיך

דאָס לאַנד אין אַ זומפּ פון אומפעהיגקייט און צוריקגעשטאַנענקייט; די מיליטערישע נידערלאַגע האָט געוויזען, אַז דיזע שקלאַפערייא איז אַ שטערונג פאר דער ענטוויקלונג, אי פון די פּריצים, אי פון די פּויערים. אַלזאָ איז מען געצוואונגען געווען די פאַנסטשינע אָבצושאַפען. אין איין מאָל האָט מען אָנגעפאַנגען צו מאַכען רעפאָרמען, האָט מען שוין געמאַכט רעפאָרמען אין דער געריכטס־סיסטעם אויך.

דער יונגער קיסר איז צוערשט בעגייסטערט געוואָרען און ער האָט די דאָזיגע ענדערונגען אָנגעהויבען צו מאַכען מיט׳ן גאַנצען הארצען.

זיין ליבעראַליזמוס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. עס האָבען זיך באַלד אָנגעהויבען מערדערליכע פּאָליטישע פערפאָלגונגען און דער דעספּאָטיזמוס האָט געבושעוועט ווי אימער. אָבער די אָבשאַפונג פון פאַנסטשינע און די נייעסען וואָס מען האָט איינגעפיהרט אין די געריכטען האָבען אריינגעבראַכט אַ נייעם סאָרט גייסט, וועלכער האָט פון דרויסען, וועניגסטענס, געהאַט דעם אויסזעהן פון פּאָרטשריט. די נייע ריכטער, פּראָקוראָרען, סליעדאָוואַטעלעס, האָבען זיך געהאַלטען פאַר פּאָרטגעשריטענע מענשען. איינינע פון זיי האָבען דאָס טאַקי געמיינט מיט׳ן גאַנצען הארצען; ביי אַנדערע, ביי אַ גרויסען מאַיאָריטעט איז דאָס געווען ניט מעהר ווי אַ מאָדע זאַך. ווי די מעשה איז, עס איז ביי אַלעמען געווען אַ מאָדע די געוועהנליכע טשינאָווניקעס צו קריטיקירען; צו קוקען אויף זיי פון אויבען אראָפּ, און צו האַלטען זיך אָפּגעזונדערט פון זיי.

איוואַן אילימש איז געוואָרען איינער פון דיזע „נייע". ער האָט זיך אַלזאָ גענומען האַלטען ווי אַ פּאָרטגעשריטענער מענש. ער און זיינע מיט־חברים, אויך ריכטער און פּראָקוראָרען פון די „נייע", האָבען זיך ערלויבט אַ ביסעלע אָפּצולאַכען פון דער רעגיערונג; אָבער טאַקי ניט מעהר ווי אַ ביסעלע. אין גרונד איז ער געבליבען דער זעלבער טשינאָווניק ווי פריהער. אויסערליך

האָט ער זיך צוגעפּאַסט צו דעם נייעם, צו דעם ליבעראַלען גייסט. (וואָרים אויף צופּאַסען זיך איז ער אימער געווען אַ בריה). אינער־ליך אָבער, איז ער געבליבען דער זעלבער וואָס ער איז געווען אַלס סליעדאָוואַטעל און אַלס טשינאָווניק ביי דעם גובערנאַטאָר.

*　*　*

די צווייטע העלפט פון דעם צווייטען קאַפּיטעל איז פאַרנומען מיט איוואַן איליטש'עס הייראַטהע און מיט זיין פערהייראַטהעטען לעבען. ער לעבט מיט זיין פרוי ניט גליקליך.

עס איז כדאי צו בעמערקען, אַז זייער אונגליקליכער פער־הייראַטהעטער לעבען איז זעהר עהנליך צו דעם, ווי טאָלסטאָי שיל־דערט דעם פערהייראַטהעטען לעבען פון אַן אַנדער פּאָר פּאָלק; נעמליך, פון די פּאַזדנישעוו'ס, אין זיין „קרייצער סאָנאַטאַ" *). בלויז פּאַזדנישעוו איז אויסערגעוועהנליך אייפערזיכטיג, (פון דעם קומט אַרויס אַ טראַגעדיע: פּאָזדנישעוו ערמאָרדעט זיין פרוי), וועהרענד ביי איוואַן איליטש'ען זעהען מיר קיין אייפערזיכטיגקייט ניט. אַזוי ווי פּאַזדנישעוו איז ווילד אייפערזיכטיג, קומען דאָס רוב קריעגערייען אַרויס פון איהם, און ער שפּיעלט אין זיי די הויפּט־ראָלע. אין איוואַן איליטש'עס לעבען, ווידער, טשעפּעט זיך די פרוי צו דעם מאַן מעהר ווי ער צו איהר, אָבער דער אַלגעמיינער כאַראַקטער פון זייער צרה'דיגען לעבען איז דער זעלבער. הויפּט־זעכליך וואַרפט זיך אין די אויגען די עהנליכקייט צווישען די צוויי ערצעהלונגען אין אַ געוויסען פּונקט.

וועגען איוואַן איליטש'ען און זיין פרוי דערצעהלט אונז טאָל־סטאָי, אַז אין געוויסע צייטען פלעגט די פּאָר פאָלק לעבען גוט, אַז דאָס זיינען געווען „זעלטענע טעג אָדער שטונדען פון פער־ליעבטקייט, וועלכע פלעגען אויף די פּאָר פּאָלק אָנקומען פון צייט צו צייט. אַז דאָס זיינען געווען קליינע אינזעלעך, אויף וועלכע זיי פלעגען זיך אָפּשטעלען ניט אויף לאַנג; און דערנאָך פלעגען

*) איבערזעצט אויף אידיש פון אב. קאַהאַן, אַרויסגעגעבען פון „פאָרווערטס" פערלאַג.

זיי זיך ווידער אוועקלאָזען איבער'ן ים פון פאַרשטיקטע פיינד־
שאַפט, און פלעגען ווייבען איינער פון אנדערען."

דאָס הייסט, אַז די פערליעבטקייט וואָס פלעגט אויף זיי אָנ־
קומען איז געווען בלויז אַ געשלעכטליכע; אַזוי שנעל ווי דאָס
פלעגט ביי זיי איבערגעהן, פלעגט אויך פערשווינדען די פריינד־
ליכקייט צווישען זיי.

פונקט דאָס זעלבע זעהען מיר ביי די פאָזדנישעוו פאָר פאָלק
אין דער „קרייצער סאָנאטאַ". ביי די פאָזדנישעווס זיינען אויך
געווען „אינזעלעך", טעג פון בלומרשט'דיגע פערליעבטקייט. נאָך
יעדער צייט אַזעלכע פלעגט ביי זיי אָנקומען אַ שנאה. טאָלסטאָי
זאָגט (מיט פאָזדנישעוו'ס מויל) אַז, „די ליעבע און די פיינדשאַפט
זיינען אין גרונד געווען דער זעלבער טהירישער געפיהל... די תאוה
האָט געשאַפען די זאָגענאַנטע ליעבע אונזערע; און ווען מיר פלע־
גען דיזע תאוה אונזערע צופרידעשטעלען, פלעגט זיך אָנפאַנגען דער
האס, און ער פלעגט איבערגעהן ערשט דאַן, ווען עס פלעגט אָנקו־
מען אַ נייע תאוה."

איוואַן איליטש האָט מיט זיין פרוי ווייניג פערבראַכט. אין
דעם צווייטען קאַפיטעל זעהען מיר, אַז ער פלעגט איהר דאָס ריב
אויסמיידען. ער פלעגט אויסווייכען מיט איהר צו בלייבען אַליין
אין שטוב. אין דעם דריטען קאַפיטעל, דאָ וואו עס ווערט דער־
צעהלט ווי אַזוי איוואַן איליטש פלעגט פאַרברענגען די צייט, זאָגט
טאָלסטאָי אויסדריקליך, אַז דאָס ערגסטע איז פאַר איוואַן אי־
ליטש'ען געווען צו זיצען אַליין מיט דער פרוי: לעזען זיינע
אָפיציעלע פאַפּיערען איז איהם געווען לאַנגווייליג, אָבער דאָך
איז דאָס געווען בעסער ווי צו זיצען אויג אויף אויג מיט זיין
בלומרשט'דיגע לעבענס־חבר'טע.

דאָס זעלבע איז געווען ביי די פאָזדנישעווס.

פאָזדנישעוו זאָגט, (קרייצער סאָנאטאַ, אידישע איבערזעצונג,
זייט 70): „ווען מיר פלעגען בלייבען ביידע אַליין, פלעגען מיר
שווייגען אָדער ריידען אויף אַזאַ אַרט למשל: „ווי שפּעט איז

איצטער? שוין צייט צו געהן שלאָפען.״ — „וואָס איז היינט דאָ צו מיטאָג־עסען?״ — „וואוהין פאָהרט מען?״ — „מען דאַרף שיקען נאָכ׳ן דאָקטאָר, מאשא׳ן טהוט וועה די העלזעל.״

איוואַן איליטש איז געווען א געלאַסענער מענש, און ער פלעגט אימער זיך סטארען אויסצומיידען קריגערייי, וועהרענד פאָזדנישעוו, וועלכער איז געווען א נערוועזער, בייזער, היציגער מענש, פלעגט זיך קריגען א סך עפטער. אָבער דער עיקר איז דאָ דער פאַקט, אז די פאָאר פאָלק האָט ניט געהאט קיין אינטערעס צו פארברייננגען צוזאמען, צו שמועסען, צו פיהרען געשפרעכען. און אין דעם זיי־נען ביידע פאמיליען גלייך.

דיזען פונקט דאַרף מען האָבען אין זינען מעהר פון אלץ, ווארים אין איהם ליגט די הויפט־אורזאכע פון דער גאנצער פאמי־ליען־טראגעדיע, אי ביי די גאַלאָווינס (די פאמיליע פון איוואן איליטש), אי ביי די פאָזדנישעווס (די פאמיליע פון דער „קרייצער סאָנאטא״).

דער אונגליק מיט דיזע צוויי פאָאר פאָלק בעשטעהט אין דעם, וואָס צווישען מאן און ווייב איז ניטאָ קיין געמיינשאפטליכער אינטערעס. גייסטיג זיינען זיי זיך פרעמדע. זיי האָבען פראָסט ניט וועגען וואָס צו ריידען. זייער אייגציגער געמיינשאפטליכער אינטערעס איז די געשלעכטליכע ליידענשאפט. ווען דאָס קומט אָן זיינען זיי „פערליעבט״; ווען דאָס געהט אוועק, ווערען זיי זיך פרעמד. ערגער ווי פרעמד: זיי האָבען ניט קיין געדולד איינער צום אנדערען.

ווען זיי וואָלטען געווען חברים, וואָלטען זיי שוין געהאט וועגען וואָס צו ריידען; זיי זיינען אָבער ניט קיין חברים; זיי זיינען בלויז זכרים און נקבות. מיט די גייסטער זיינען זיי זיך אימער ווילד־פרעמדע.

טאָלסטאָי באמערקט אָבער דיזען פונקט ניט.

בשעת ער האָט געשריבען „דער טוידט פון איוואן איליטש״, האָט ער שוין געהאט א קריסטליך־מאָראַלישע טהעאָריע אין קאָפּ;

ער איז שוין דאַן געווען רעליגיעז, און אין זיינע ווערק האָט ער געפּרעדיגט זיינע רעליגיעזע געדאַנקען. די ערצעהלונג „דער טוידט פון איוואַן איליטש“ איז איינע פון די וואונדערבאַרסטע ווע, ק, וואָס די וועלט־ליטעראַטור האָט ווען עס איז געשאַפען. זי איז אָבער דורכגעדרונגען מיט דיזען רעליגיעז־מאָראַליסטישען גייסט זיינעם, און דורך דעם האָט זי גרויסע פעהלערען.

בשעת ער האָט געשריבען דיזע ערצעהלונג האָט ער שוין געהאַט בעזונדערע רעליגיעזע בעגריפע וועגען הייראַטה. אין ביידע ערצעהלונגען — אין דעם „טוידט פון איוואַן איליטש“ און אין דער „קרייצער סאָנאַטאַ“ — וואַרפט טאָלסטאָי אַרויף דעם בלבול פאַר אַלע פאַמיליע טראַגעדיעס אויף אונמאָראַלישקייט פאַר דער חתונה און נאָך דער חתונה. אי איוואַן איליטש, אי פּאָזדני־שעוו, זיינען פאַר דער חתונה ניט ריין. און לויט טאָלסטאָי'ס ערקלעהרונגען, איז זייער לעבען מיט די פרויען אויך ניט קיין ריינער. אַלזאָ, גלויבט ער, אַז דאָס איז דער קוואַל פון אַלע אונ־גליקען. און ביי איהם קומט אויס (אין דער „קרייצער סאָנאַטאַ“ ווערט דאָס אויסגעדריקט דייטליך), אַז אַלע אַזעלכע הייראַטהען זיינען אונגליקליכע.

ער באַמערקט אָבער אַליין ניט, אַז ער שטעלט די פּאָזדני־שעווס און די גאָלאָווינס פאַר אַזוי, אַז ביי זיי איז צווישען מאַן און ווייב ניטאָ קיין אַנדער שייכות ווי דער געשלעכטליכער אינטערעס. און פון דעם ווערט צוקלאַפּט די גאַנצע אידעע וואָס ער וויל אַרויס־ברענגען. ווען זיי וואָלטען געווען פאַראינטערעסירט איינער אין דעם אַנדערען ניט בלויז אַלס זכר און נקבה, נור אַלס מענשען אויך, וואָלטען זיי געהאַט אַ פּיעל בעסערען לעבען צווישען זיך; אָבער דאָס פאַלט טאָלסטאָי'ען גאָר ניט איין. ער האָט זיך אַריינגענומען אין זינען אַ רעליגיעזע טהעאָריע וועגען די געשלעכ־טער, און דיזע טהעאָריע האָט פון זיינע אויגען פאַרשטעלט דעם עיקר.

לויט די געפיהלען, וואָס איוואַן איליטש און זיין פרוי האָבען

געהאַט איינער צום אַנדערען, האָבען זיי קיין אַנדער לעבען ניט געקענט פיהרען. און דאָס זעלבע איז מיט די פּאַזדנישעווס אויך. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז אַלע פּאָר פאָלק זיינען אַזוי ווי זיי. דאָס הייסט ניט, אַז אויף דער וועלט זיינען ניטאָ קיין פּאָר פאָלק, וועלכע זיינען צוזאַמענגעבונדען גייסטיג, וועלכע פיהלען זיך ווי חברים.

# III

די ערשטע העלפט פון דעם דריטען קאַפּיטעל איז פאַרנומען מיט דעם, ווי איוואַן איליטש'ען איז געוואָרען ביטער אויפ'ן הארצען פון זיין שטעלע; ווי דערנאָך האָט ער אונגעריכטערהייט בעקומען א בעסערע שטעלע און איז געוואָרען א וויכטיגער ריכטער אין א גרעסערע שטאָדט. די צוזאַמענשטויסען צווישען די אינ־טערעסען פון טשינאָווניקעס, ווי אַזוי עס פיהלט זיך דער בע־זיעגטער; די שטרעבונג צו פערבעסערען זיין לאַגע; די בע־דייטונג פון „פּראָטעקציע", פון האָבען „א צד אין טיש" — דאָס איז געשילדערט מיט מערקווירדיגע שטריכען. עס איז א שטיק טשינאָווניק־לעבען אונטער דער הערשאַפט פון די צאַרען. אַלץ קומט פאַר אַזוי, אַז עס גלויבט זיך כמעט ניט, אַז דאָס איז ניט קיין ווירקליכער איוואַן איליטש. בשעת איהר לייענט דיזע בלעט־לעך, פליהט דורך אייער מאַרך אַלע ווײַלע דורך דער געדאַנק, אַז פונקט אַזוי געהט דאָס אין לעבען, מיט די אַלע קנייטשען, רונצלען, פלאַנטערס, מיט אַלע ענטווישונגען און פרעהליכע איבער־ראַשונגען. אָט דאָס הייסט רעאַליזמוס אין דעם קינסטלעריש־וויכטיגען זינן פון וואָרט.

די, וואָס פאַרשטעהען ניט דעם עיקר פון דיזען זאָרט קונסט, מיינען, אַז מען דאַרף נור אויפשרייבען א סך טרוקענע איינצעל־הייטען פון זאַכען וואָס פּאַסירען אין לעבען און עס וועט אַרויס־קומען א רעאַליסטישער בילד. ניין! ניט אַלע איינצעלהייטען האָבען א קינסטלערישען ווערטה; ווייט ניט אַלע! עס זיינען פאַראַן אַזעלכע איינצעלהייטען, וועלכע רופען אין אייער געדאַנק

ארוים א לעבעדיגען געשטאלט; א סצענע, א שטיק לעבענס־לופט, לעבענס־פארב, לעבענס־גייסט. און עס זיינען פאראן אזעלכע איינצעלהייטען, וועלכע האבען דיזע קראפט ניט. עס זיינען פאראן לעבעדיגע איינצעלהייטען, און עס זיינען פאראן טויטע איינצעלהייטען. לעזט אויפמערקזאם איבער די עטליכע זייטלעך, וועגען וועלכע מיר ריידען דא, און איהר וועט זעהן וואס לעבעדיגע איינצעלהייטען טהוען אויף אין אייער מארך; וואס פאר א בילד פון דעם מענשליכען לעבען זיי שאפען דארטען.

* * *

איינע פון די קליינינקייטען אין דיזער שילדערונג איז וועגען אן אונבעדייטענדען צופאל, וועלכער האט זיך געטראפען מיט איוואן איליטש'ען, בעת ער האט צוגעגרייט די דירה אין דער שטאדט וואו ער האט בעקומען זיין נייע שטעלע. עס איז דאכט זיך א קליינינקייט — ער האט זיך אראפגעגליטשט פון א לייטערל, אבער ער האט זיך אויסגעהיט פון א געפעהרליכען פאל; ער האט זיך „בלויז" אבגעזעצט א זייט. פון דיזער „קליינינקייט" ענטוויקעלט זיך אבער א געפעהרליכע קראנקהייט; וואכען פון שרעקליכע יסורים און דער טוידט. צוערשט האט זיך די ערנסטקייט דערפון אבער ניט געלאזט מערקען, און איוואן איליטש איז פערטיעפט אין זיין נייע וואהנונג. ער איז פערטראכט וועגען די ארבייט וואס ער טהוט, די פערשיעדענע צימערען צו מעבעלירען; צו־צוגרייטען אלץ אזוי, אז עס זאל אויסקומען לייטיש, מיט געשמאק. דער עיקר איז ביי איהם, אז זיין קווארטיר זאל זיין ווי ביי אריסטאקראטישע פאמיליען, און דאך ניט ווי ביי אנדערע, נור מיט אן אייגענעם חן.

איוואן איליטש איז בעגייסטערט. דאס איז דאס איינציגע מאל וואס מיר זעהען איהם א בעגייסטערטען, א גייסטיג־גליקליכען פון אן ארבייט, וואס ער נעהמט זיך טהאן.

און ווי שעהן טאלסטאי מאלט דיזע בעגייסטערונג פון איוואן איליטש! ווי לעבהאפט און ווי שעהן!

און פון דיזע בעגייסטערונג קומט דאָס ביסלעכווייז אַרויס די גרויסע טראַגעדיע!

אַזוי איז אין לעבען אויף טריט און שריט. טאָלסטאָי שיל־דערט דעם שטופּענווייזען־איבערגאַנג פון דעם גליק צום אומגליק אויף אַ מייסטערהאַפטען שטייגער.

אַלץ איז געגאַנגען אַזוי גוט. צוליעב דעם, וואָס איוואַן איליטש האָט בעקומען אַ גוטע שטעלע, איז זיין פינסטערער פאַ־מיליען־לעבען אויף אַ געוויסע צייט ליכטיגער געוואָרען. ער איז גליקליך, די פרוי איז גליקליך און זייער געמיינשאַפטליכער גליק פערטרייבט זייער געוועהנליכע גענענזייטיגע שנאה. די פרוי האָט געדולד צו איהם. זי איז געוואָרען מיט איהם איינפערשטאַנען צו זיין; און ער האָט געדולד צו איהר. אַלזאָ, אַנשטאָדט זיך צו קריעגען און כמעט אין קיין זאַך ניט זיין איינפערשטאַנען, ווי אי־מער, האָבען זיי אין אַלץ דיזעלבע מיינונגען.

און צוליעב איוואַן איליטש'ס ערהויבונג ווערט זיין שוואָגער פּלוצלונג צוגעבונדען צו זיי און וויל די שוועסטער מיט די קינדער ניט אָפּלאָזען פון זיך.

אין דיזען געמיטה פאָהרט איוואַן איליטש אַוועק אויף דעם פּלאַץ וואו ער האָט בעקומען זיין שטעלע, און ער נעהמט זיך צו צוריכטען די דירה; און וואָס מעהר ער אַרבייט ביי דער צוריכטונג פון דער וואָהנונג, אַלץ מעהר ווערט ער פערטיעפט אין זיין גליק; אַלץ געהויבענער איז זיין שטימונג.

ער איז אַזוי גליקליך, אַז ער פערצייהעט זיינע שונאים, צו־ליעב וועלכע ער איז געפאָהרען זוכען אַ נייע שטעלע.

ווען מען געפינט זיך אין אַ געהויבענע שטימונג, איז דאָ ווענינג פּלאַץ פאַר שלעכטע געפיהלען. אַ פערליעבטער פערגעסט יעדע שנאה צו זיינע פיינד. און בשעת איוואַן איליטש האָט צו־געגרייט די נייע דירה פאַר זיך מיט זיין פאַמיליע, איז ער געווען אין דער שטימונג פון אַ פערליעבטען. דאָס איז געווען אַ צווייטער האָניג־מאָנאַט ביי איהם.

ווי וואונדערבאַר טאָלסטאָי שטעלט דאָס אַלץ פאָר! און

ווי וואונדערבאר ער שטעלט פאר די ערשטע צייכענס פון דער טראגעדיע וואס האט דירך א סיבה ארויסגעשפראצט פון דיזען האניג־מאנאט זיינעם.

איוואן איליטש מאכט צוערשט שפאס פון דעם צופאל מיט דעם לייטערעל.

ווען מען לעזט די ערצעהלונג א צווייטען מאהל, דאס הייסט ווען מען ווייס שוין אז פון דיזען צופאל איז ער געשטארבען, קלינגט איוואן איליטש'עס שפאס ווי א ביטערער שפאס פונ'ם שיקזאל.

* * *

האבען גליק פון זיין פאמיליען־לעבען האט איוואן איליטש ניט געקענט. די פרייד און די בעגייסטערונג, וואס האבען איהם נעהנטער צוזאמענגעבראכט מיט זיין פרוי די ערשטע צייט וואס זיי האבען געוואהנט אויף דעם נייעם פלאץ, האט לאנג ניט געקענט אנהאלטען.

איוואן איליטש האט געזוכט טרייסט אין זיין ריכטער־שטעלע, אבער מיר זעהען אז זיין לעבען אלס ריכטער און זיין לעבען אין געזעלשאפט איז א פאלשער, פוסטער לעבען.

אלס ריכטער איז ער געווען די זעלבע מאשין וואס ער איז געווען פריהער אלס סליעדאוואטעל און דערנאך אלס פראקוראר. ער האט צו זיין ריכטער־ראלע ניט צוגעלאזען קיין פונק מענשליכע פערהעלטניסע; קיין שפור פון אמת'ע יושר־געפיהל אדער רחמנות. ניט קיין יושר, ניט קיין רחמנות; נור דאס געזעץ איז אין אזא שטעלע די הויפט זאך, — דאס געזעץ אין דעם הארטען, קאלטען „קאזיאנעם" זינן פון דעם ווארט. דער עיקר איז געווען צו דיענען אזוי, אז מען זאל זיך קענען דערדריענען — אז מען זאל געפעהלען ווערען די העכערע.

און עהנליכעס איז געווען מיט איוואן איליטש'עס געזעלשאפטליכען לעבען. קיין אמת'ע פערגניגען האט ער אין דעם ניט געפונען; זאגאר ניט געזוכט. ער האט געזוכט אזעלכע בעקאנטשאפטען, וועלכע זאלען איהם ברענגען אין נאהענטע בעצי־

הונגען מיט העכערע פּערזאָנען, מיט מענשען וואָס קענען איהם ניצליך זיין; אַלע אָרימע, ניט־וויכטיגע מענשען האָט ער ביס־לעכוויין פון זיך צוריקגעשטויסען — אַפילו קרובים. אין דעם האָט ער, זיין פרוי און זייער טאָכטער געהאַט די זעלבע מיינונגען. און דורך דעם איז פאַר דער טאָכטער אַרויסגעקומען אַ „גוטער” שידוך: אַרום איהר האָט זיך גענומען אַרומדרעהען אַן אַריסטאָ־קראַטישער יונגער סליעדאָוואַטעל; דער זוהן פון אַ רייכען פּריץ.

אַלץ איז געווען אויסגערעכענט, קאַלט־עגאָאיסטיש, ניט אָרענטליך, לויט אַמתע בעגריעפע פון אָרענטליכקייט. און אַזאַ לעבען קען קיין גליק ניט פערשאַפען.

טאָלסטאָי שטעלט זיך אָפּ אויף איוואַן איליטש'עס קאָרטען־שפּיעלען. ווי מיר האָבען שוין אויבען דערמאָנט, ווייזט טאָלסטאָי, אַז דאָס איז געווען איוואַן איליטש'עס איינציגער אמת'ער פער־גניגען. ער איז ניט געווען קיין קאַרטעוונִיק, איוואַן איליטש. ער פלעגט שפּיעלען אַנשטענדיג, ניט צופיעל; און צופיעל געווינען האָט ער אויך פיינט געהאַט. טאָלסטאָי שילדערט זיין קאָרטען־שפּילעריי מיט אינטערעסאַנטע שטריכען. מיר זעהען אַז איוואַן איליטש'עס פערגניגען דערביי איז געווען אַ ריינער. ניט מיט'ן צוועק צו געווינען געלט פלעגט ער שפּיעלען; ער האָט הנאה גע־האַט פון דעם שכל, מיט וועלכען ער פלעגט שפּיעלען. נאַטירליך, די הויפּט זאַך ביי'ן שפּיעלען איז די אָנשטרייננגונג און די האָפנונג איבערצושטייגען די אַנדערע שפּיעלער. אָבער איוואַן איליטש האָט ליעב געהאַט צו שפּיעלען מיט קאָפּ: און דאָס הייסט, אַז צו־זאַמען מיט דעם „ספּאָרט”, פערגניגען, האָט ער געהאַט אַ גייסטי־גען תענוג פון דעם.

און דאָס איז געווען כמעט דער איינציגער גייסטיגער תענוג וואָס ער האָט גענאָסען!

עס איז ווערט צו ציהען ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט צו טאָלסטאָי'ס פאָלגענדע באַמערקונג:

„דער פערגניגען וואָס איוואַן איליטש האָט געהאַט פון זיין ריכטער־שטעלע איז געווען אַ פערגניגען פון זעלבסט־ליעבע; דער

פערגניגען וואָס ער האָט געהאַט אין געזעלשאַפט איז געווען א פערגניגען פון עהרגייץ; אמת'ען פערגניגען האָט ער געהאַט פון שפּיעלען אין קאָרטען."

דאָס איז געווען „דער איינציגער פערגניגען וועלכער פלעגט שיינען ווי א ליכט איבער זיינע אַלע פערגניגענס", ווי טאָלסטאָי זאָגט מיט איוואַן איליטש'עס אייגענעם אויסדרוק.

ווען איוואַן איליטש וואָלט געווען א פּאַרקאָכטער קאָרטען־שפּיעלער, און וואָלט אימער געשפּיעלט מיט אזא גייסטיגען פער־גניגען, וואָלט מען געקענט זאָגען אז אין די קאָרטען געפינט ער זיין לעבענס־תענוג. ער איז דאָס אָבער ניט געווען. ער פלעגט שפּיעלען אַלס א צייט־פערטרייב, און פערהעלטניסמעסיג ניט פיעל. און אויב דאָס איז געווען זיין איינציגער פערגניגען, דאַן הייסט עס, אז זיין לעבען איז געווען א וויסטער, א צרה'דיגער.

דאָס דאַרף מען האָבען אין זינען אַלס אַן הקדמה צו דער גע־שיכטע פון איוואַן איליטש'עס קראַנקהייט און טוידט.

די שורות וועגען איוואַן איליטש'עס קאָרטען שפּיעלען גע־פינען זיך נאָהענט צו דעם שלוס פון דעם דריטען קאַפּיטעל, און אין דעם נעקסטען קאַפּיטעל, הויבט זיך גלייך אָן פאַנאַנדערצו־וויקלען די טראַגעדיע פון דיעזע קראַנקהייט און טוידט.

# IV

**אין דעם פערטען קאַפּיטעל פאַנגט זיך אָלזאָ אָן די טראַגעדיע.** דער אונגליק שפּראָצט אַרויס פון גאָר־ניט. און ביסלעכווייז וואַקסט ער און וואַקסט ביז עס ווערט שרעקליך צו לעזען.

בעטראַכט ווי אַזוי טאָלסטאָי שטעלט דאָס אַלץ פאָר; בעטראַכט ווי אַזוי ער מאָלט אויף אָט דיזע ביסלעכווייזקייט פון דער טראַגעדיע׳ס ענטוויקלונג.

אַ וואָרט דאָ, אַ וואָרט דאָרטען, אַ שטריך, אַ קורצער געשפּרעך, עטליכע שורות וועגען אַ סצענקע, אַן ערקלעהרונג; אין אַלעמען געהט אַוועק אַ קאַפּיטעל פון בלויז עטליכע פּיידזשעס, אָבער דעם לעזער דוכט זיך אַז ער האָט פאַר זיינע אויגען וואָכען און וואָכען פון איוואַן איליטש׳עס קראַנקהייט און פון זיינע יסורים מיט אַלע איינצעלהייטען, אויסערליכע און אינערליכע.

אָפּט שטעקט די קונסט בלויז אין דעם טאָן, אין דעם שטייגער, מיט וועלכען דער שרייבער מאַכט זיין בעמערקונג. די בעמערקונג גופא האָט קיין בעזונדערע ווערדע ניט. זי ווערט אָפּער אַזוי אַרויסגעזאָגט, אַז אין דעם טאָן ליעגט אַ שטיקעל לעבען, וועלכער מאַכט די גאַנצע סיטואַציע לעבעדיג.

אָט בעטראַכט, צום ביישפּיעל, די ערשטע עטליכע ווערטער פון דעם פערטען קאַפּיטעל.

„אַלע זיינען געווען געזונט, מען האָט דאָך ניט געקענט זאָגען, אַז איוואַן איליטש איז ניט געזונט, ווייל ער פיהלט אַמאָל אַ מאָדנעם טעם אין מויל און אין דער לינקער זייט פון זיין בויך איז ביי איהם עפּעס ניט ווי געהעריג איז..."

דער טאָן איז דאָ א טאָן פון איינעם, וואָס לעבט אליין דורך די לאַגע פון דער פאמיליע איידער מען איז חושד אז ביי איוואַן איליטש'ען שפּראָצט דער אָנפאַנג פון א שרעקליכען אונגליק. סמנים פון דער צרה האָבען זיך שוין אָנגעהויבען צו בעווייזען; דאָס זיינען אָבער נאָך געווען אזעלכע שוואכע סמנים, אז עס האָט גאָר קיינעם ניט געקענט איינפאַלען אז עס שמעקט מיט עטוואָס ערנסטעם.

בלויז א מענש וואָס שטעלט זיך די סיטואַציאָן פאָר אבסאָ־לוט ווי א ווירקליכקייט, אזוי ווי ער וואָלט אליין אלץ געזעהן און מיטגעמאַכט, בלויז אזא מענש קען געברויכען דיזען טאָן. דאָס איז ניט קיין צוגעקלערטע זאַך, ניט קיין בערעכענטער עפעקט. דאָס רייסט זיך ביי דעם שרייבער ארויס פון זיך אליין, אויף א גאַנץ נאַטירליכען אופן; עס שטאַמט פון דעם, וואָס ער שטעלט זיך די סיטואַציאָן לעבעדיג פאָר. ער לעבט זיך אין איהר אליין אריין, און זיינע עטליכע ווערטער מאַכען אז דער לעזער זאָל זיך אויך אין איהר אריינלעבען.

און אזוי געהט דאָס דורכאויס. אימער דוכט זיך אייך, אז דער וואָס דערצעהלט אייך די געשיכטע, האָט אלץ אליין דורכ־געלעבט — אפילו ווען ער זאָגט אייך וואָס עס איז געווען ביי אי־וואַן איליטש'ען אין הארצען. דער שרייבער איז דאָרטען אין הארצען ניט געווען. ער שטעלט זיך אָבער לעבעדיג פאָר וואָס דאָרטען איז פאָרגעקומען און ער זעהט דאָס אלץ אזוי לעבעדיג און טיעף, אז אייך דוכט זיך, אז ער קוקט אריין ביי דעם קראַנקען איוואַן איליטש אין הארצען און, צוזאַמען מיט איהם, איהר אויך.

נאָך דעם ווי טאָלסטאָי מאַכט די בעמערקונג אויף וועלכע מיר האָבען דאָ אָנגעוויזען, זאָגט ער:

„אָבער דיעזער אוננאַטירליכער געפיהל (אין מויל און אין דער לינקער זייט פון בויך) האָט גענומען וואַקסען און פערוואַנדעלט ווערען — פאָרלויפיג נאָך ניט אין א וועהטאָג — נור עפּעס אזוי ווי אין א שטענדיגע משא אין זייט און א שלעכטען געמיטה".

מיט דעם הויבט זיך אָן. עס בעווייזט זיך שוין דער אָנהויב

פון א געפאהר. אינעוועניג, אין איוואַן איליטש'ס קערפּער וואקסט א צרה, און פון דרויסען ווערט פון דעם צושטערט דער פריעדליכער, רוהיגער לעבען, וועלכען איוואַן איליטש האָט געוואָלט איינפיהרען ביי זיך אין שטוב. ער איז דאָס רוב אין א שלעכטען געמיטה; און דער שלעכטער געמיטה ווערט אַלץ ערגער און ערגער; צווישען מאַן און ווייב קומען אַלץ עפטער פאָר קריעג.

אמאָליגע קריעגערייען צווישען זיי פלעגט געוועהנליך אָנהויבען די פרוי. די איצטיגע צאַנקערייען פאַנגט מייסטענס אָן איוואַן איליטש פון אויפגערעגטקייט; און זיין אויפגערעגטקייט קומט ארויס פון זיין קראַנקהייט.

טאָלסטאָי האָט איוואַן איליטש'עס קראַנקהייט גרינדליך אויסגעשטודירט. ער ווייס איהר מיט אַלע ברעקעלעך. ער ווייס ווי אַזוי אַזאַ פּאַציענט פיהלט זיך גייסטיג. ער דערצעהלט אונז, למשל, אַז איוואַן איליטש פלעגט הויפּטזעכליך ווערען נערוועז און בייז ביי'ן עסען, אַפּט טאַקי דאַן, ווען ער פלעגט אריינכעהמען דעם ערשטען לעפעל זופּ אין מויל.

די פרוי, וועלכע איז א גרויסע עגאָאיסטקע, און ביי וועלכער עס איז שוין לאַנג אויסגעוואַפּט געוואָרען יעדער שפּור פון דער ליעבע וואָס זי האָט געפיהלט צו איהם כלה־ווייז, די פרוי האָט איצט „גוטע בעוויזע", אַז ניט זי, נור ער איז שולדיג אין זייער שלעכטען לעבען. דאָס וואָס געוועהנליך הויבט זי אָן די צאַנקערייען, און דאָס וואָס איצט איז ער אויפגערעגט פון זיין קראַנקען צושטאַנד — פון דעם מאַכט זי זיך צוערשט ניט וויסענדיג. ער קריעגט זיך! ער משעפּעט זיך! עס איז פון איהם ניט אויסצוהאַלטען!

„איבערטרייבענדיג, ווי געוועהנליך, פלעגט זי זאָגען, אַז ער האָט אַלע מאָל געהאַט א שלעכטען כאַראַקטער, אַז ווען ניט איהר גוטסקייט וואָלט איהר ניט מעגליך געווען דאָס אויסצוהאַלטען צוואַנציג יאָהר".

צוערשט פלעגט זי איהם אָפּענטפערען מיט שטעכווערטלעך, אָבער באַלד איז געוואָרען צו דייטליך, אַז זיינע „פּריטשעפּקעס"

שטאמען פון זיין קריינק, און זי האט איהם שוין מעהר ניט אפּ־געענטפערט; און דאס „האט זי געהאלטען פאר א זעלטענע פיינקייט פון איהר זייט; זי האט גע'פּסק'נט, אז איהר מאן האט א שרעקליכען כאראקטער און אז ער האט איהר לעבען אונגליק־ליך געמאכט, און זי האט אנגעהויבען אויף זיך רחמנות צו האבען, און וואס מעהר זי האט אויף זיך רחמנות געהאט, אלץ מעהר האט זי פיינט געהאט איהר מאן".

זי האט איהם געוואונשען דעם טויט; זיין טויט האט זיך פאר איהר ניט געלוינט, ווייל ער איז געווען איהר שפּייזער. אלזא האט זי געמוזט ניט ווילענדיג ווינשען אז ער זאל ניט שטארבען, און דיזער געצוואונגענער וואונש אז ער זאל לעבען, האט נאך שטאר־קער געמאכט איהר האס צו איהם.

דאס איז א פיינע שטיקעל פּסיכאלאגיע. און פארלויפיג איז אלץ שטרענג ריכטיג, ניט איבערגעטריבען, ניט איבערגעכאפּט די מאס פוןווירקליכקייט. פּראסקאוויא פיאדאראוונא שטעהט פאר אונז מיט איהרע נאטירליכע געפיהלען צו איהר מאן ווי א לעבע־דיגע פרוי, א עגאאיסטקע, מיט וועלכע מיר זיינען גוט בעקאנט. און איוואן איליטש איז אויך א לעבעדיגער מיט זיינע קריינקליכע אויפרעגונגען און פּריטשעפּקעס. אט זעצט ער זיך צום טיש, און ביי דעם ערשטען לעפעל זופּ, ווערט ער אין כעס און בעפאלט אויף דעם אדער אויף יענעם פאר א קלייניגקייט. דער גאנצער גייסט פון דער סצענע איז איבערגעגעבען פון א קינסטלער מיט אן איינ־בילדונגס־קראפט, וועלכער זעהט אלץ מערקווירדיג העל און טיעף. איוואן איליטש טשעפּעט זיך צום עסען, צו א סטשערב אין א טעלער, צו דעם וואס זיין אינגעל האלט דעם ארבעל אויפ'ן טיש; אדער איהם געפעלט ניט ווי די טאכטער פארקעמט איהרע האר. דאס זיינען אלץ קלייניגקייטען, וועלכע גיבען צו לעבענס־פארב צום בילד. איהר זעהט, דאכט זיך, דעם סטשערב אין טעלער; איהר זעהט ווי דער אינגעל, אין א רעקעל פון א רוסישען גימ־נאזיסט, זיצט מיט'ן ארים אויפ'ן טיש; איהר זעהט ווי די מייד־דעל איז פארקאמט צו געשייט, און ווי דער פאטער ווערט אין כעס

דערפון. איהר זעהט ווי די מוטער זיצט און האַלט זיך איין פון שמעכוועדטער, און איהר זעהט וואָס עס טהוט זיך ביי איהר אין הארצען דערביי.

* * *

עס הויבט זיך אָן אַ סדרה פון דאָקטוירים. טאָלסטאָי האָט דאָקטוירים ניט ליעב געהאט. אין זיין „קרייצער סאָנאַטאַ" און אין אַנדערע פון זיינע ווערק זעהען מיר אַז ער האָט זיך צו זיי פערהאַלטען מיט שפּאָט און מיט גיפט. אַזוי ווי דאָ איז די קראַנק־הייט און דער טויט פון אַ מענשען דער עיקר פון דער ערצעהלונג, און דאָקטוירים מוזען שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע, האָט טאָלסטאָי דאָ אַ ספּעציעלע געלעגענהייט ארויסצואווייזען זיין האַס צו זיי. ווי מיר וועלען זעהן, טהוט ער דאָס אמאָל מיט אַ צו־שטאַרקע האַנט. ער איבערזאַלצט זיין קריטישע פערהעלטניס צו זיי און עס שמעקט מיט קאַריקאַטור. אָבער אין אַלגעמיין מאַכט ער פאַרט אַ בילד, וועלכער איז דורכגעדרונגען מיט לעבען.

די וואַזשנעקייט מיט וועלכע איוואַן איליטש'עס ערשטער דאָקטאָר פרעגט איהם אויס, קלאַפּט איהם און טאַפּט איהם ארום, איז אונז אַלעמען גוט בעקאַנט. צו מאַכען אַ פּוריע, צו בלאָזען פון זיך — דאָס איז איינע פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכען כמעט ביי יעדען דאָקטאָר. ביי אונז, אין די אידישע קוואַרטאַלען, פּאַסט די דאָקטוירים ניט צו ריידען איינפאַכע אידיש, למשל; זיי שנייד־דען זיך אויף „אַריסטאָקראַטען". זיי לאָזען אָפּ אַ בערדעל. זיי געהען גאָר אַנדערש ווי געוועהנליכע בעשעפּענישען. עס מוז שמעקען מיט דאָקטאָר פאַר דריי בלאָק.

אָבער ניט בלויז דאָקטוירים האַלטען זיך מיט וואַזשנעקייט. טאָלסטאָי לאָזט אונז וויסען, פאַרבייגעהענדיג, אַז איוואַן איליטש אַליין, אַלס ריכטער, פלעגט מאַכען פּונקט אַזאַ פּוריע; און איצט געפינענדיג זיך ביי דעם דאָקטאָר אין די הענט, דערמאָנט ער זיך וועגען דעם. דער דאָקטאָר ערקלערט איהם אָן זיינע איינענע וואַזש־נע, קאַלטע אוואַיעס בשעת ער זיצט אין געריכט־זאַאַל. פּונקט ווי ער, איוואַן איליטש, האַלט זיך מיט די מענשען, וועמען ער משפּט,

פונקט אזוי האלט זיך דער דאָקטאָר איצט מיט איהם, זיין פּאַ־
ציענט. אזוי קלערט זיך איוואַן איליטש.

ווידער אַן אינטערעסאַנטער פּסיכאָלאָגישער שטריך.

* * *

דער פאָלגענדער פּסיכאָלאָגישער פּונקט איז אָבער וויכטיגער:
דער דאָקטאָר איז נור פאַראינטערעסירט אין דער וויסענשאַפט־
ליכער זייט פון איוואַן איליטש'עס פּעהלער. ער בעטראַכט דאָס
אזוי ווי מען בעטראַכט א חשבון; אויב עס וועט זיין אזוי און
אזוי, וועט דאָס הייסען אזוי און אזוי; אויב אָבער עס וועט זיך
ארויסצייגען אַנדערש, וועט זיין א סימן אויף אַן אַנדער זאַך...
א קאַלטער רעכענונג, אזוי ווי עס וואָלט זיך דאָ האַנדלען אום א
שטיקעל גמרא, אָדער א שאַך־שפּיעל.

אַז דער עיקר איז דאָ די פראַגע, צי איז ער, איוואַן איליטש,
איז אין געפאַהר צי ניט — דאָס אינטערעסירט דעם דאָקטאָר גאָר
ניט. אזוי ווי קיין איוואַן איליטש וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט
געווען! ביי איהם אָבער אַליין, ביי איוואַן איליטש'ען, איז דיעזע
פראַגע אַלץ, און אַלע בעטראַכטונגען און אַלע חשבונות זיינען א
זייטיגע זאַך, וועלכע האָט א ווערדע בלויז אויף אזוי פיעל וויפיעל
דאָס איז נוגע צו זיין „איך", צו דער פראַגע, צי ער איז אין גע־
פאַהר צי ניט.

ווידער האָט דער דאָקטאָר איהם עראינערט איהם אַליין,
אַלס ריכטער. ווען אין געריכטס־זאַאַל שטעהט פאַר איוואַן אי־
ליטש'ען אַן אָנגעקלאָגטער, איז ער פערטיעפט אין די שכל'דיגע
דרעהדלעך, וואָס ער פּשט'לט אויס פון די געזעצע, וועלכע זיינען
שייך צו דעם פּראָצעס. ער האָט הנאה פון זיין אייגענע שכל'דיגע
ארבייט; ער קוועלט אַזש פון זיך; אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען דעם
שיקזאַל פון א מענשען — דאָס ליגט איהם אין זיין לינקע פּאַה
ניט.

אָבער דאָ שפּיעלט איוואַן איליטש די ראָלע פון אַן אָנגע־
קלאָגטען. דאָ איז דער דאָקטאָר דער ריכטער, און ער געפינט זיך
ביי איהם אין די הענט. און זיין ריכטער פערגעסט זיך גאָר אַן

ז י י ן (איוואַן איליטש'עס) איך, אַן ז י י ן געפּאַהר, אַן ז י י ן פראַגע צי וועט ער לעבען, צי ניט.

עס ווערט איהם נעבאַך זעהר ביטער אויפ'ן האַרצען, איוואַן איליטש'ען. ער פיהלט אַז זיין לאַגע איז זעהר אַן ערנסטע. עס איז איהם שלעכט; אָבער נאָך ערגער ווערט איהם פון דעם, וואָס דער דאָקטאָר אינטערעסירט זיך אפילו ניט מיט דעם וואָס איהם איז שלעכט. ניט דער דאָקטאָר און ניט זיין פרוי. בלויז ער אַליין ווייס ווי ביטער איהם איז. וויטער איז מען נור פערנומען מיט די אויסערליכע זייט פון זיין קראַנקהייט, אָבער ניט מיט א י ה ם.

אין זיין אונגליק פיהלט ער זיך אַלזאָ ווי אַן עלענדער.

דאָס איז דער טיעפסטער פּסיכאָלאָגישער שטריך. אין אַ גרויסען גראַד איז דאָס ריכטיג מיט יעדען חולה, הגם ניט יעדער חולה פיהלט דיעזען סאָרט עלענדקייט אַזוי שטאַרק ווי איוואַן איליטש. יעדער קראַנקער פאַרציהט זיך ווי אַ קינד, איז עגאָאיסטיש ווי אַ קינד, און פאָדערט אויפמערקזאַמקייט און מיטלייד ווי אַ קינד. און וויפיעל אויפמערקזאַמקייט און רחמנות מען זאָל דעם קראַנקען ניט ארויסווייזען, איז פאָרט אמת, אַז קיינער (סיידען אפשר אַ מוטער) פיהלט ניט זיין אינערליכען אונגליק נור די אויסערליכע זייט דערפון; דאָס רוב האָט מען ניט מעהר ווי אַ עגאָאיסטישען געפיהל דערביי. מען האָט ניט קיין געדולד צו די אונאַנגענעהמליכקייטען, וואָס דער קראַנקער פערשאַפט; און מען וויל וואָס שנעלער פּטור ווערען פון דעם; אָדער מען קלעהרט גאָר וועגען דער ירושה, וואָס ער וועט נאָך זיך איבערלאָזען. אין אַ שאַרפע פאָרמע האָבען מיר דאָס געזעהן ביי דעם אָנפאַנג פון דער ערצעהלונג, אין דעם ערשטען קאַפּיטעל, ווען איוואַן איליטש איז שוין געלעגען אַ טויטער. מיר האָבען געזאָגט אַז די סצענע איז אויפגעמאָלען צו־שאַרף, אָבער אין עיקר איז זי דאָך ריכטיג.

אַלזאָ, פיהלט איוואַן איליטש אין זיין טראַגעדיע אַ שרעקליכען אינערליכען עלענד. און דיעזער געפיהל, ווי מיר וועלען זעהן אין די וויטערדיגע קאַפּיטלעך, וואַקסט אין איהם צוזאַמען מיט דעם וואוקס פון זיין קראַנקהייט. מיר ציהען ספּעציעלע אויפ־

מערקזאמקייט דערצו, ווייל אין דיעזען געפיהל פון זיין אזוי ווי איינער אליין אויף אן אינזעל, בעשטעהט איינער פון די צוויי הויפט־פונקטען פון איוואן איליטש׳עס טראגעדיע.

אט דאס הייסט קינסטלערישע פסיכאלאגיע! דער שרייבער דרינגט אריין אין איוואן איליטש׳עס נשמה, בעטראכט און פיהלט דעם ע י ק ר פון דעם וואס עס קומט דארטען פאר, און דאס שילדערט ער פאר אונז אזוי, אז מיר זעהן דאס אזוי ווי מיט די אויגען.

טאלסטאי שילדערט ווי איוואן איליטש איז ארויס פון דעם דאקטאר׳ס הויז. מיט אן אומעדיגען פנים האט ער זיך געזעצט אין זיין שליטען און די גאנצע וועג האט ער זיך געסטארעט אויס־צוטייטשען דעם דאקטאר׳ס יעדען ווארט, איבערצוזעצען דעם דאק־טאר׳ס וויסענשאפטליכע אויסדריקע אויף אן איינפאכע מענשליכע שפראך. ער האט אין זיי געזוכט אן איינפאכען, קלאהרען אנט־ווארט אויף דער פראגע: צי איז ער זעהר קראנק אדער עס איז נאך ניט געפעהרליך? איהם האט זיך געדאכט אז ער איז גע־פעהרליך קראנק, און יעדע זאך, וואס ער האט געזעהן אויפ׳ן גאס, פאהרענדיג, האט ביי איהם געהאט א טרויעריגען אויסזעהן. אפילו די הייזער האבען איהם אויסגעזעהן טרויעריג. זיין אייגענער שווערער געמיטה האט זיך אפגעשפיעגעלט אויף אלץ וואס ער האט געהאט ארום זיך. ער האט אויף אלץ געקוקט דורך די פסיכאלא־גישע ברילען פון זיין פערצווייפלונג.

און ווייל ער איז געווען פערצווייפעלט, ווייל ער האט פון דעם דאקטאר׳ס ווערטער געצויגען א טרויעריגען שלוס, האט זיך איהם אויסגעדוכט אז דער וועהטאג וואס ער האט געפיהלט אין דער לינקער זייט פון בויך איז פלוצלונג שארפער געווארען.

דאס אלץ איז דער אנהויב פון דער טראגעדיע. וואס ווייטער ווערט דער זעלבער געפיהל אלץ שטארקער און שמערצליכער, אלץ טיעפער און שרעקליכער. פון אנהויב איז איוואן איליטש׳עס שרעק פאר׳ן טוידט גאנץ אונדייטליך. ביסלעכווייז ווערט עס

דייטליכער און דייטליכער, ביז די טראַגעדיע שפּיעלט זיך פאַנאַנ־
דער אין איהר גאַנצער שווידערליכקייט.

די שרעק פאַר'ן מלאך המות און דער געפיהל פון עלענד־
קייט — דאָס זיינען די צוויי פינסטערע געפיהלען, וועלכע מוטשען
דעם אונגליקליכען איוואַן איליטש ביז עס קומט דער ענד און
בעפרייט איהם פון אַלע זיינע צרות. ער ליידעט שרעקליכע יסורים
אין קערפּער. דער וועהטאָג אין בויך ווערט אַלץ גרעסער. און
ער האָט אַנדערע קערפּערליכע שמערצען און אונבעקוועמליכ־
קייטען אויך; אָבער דאָס אַלץ איז גאָר ניט אין פערגלייך מיט
זיינע צוויי גייסטיגע וועהטאָגען: מורא פאַר'ן טודט און עלענד־
קייט.

* * *

ער פלעגט געוועהנליך זיין אַ פריינדליכער, לייכט־מוטהיגער
מענש; אָבער זיין קראַנקהייט, און הויפּטזעכליך זיין געפיהל פון
עלענדקייט, האָט איהם געמאַכט פאַר אַ בייזען, פאַר אַ שלעכט־מו־
טהיגען. ער האָט פיינט די דאָקטוירים; ער האָט פיינט זיין פרוי.
ער האסט זיי פאַר זייער גלייכגילטיגקייט צו זיין אינערליכער טראַ־
געדיע. ער זעהט זיי דורך און דורך. וואָס קראַנקער ער ווערט, אַלץ
מעהר ערגערען זיי איהם, אַלץ טיעפער איז זיין האַס צו זיי. די
איינצעלהייטען דערפון וועלען מיר זעהן ווייטער.

* * *

איוואַן איליטש איז אין גאַנצען אַריינגעטהאָן אין זיין קראַנק־
הייט. כמעט קיין אַנדערע זאַך ליגט איהם ניט אין זינען. ער
היט אָפּ יעדען בעפעהל פון דאָקטאָר; ער גיט אַכטונג אויף יעדע
זאַך וואָס קומט פאַר אין זיין קראַנקען קערפּער. ער אינטערעסירט
זיך מיט אַנדערע קראַנקע, הויפּטזעכליך מיט אַזעלכע וואָס האָבען
אַזאַ פעהלער ווי זיינער. און וואָס ער הערט נור, פּאַסט ער צו
צו זיך. ער געהט צו אַנדערע דאָקטוירים. הגם, געוועהנליך האָט
ער ניט געגלויבט אין קיין נאַרישקייטען, איז ער איצט בערייט צו
גלויבען אין כשוף און אין רעליגיעזע נסים. ער הערט צו מיט
אַ טיעפען אינטערעס וואָס נאַרישע פּרויען דערצעהלען וועגען עפּעס

אַ היילונג פאַר זיין קראַנקהייט. ער זעהט זיך אַרום, אַז אין זיין אונרוהיגקייט און צושראָקענקייט פאַרקריכט ער צו ווייט אין אָבער־גלויבען. ער פּרופט זיך אַריינגנעהמען אין די הענט און זיין אַ מענש. עס העלפט אָבער ניט.

דער וועהטאָג אין בויך ווערט אַלץ שאַרפער, דער מיאוס׳ער טעם אין מויל ווערט אַלץ עקעלהאַפטער, דער אַפּעטיט צום עסען ווערט אַלץ קלענער און די כחות אַלץ שוואַכער. אַלזאָ איז ביס־לעכווייז ביי איהם אין געדאַנק און אין די געפיהלען ענדליך אויס־געוואַקסען אַ גרויסער, שוואַרצער בעוואוסטזיין.

בעטראַכט טאָלסטאָי׳ס עטליכע ווערטער וועגען דעם:

„ווייטער זיך נאַרען איז שוין אונמעגליך געווען. מיט איהם איז פאָרגעקומען עפּעס שרעקליכעס; עפּעס אַ נייע זאַך, אַזאַ וויכטיגע זאַך, אַז קיין וויכטיגערע האָט אין איוואַן איליטש׳עס לעבען קיין מאָל ניט פּאַסירט. און נור ער אַליין האָט דאָס גע־וואוסט! בלויז ער! אַלע אַנדערע מענשען, די וואָס האָבען איהם אַרוּמגערינגעלט האָבען דאָס ניט פאַרשטאַנען אָדער ניט גע־וואָלט פאַרשטעהן. זיי האָבען געמיינט אַז אויף דער וועלט געהט אַלץ ווי פריהער. אָט דאָס האָט איוואַן איליטש׳ען געמוטשעט מעהר פון אַלץ.״

דיעזע עטליכע ניט־געפּוצטע, ניט־געפליעגעלטע, איינפאַכע ווערטער ענטהאַלטען אין זיך אַ גרויזאַמערן נשמה־בילד ווי אַלע שעקספּיער טראַגעדיעס. גאַנצע ביבליאָטעקען זיינען אָנגעשריבען געוואָרען וועגען דעם וואָס עס טהוט זיך אין דעם פאַרטרויערטען אונרוהיגען גייסט פון האַמלעט. דאָך קענט איהר זוכען און זיפּען די גאַנצע פּיעסע „האַמלעט״, און איהר וועט ניט געפינען קיין איינציגע פּראַזע, וועלכע זאָל האָבען אַזאַ טיעפע, אַזאַ שרעקליכע בעדייטונג ווי דיעזע עטליכע ווערטער, וועלכע מיר האָבען דאָ גע־בראַכט פון טאָלסטאָי׳ס „דער טוידט פון איוואַן איליטש״.

וואָס זיינען די וויכטיגסטע פּאַסירונגען אין דער געשיכטע פון אַ מענשען? זיין געבורט און זיין טוידט; זיין ווערען און זיין ניט־ווערען; זיין אָנהויב און זיין סוף. פון געבורט ווייס דאָס

קינד ניט, און דער מענש קען דאָס ניט געדענקען. דאָס קען מען
ניט רעכענען. עס בלייט אַלזאָ איבער דער טוידט, פאַר וועלכען
מען ציטערט מעהר ווי פאַר אַלעס אין דער וועלט. דאָס איז די
וויכטיגסטע און די שרעקליכסטע פּאַסירונג וואָס דער מענש האָט
אין זינען. זי איז איהם אַזוי שרעקליך, אַז ער האָט פיינט צו
טראַכטען וועגען איהר. ער סטאַרעוועט זיך צו פערגעסען אַז ער
וועט אַמאָל שטאַרבען. אָבער דאָ האָט מיט איוואַן איליטש'ען
געטראָפען עפּעס אַזעלכעס, אַז „ווייטער זיך נאַרען איז שוין אונ־
מעגליך געוועזן“. צי ער האָט געוועלט צי ניט, ער האָט געזעהן,
אַז איהם סטראַשעט דער טוידט. ער האָט געזעהן „אַז
פאַר איהם קומט פאָר אַ נייע זאַך,
אַז קיין וויכטיגערע האָט אין זיין
לעבען קיין מאָל ניט פּאַסירט. אַלע
מיינען אַז די וועלט געהט ווי געוועהנ־
ליך. בלויז ביי איהם איז אַלץ אַנ־
דערש.“ אָט אין דיעזע עטליכע שורות בעשטעהט די ריעזי־
גע גרויסקייט פון דעם גייסטיגען בילד. איוואַן איליטש אַליין
וואָלט מיט אַזעלכע ווערטער ניט געקענט איבערגעבען וואָס ער
האָט געפיהלט. ער האָט דאָס אָבער געפיהלט. דאָס איז געוועזן
דער זין פון זיין געפיהל. און טאָלסטאָי האָט דאָס געזעהן.
ער האָט געזעהן דעם זין, דעם טעם, דעם עיקר פון איוואַן אי־
ליטש'עס גייסטיגען צושטאַנד, ווען ער האָט גענומען פאַרשטעהן
אַז ער איז ערנסט קראַנק און געפינט זיך אויפ'ן שוועל פון טוידט.

דער וואָס זעהט די קראַפט, וואָס ליעגט אין דיעזע עטליכע
ווערטער, יענער פאַרשטעהט אין וואָס עס בעשטעהט די גרויס־
קייט פון טאָלסטאָי'ס טאַלאַנט.

* * *

וואָס גרעסער עס איז געוואָרען איוואַן איליטש'עס בעוואוסט־
זיין, אַז ער איז אין געפאַהר, אַלץ אַ גרעסערע לאַסט איז ער געוועזן
פאַר זיין פרוי און זיין טאָכטער. זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען אָדער
ניט געוואָלט פאַרשטעהן וואָס מיט איהם טהוט זיך. זיי זיינען

נאָר געווען פּאַרקאַכט אין וויזיטען און אין געסט. ער איז מיט זיין קראַנקהייט געווען אַ שטערונג פאַר זיי. און די פרוי האָט גע־שפּיעלט אַ פאַלשע ראָלע וועגען זיין קראַנקהייט. זי האָט כלומרשט אַרויסגעוויזען טרייהייט צו איהם פאַר וואָס ער הוט ניט ריכ־טיג אָפּ וואָס דער דאָקטאָר הייסט איהם. לויט איהרע ווערטער איז אויסגעקומען עפּעס אַזוי ווי ער טהוט דאָס אַלץ אומישנע, אַזוי ווי זיין גאַנצע קראַנקהייט וואָלט געווען זיין אייגענע שולד — אַלץ מיט אַ כיון צוגעקלעהרט כדי זיין פרוי צו פערשאַפען צרות.

ווייטער אַן אינטערעסאַנטער פּסיכאָלאָגישער שטריך. דער שטריך איז אונז אַלעמען גוט בעקאַנט פון לעבען, אָבער ווי פיעל שרייבער עראינערען זיך אָן אַזעלכע זאַכען?

איוואַן איליטש האָט זיך צו אַלץ צוגעקוקט און צוגעהערט און איבערגעטראַכט, צו אַלץ וואָס האָט נור געהאַט די קלענסטע שייכות צו איהם. ער איז געוואָרען זעהר עמפּפינדליך. די קלענס־טע זאַך האָט אויף איהם אַן איינדרוק געמאַכט, איהם דערמאָהנט אָן זיין געפאַהר. ער האָט זיך צום ביישפּיעל צוגעקוקט צו דעם, ווי די אַנדערע ריכטער פערהאַלטען זיך צו איהם, אָדער ווי מען פערהאַלט זיך מיט איהם ביי'ן קאָרטען שפּיעלען. דער קלענס־טער חשד, אַז מען בעהאַנדעלט איהם ווי אַ קראַנקען, האָט איהם אַריינגעבראַכט אין אַ פערצווייפלונג. ער האָט געפּרופט זיך מאַ־כען, אַז ער איז שטאַרק, אַז ער איז ווי אַלע, אָבער ביי דעם קלענס־טען שפּור פון זיין וועהטאָג פלעגט איהם ווערען פינסטער אין די אויגען און ער פלעגט פיהלען אַזוי ווי די וועלט געהט שוין אונטער.

און אַלע זיינען אַזוי גלייכגילטיג צו זיינע יסורים, צו זיין גרויסען, גרויסען אונגליק! ער איז אַזוי עלענד. „אַזוי לעבען אויפ'ן ברעג פון אַ שרעקליכען תהום מוז ער איינער אַליין אָהן איין מענשען, וואָס זאָל איהם פאַרשטעהן און האָבען רחמנות אויף איהם". — מיט דיעזע שטאַרקע ווערטער וועגען די דאָפּעלט־קייט פון איוואַן איליטש'עס טראַגעדיע ענדיגט זיך דער פערטער קאַפּיטעל.

V

דער שוואָגער איז געקומען. אין שטוב האָט מען ניט גע־קענט אזוי גוט בעמערקען ווי איוואַן איליטש זינקט, ווייל דאָס איז געוואָרען ביסלעכווייז. פון איין טאָג ביז דעם אנדערען האָט מען קיין ענדערונג ניט געזעהן. דעם שוואָגער אָבער, וועלכער האָט געוואוינט אין אַן אנדער געגענד, און האָט איוואַן איליטש'ען שוין לאַנג ניט געזעהן, האָט די ענדערונג זיך געוואָרפען אין די אויגען. ער איז איבערראַשט געוואָרען, און איוואַן איליטש האָט גע־זעהן אז ער איז איבערראַשט. דאָס האָט אויף איהם געמאַכט אַ געוואַלטיגען איינדרוק.

די איינצעלהייט ווי איוואַן איליטש הערט הינטער'ן טיר צו דעם געשפּרעך צווישען דעם שוואָגער און דער פרוי לאָזט זיך קריי־טיקירען.

דער שוואָגער איז אוועק זיך בעגריסען מיט איוואַן איליטש'עס פרוי און איוואַן איליטש האָט זיך פערשלאָסען אין צימער, און זיך בעקוקט אין שפּיעגעל; דערנאָך האָט ער גענומען זיינעם אַ פּאָר־טרעט און דאָס פערגליכען מיט דעם ווי ער ווייזט איצט אויס. דערנאָך האָט ער פּאַרקאַשערט דעם ארבעל און בעקוקט זיין אָרעם; דערנאָך איז ער אַ ווײַלע געזעסען אַ פערצווייפעלטער; דערנאָך האָט ער געפּרופט ארויסשלאָגען זיין אונגליק פון קאָפּ. ער האָט געפּרופט לעזען פּאַפּיערען פון אַ פּראָצעס. דאַן ערשט איז ער גע־גאַנגען אין זאַאַל און דערזעהענדיג אז די טיר פון דעם גאַסט־זאַאַל איז צוגעמאַכט האָט ער זיך גענומען צוהערען צו דעם גע־שפּרעך צווישען זיין פרוי און דעם שוואָגער. עס איז אַלזאָ שוין

אוועק א היבשע צייט, ביי צעהן מינוטען וועניגסטענס, דאס הייסט, אז זייער געשפּרעך איז שוין אָנגעגאנגען ביי א צעהן מינוטען. אזוי ווי דער שוואָגער איז געווען שרעקליך איבערראשט פון איוואן איליטש'עס אויסזעהן, וואָלט ער וועגען דעם געוויס גערעדט מיט זיין שוועסטער גלייך נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך בעגריסט און נאָכגעפרעגט וואָס מען מאכט. ביי טאָלסטאָי'ען אָבער קומט אויס, אז ווען איוואן איליטש איז צוגעגאנגען צום טיר און זיך גע־נומען צוהערען, אז ערשט אין יענעם מאָמענט האָבען זיי גע־רעדט וועגען איוואן איליטש'עס אויסזעהן. די ערשטע ווערטער וואָס ער האָט דערהערט זיינען געווען ווי זיין פרוי זאָגט צום ברו־דער אז ער איבערטרייבט און אז איהר מאן ווייזט גאָר ניט אויס אזוי שרעקליך ווי ער מיינט. דאָס הייסט, אז דער שוואָגער האָט מיט א רגע פריהער אויסגעדריקט זיין איבערראשונג.

דאָס עראינערט אָן די שונד־ראָמאנען, וואו מען געהט „גראָד" צו צום טיר, און מען דערהערט „גראָד" פּונקט דאָס וואָס דער שרייבער דאַרף האָבען צו זיין מעשה.

אָבער דיעזע שונד־פּגימה האָט קיין בעדייטונג ניט. זי שטערט ניט. שפּעטער וועלען מיר זעהן אָן אנדער פעהלער, ניט פון דעם שונד־מין, און ער האָט גראָד יא א בעדייטונג.

* * *

איוואן איליטש קלערט וועגען זיין קראנקען ניר, וועגען דעם לויזען בלאָנדזשענדען ניר. ער האָט זיך דערמאָנט אלץ וואָס די דאָקטוירים האָבען איהם געזאָגט. דאָ האָבען מיר א בריליאנטענע ברעקעל פּסיכאָלאָגיע ווי ער זעהט זיין לויזען ניר אזוי ווי פּאר די אויגען און ווי אין געדאנקען סטארעט ער זיך צו כאפּען דעם ניר און איהם אָפּשטעלען אז ער זאָל מעהר ניט ארומבלאָנדזשען. „אזא קלייניגקייט, דאכט זיך!" און דאָך קען מען דאָס ניט טהאָן און פון דעם שמעקט דאָס פּאר איהם מיט'ן טוידט.

מערקווירדיגע פּסיכאָלאָגישע שטריכען און שטריכעלעך גע־פינען זיך אויך אין דאָס ווייטערדיגע פון דעם פינפטען קאַפּיטעל. נאָך דעם ווי ער איז געווען ביי א נייעם דאָקטאָר, ביי דעם

פריינד פון פריינד, און יענער האָט איהם ערקלעהרט ווי די קראַנק־הייט הייסט זיך אויס, דוכט זיך איהם אַז ער פערשטעהט אַלץ און איהם ווערט בעסער אויפ'ן האַרצען. ער עסט אָפּ, ער רעדט פרעהליך, ער נעהמט זיך פאַר זיינע פּאַפּיערען, ער אַרבייט מיט חשק. די גאַנצע צייט ביי דער אַרבייט האָט ער אין זינען, אַז ער האָט אַ וויכטיגען ענין, וועלכער „ליעגט איהם נאָהענט צום האַרצען"; און ווען ער ענדיגט זיין אַרבייט ביי די פּאַפּיערען דערמאָנט ער זיך אַז דער וויכטיגער ענין, דאָס איז די פראַגע וועגען די „בלינדע קישקע". ער נעהמט שלאָפען; פאַר'ן שלאָפען פּרופט ער לעזען אַ ראָמאַן, אָבער דאָס קריכט איהם ניט אין קאָפּ. ער נעהמט זיך פאַר זיין „האַרציגען ענין"; ער הויבט אָן צו קלעה־רען וועגען דער „בלינדער קישקע".

אזוי ווי מיט די אויגען זעהט ער ווי אינעווייניג ווערט ביי איהם אַלץ ווי ס'בעדאַרף צו זיין. ער זעהט ווי מיט די אויגען, ווי עס קומט פאַר אַלץ ווי דער דאָקטאָר האָט איהם ערקלערט, — ווי די שלעכטע בלוט ווערט אריינגעזויגען, ווי דאָס וואָס איז שעד־ליך, ווערט פונ'ם קערפּער ארויסגעוואָרפען, און ווי אַלץ הויבט אָן צו אַרבייטען ווי געהעריג איז, און ער ווערט געזונט.

איוואַן איליטש איז אַזוי טיעף פאַראינטערעסירט אין זיין קראַנקהייט און אַלץ וואָס ער הערט פון די דאָקטוירים, זיין איינ־בילדונגס־קראַפט איז אַזוי אָנגעשטרענגט אויף דעם, אַז ער זעהט דאָס אַלץ ווי אַ פּאָעט זעהט זאַכען, וועלכע ער שטעלט זיך פאַר. אַלץ קומט איהם פאָר אַזוי ווי פאַר די אויגען.

* * *

איוואַן איליטש זעהט ווי עס הייסט זיך זיין קראַנקהייט, און איהם איז גוט אויפ'ן האַרצען. אָבער פּלוצלונג דערפיהלט ער אַ ווערטאַג אין בויך און דעם בעקאַנטען פּאַסקודנעם טעם אין מויל; און זיין גוטער מוטה ווערט גלייך פערשוואונדען. פּלוצ־לונג ווערט איהם ווידער פינסטער אין די אויגען; ער איז ווידער אין פערצווייפלונג.

דאַן בעקומט אַלץ גאָר אַן אַנדער פּנים ביי איהם. מיט אַ

מינוט צוריק האט ער דאכט זיך געזעהן אזוי ווי פאר די אויגען ווי די בלינדע קישקע היילט זיך, און ער ווערט געזונט; און איצט שרייט ער אין געדאנקען אויס: „וואסער בלינדע קישקע! וועלכע ניר? ניט אום דעם האנדעלט זיך, נור אום לעבען און... טוידט! אט האט ער געלעבט ווי אלע און איצט געהט דאס לע־בען אוועק פון איהם, און ער קען דאס ניט איינהאלטען. צו וואס זאל ער זיך נארען? אלע אויסער איהם זעהן דאך אז ער שטארבט...”

ווי וואונדערבאר און הארצרייסענד עס זיינען די פאלגענ־דע ציילען:

„פריהער איז מיר געווען ליכטיג” טראכט זיך איוואן איליטש, „און איצט קומט פאר א פינסטערניס. דערווייל בין איך נאך דא, אבער איצט וועל איך מוזען אוועקגעהן אהין! וואוהין „אהין?”

„א קעלט האט איהם אנגענומען; זיין אטהעם איז פער־האלטען געווארען; ער האט נור געהערט ווי דאס הארץ שלאגט ביי איהם.”

„איך וועל שוין מעהר ניט זיין. וואס זשע וועט יא זיין? עס וועט גאר ניט זיין. וואו זשע וועל איך זיין, ווען איך וועל ניט זיין? צו דען איז דאס דער טוידט? איך וויל ניט!” ער האט א שפרונג געטהאן.

אז דיעזע סצענע איז טיעף־ריכטיג וויים יעדער פון אונז. ווען מיר פרופען זיך פארשטעלען דעם טויט, ריידען מיר צו זיך די זעלבע רייד, אפילו ווען מיר זיינען געזונט; בלויז מיר פיהלען דערביי ניט די פערצווייפלונג, וועלכע איוואן איליטש האט גע־פיהלט.

דער מענש וואס קען דיינקען און זיך פארשטעלען דאס אדער יענעס, איז א לעבעדיגער מענש. זיין „איך” איז א לעבעדיגער. קיין אנדער „איך” קען ער ניט. א „איך” וואס זאל זיין טוידט, איז איהם אונמעגליך זיך פארצושטעלען, ווארים טוידט איז ער נאך קיין מאל ניט געווען. בעטראכט די ווערטער:

„איך וועל שוין מעהר ניט זיין. וואס זשע וועט יא זיין? עס

וועט גאָר ניט זיין! וואו זשע וועל איך זיין, ווען איך וועל ניט זיין?"

עס קומט אויס לעכערליך: ווי באַלד אז ער וועט שוין מעהר ניט זיין, טאָ וואָס פאַר אַ זין האָט עס צו פרעגען, וואו וועט ער דאַן זיין? אָבער זיך פאַרשטעלען אַז מיר וועלען אויפהערען צו זיין, איז אונז אונמעגליך. אין אונזערע געדאַנקען בלייבט פאָרט אַז מיר זיינען פאַראַן; און די פראַגע איז: אויב ניט דאָ, טאָ וואו דען? אַז מיר וועלען גאָר ניט זיין — דאָס לעגט זיך בשום אופן ניט אויפ'ן שכל.

און ווי ריכטיג עס איז דער מאָמענט, ווען איוואַן איליטש הערט ווי אין די אַנדערע צימערען איז פרעהליך, ווי אין איהם קאָכט די האַרץ פון פאַרדרוס פאַר וואָס זיי ליגען אַזעלכע זאַכען איצט אין זינען, און וואו ער טרייסט זיך מיט'ן געדאַנק, אַז זיי וועלען אויך שטאַרבען!

עס הייסט, אַז אַלע מוזען שטאַרבען, אַז אַלע זיינען אימער פאַראורטיילט אויף טוידט. אָבער אַז ער וועט אויך שטאַרבען — דאָס לעגט זיך איהם בשום אופן ניט אויפ'ן שכל. אָדער, ריכטיגער געזאָגט, מיט'ן שכל ווייס ער אַז עס איז אַזוי, אָבער פאַרשטעלען זיך דאָס קען ער ניט.

עס ווערט איהם אונבעגרייפליך ווי אַזוי ער איז אַריינגעקומען אין זיין יעצטיגע לאַגע. עס גלויבט זיך איהם פּראָסט ניט. ער קען ניט דערקענען זיין אייגענעם איך. דאַכט זיך, ער איז אימער געווען אַ מענש מיט אַלע מענשען צוגלייך — אַ געזונטער, אַ מונטערער; ער פלעגט וועגען טוידט קיינמאָל ניט קלערען. ווי אַזוי איז דאָס געקומען, אַז ער איז גאָר איצט אַן אַנדער סאָרט מענש, גאָר ניט דער זעלבער?

ער הויבט זיך אָן אַלץ צו דערמאָנען ווי דאָס האָט פּאַסירט, איבערצוזאָגען אַלע איינצעלהייטען כסדר פאַר זיך אַליין.

דאָס אַלץ איז פעריל פון פסיכאָלאָגישע קונסט, פון טיעפע קינסטלערישע וואָרהייט.

## VI

די ערשטע שורות פון זעקסטען קאַפּיטעל זאָגען אונז אַז אי־וואַן איליטש האָט דייטליך געוואוסט אַז ער שטאַרבט, און אַז ער איז אימער געווען אין פערצווייפלונג.

אַזאַ געפיהל האָט ניט יעדער חולה, וואָס ליידט פון אַ גע־פעהרליכע קראַנקהייט. אָפט זעהען מיר אַז אַ מענש וואָס האַלט ביי'ן טוידט, איז פול מיט האָפנונגען, און הויבט אַפילו ניט אָן חושד צו זיין, אַז זיין סוף איז נאָהענט. און אַפילו צווישען די וואָס פאַרשטעהן אַז זיי זיינען נאָהענט פון טוידט, זיינען אויך ניט אַלע פערצווייפעלט. אָפט זעהט מען ווי אַ מענש שטאַרבט בּיס־לעכווייז, און וויים אַז ער שטאַרבט, און דאָך איז ער די גאַנצע צייט רוהיג, אַ מאָל זאָגאר פרעהליך.

דאָס ווענדט זיך אָן דעם סאָרט קראַנקהייט און אָן דעם כאַ־ראַקטער פון דעם חולה. עס זיינען פאַראַן חולאים, וועלכע זיי־נען אימער פערצווייפעלט און צושראָקען.

עס זיינען פאַראַן מענשען מיט שוואַכע נערווען — „נעוור־ראַסטעניקעס" רופט מען זיי — וועלכע עס דוכט זיך אימער אַז זיי זיינען קראַנק, אַפילו ווען זיי זיינען געזונט. ווען זיי צושניידען זיך אַ פינגער מיינען זיי, אַז זיי האָבען שוין בלוט־פערגיפטונג. דער קלענסטער הוסט הייסט ביי זיי אַז זיי האָבען שוין די טשאַ־כאָטקע. זיי קוקען זיך אַלע ווייַלע אין שפּיעגעל, און ווען זיי זיי־נען עטוואָס ניט ביי'ן קאָליר, הייסט שוין דאָס אַז זיי האָבען אַ ראַק.

ווען אַ נעווראַסטעניק איז קראַנק, אָדער, ווען אַ געזונטער ווערט אַ נעווראַסטעניק פון קריינקען, איז נאַטירליך, אַז ער זאָל

יעדע מינוט ציטערען פאַר'ן טוידט. אַז איוואַן איליטש איז געווען א נעוואַסטעניק געזונטערהייט זעהט מען פון דער ערצעהלונג ניט. אַדרבא ער מאַכט אַן איינדרוק פאַר אַ גאַנץ רוהיגען, נאָר־מאַלען מענשען. האָט איהם די קראַנקהייט געמאַכט פאַר אַזעל־בען? דאָס זעהען מיר אויך ניט. ווי ער ווערט נאָר קראַנק, גלייך פון אָנהויב, ווערט ער שוין אַ צושראָקענער, און הויבט שוין אָן צו וועגען און צו מעסטען, זיך צוצוהערען צו יעדען וואָרט וואָס מען זאָגט וועגען איהם און צו איהם אַליין, און די ציטערנים פאַר'ן טוידט פאַרשטויסט כמעט אַלע זיינע געפיהלען און געדאַנקען.

ווען אַ מענש לעזט די ערצעהלונג מיט גרויס אויפמערקזאַמ־קייט, הויפטזעכליך דאָס ווייטערדיגע, פיהלט מען, אַז טאָלסטאָי האָט איוואַן איליטש'ען אומישנע אַזוי פאָרגעשטעלט, ווייל דאָס איז איהם נויטיג געווען צו דעם געדאַנק וואָס ער האָט געוואָלט אויס־פיהרען. אָבער צי אַזוי צי אַזוי — דאָס בילד פון אַ מענשען, וועלכער שרעקט זיך פאַר'ן טוידט, וואָס קומט צו איהם צו אַלץ נעהנטער, איז פאָרט אויפגעמאָלען מיט אַ וואונדערבאַרע קראַפט.

* * *

נאָך די ערשטע פאָר שורות קעהרט זיך דער שרייבער אום צו דעם פונקט, וועלכען מיר האָבען אָנגעצייגט אין דעם פאָריגען קאַפּיטעל. עס ווערט געשילדערט ווי שווער עס איז געווען איוואַן איליטש'ען זיך פאָרצושטעלען אַז ער שטאַרבט. עס ווערט גע־בראַכט אַ משל, וועלכען איוואַן איליטש האָט אינגעלוויז געלערנט אין זיין שולע. דער משל איז געגעבען געוואָרען אין אַ לעהר־בוך וועגען לאָגיק, אום צו ווייזען ווי אַזוי פון צוויי געדאַנקען ווערט געדרונגען אַ דריטער. אָבער גראָד איז דער משל געווען וועגען טוידט:

איינער מיט'ן נאָמען קאַיוס איז שטערבליך. קאַיוס איז אַ מענש; אַלזאָ איז פון די דאָזיגע צוויי פאַקטען געדרונגען אַ דריי־טער — אַז אַ מענש מוז שטאַרבען, אַז אַלע מענשען זיינען שטערב־ליך.

דעם משל מיט קאיוס'ען דערמאָנט זיך איוואַן איליטש, ווען ער טראַכט וועגען טוידט. זיך אַליין אריינרעכענען צווישען די „אַלע מענשען", וואָס מוזען שטאַרבען, דאָס קען ער בשום אופן ניט. דאָס וואָס ער האָט געלערנט אין ביכעל וועגען קאיוס'ען און וועגען אַלע מענשען אַז זיי מוזען אַלע שטאַרבען, איז טאַקי ריכטיג און אמת, אָבער צו איהם האָט דאָס קיין שייכות ניט. וואָרים קאיוס איז דאָך בלויז אַ משל וועגען סתם אַ מענשען. און „אַלע מענשען" הייסט דאָך אויך „סתם מענשען". זיי, די „סתם מענשען" זיינען טאַקי שטערבליך. זיי מוזען טאַקי שטאַרבען, אָבער ער, איוואַן איליטש, איז דאָך ניט סתם אַ מענש, אַן אונבעשטימטער מענש, נור ער איז דאָך ער, דער היינטיגער איוואַן איליטש, און דער אַמאָליגער אינגעלע וועמען מען פלעגט רופען וואַניא, וועלכער האָט געהאַט אַ „פּאַפּאַ" מיט אַ „מאַמאַ", מיט צוויי ברידערלעך.

דאָ דערמאָנט טאָלסטאָי עטליכע איינצעלהייטען, קליינינקייטען, פון איוואַן איליטש'עס עראינערונגען פון זיינע קינדער־יאָהרען. ער געדענקט, צום ביישפּיעל, דעם ריח פון זיין לעדערנע פּילקע; ער געדענקט דעם שאָרך פון זיין מוטער'ס זיידענע קלייד; ער געדענקט, ווי זייענדיג אין דער שוהלע, וואו די שילער זיינען געווען אויף קוואַטיר און קעסט, פלעגט ער זיך בונטעווען ווען דאָס עסען איז ניט געפעלען געווען. ער דערמאָנט זיך אויך ווי ער איז איצט, שוין אַ ריכטער; ווי פיין ער פיהרט אַ זיצונג אין געריכט. דאָס אַלעס הייסט אַז ער איז ניט סתם אַ מענש, ווי קאיוס, נור מיט זיין אייגענעם איך, מיט די טויזענדער, מיליאָנען ספּעציעלע פּאַסירונגען, אייגענשאַפטען, קליינינקייטען און וויכטיגע זאַכען פון זיין „איך", גאָר ניט ווי אַנדערע מענשען. אַז ע ר זאָל שטאַרבען ווי קאיוס, דער סתם מענש — קען ניט זיין!

וואָס פאַר אַ גאונישע שטיק פּסיכאָלאָגיע דאָ שטעקט!

מיר אַלע פיהלען פונקט דאָס זעלבע ווי איוואַן איליטש פיהלט דאָ. מיר פיהלען דאָס יעדעס מאָל ווען מיר פּרופען זיך פאָרשטעלען אַז מיר וועלען אַמאָל שטאַרבען.

אין וואָס בעשטעהט דאָ דער עיקר? דער עיקר בעשטעהט אין דעם אונטערשיעד צווישען אַן אַבסטראַקטען געדאַנק און אַ קאָנקרעטען פאַקט. אַן אַבסטראַקטער געדאַנק געהט אויף אַלעמען אָדער אַלעס סתם אין דער וועלט אריין, אָהן בעשטימטע איינצעלהייטען; אַ קאָנקרעטער פאַקט אָבער, בעשטעהט דורכאויס פון בעשטימטע איינצעלהייטען. ווען מיר זאָגען „אַ טיש”-אבסטראַקט, מיינען מיר אַלע טישען אין דער וועלט. וואָס פאַר אַ טיש? ווי גרויס איז ער? וואָס פאַר אַ פאָרמע האָט ער? וואָס פאַר אַ קאָליר? וויפיעל פיס? איז ער געפּולירט? איז ער נייַ? איז ער געשניצט? — דאָס אַלעס זיינען איינצעלהייטען, וועלכע מיר ווייסען ניט. ניין, מיר ווילען דאָס גאַר ניט וויסען; וואָרים ווען מיר זאָגען „אַ טיש” אין אַן אבסטראַקטען זינן, געהט דער וואָרט אויף אַ ל ע ר ל י י טישען, וועלכע קענען זיך נור געפינען אויף דער וועלט: אי אויף גרויסע, אי אויף קליינע; אויף רויטע, אויף ווייסע, אויף געלע, אויף געפּולירטע און אויף ניט געפּולירטע, אויף אַלטע און אויף נייע; און ווען מען מיינט אַלע און אַלערליי, מיינט מען אייגענטליך קיין ממשות'דיגען טיש ניט. דאָס הייסט אַלע און קיינע ניט.

ווען מיר ריידען אָבער וועגען אַ בעשטימטען טיש, האָבען מיר אין זינען בלויז איין טיש, און דיזער טיש בעשטעהט פון אַ רייהע אייגענשאַפטען, מעלות, חסרונות. דער טיש איז אַזוי און אַזוי הויך, אַזוי און אַזוי ברייט; ער האָט אַזאַ קאָליר, אַזאַ פאָרמע, אַזוי פיעל פיס; ער איז אַלט אַזוי פיעל און אַזוי פיעל; דאָ האָט ער אַזאַ פלעק, דאָרטען האָט ער אַזאַ אויסגעבויגענקייט, אַ. אַ. וו., אַ. אַ. וו.

דאָס הייסט, אַז האָבענדיג אין זינען דעם טיש, האָבען מיר אין זינען אַ גאַנצע רייהע איינצעלהייטען.

אָהן די איינצעלהייטען, אָהן די פערשיעדענע אייגענשאַפטען, איז ניטאָ קיין טיש.

פּרובט טראַכטען וועגען אַ טיש אַזוי אַז איהר זאָלט איהם

האָבען פאר די אויגען, וועט איהר זעהן אז איהר טראכט נור וועגען איינצעלהייטען. א טיש אליין, אָהן איינצעלהייטען, איז נימאָ, און קען ניט זיין. דאָס הייסט, אז די איינצעלהייטען — אָט דאָס אייגענטליך איז דער טיש.

דאָס זעלבע איז וועגען יעדע זאַך אין דער וועלט. דאָס זעלבע איז וועגען א מענשען.

יעדער מענש איז א בעשטימטער מענש; ניט קיין אב־סטראקטער, נור א קאָנקרעטער. האָבען אין זינען א בעשטימטען מענשען הייסט אלזאָ האָבען אין זינען פערשיע־דענע איינצעלהייטען.

ווען איוואַן איליטש טראכט וועגען זיך, טראכט ער וועגען א רייהע איינצעלהייטען פון זיינע קינדער־יאָהרען און פון זיין איצטיגען לעבען. אָהן איינצעלהייטען קען מען נור טראַכטען וועגען קאַיוס'ען, וועלכער איז ניט קיין בעשטימטער מענש, נור סתם א מענש, א מענש אָהן איינצעלהייטען. קאַיוס איז גאָר קיין מענש נים. אָבער איוואַן איליטש איז דאָך יאָ א מענש.

אלזאָ גיט טאָלסטאָי אונז עטליכע כאראקטעריסטישע איינ־צעלהייטען פון איוואַן איליטש'עס לעבען. אָט דיזע איינצעלהיי־טען שטעלען צונויף דעם קאָנקרעטען איוואַן איליטש.

נון, אז קאַיוס זאָל שטארבען, אז „אלע מענשען" זאָלען שטאַרבען, דאָס איז מעגליך. וואָרים, דאָס איז דאָך אייגענט־ליך בלויז א געדאַנק וועגען מענשען אָבער ניט קיין מענשען — דאָס זיינען מענשען אָהן בעשטימטע נעזער, מיילער, האָר, אָהן א בעשטימטע שטימע, געוואָהנהייטען, פערגאַנגענהייט. אזעלכע בעשעפעניסען קענען שטארבען, אָבער ער, דער קאָנקרעטער איוואַן איליטש זאָל שטאַרבען — דאָס קען ער זיך ניט פאָרשטעלען.

קאָנקרעט זיך פאָרשטעלען דעם טויט קען איוואַן איליטש אל־זאָ נים.

דער לעזער וועט פרעגען: אָבער איוואַן איליטש האָט דאָך

געהאַט בעקאַנטע — זיינע אייגענע קינדער, למשל — וואָס זיינען געשטאָרבען; און דאָס זיינען דאָך שוין קאָנקרעטע מענשען, ניט אַבסטראַקטע...

איך ווייס ניט וואָס טאָלסטאָי וואָלט אויף דעם געענטפערט. מיין אַנטוואָרט וואָלט געווען אַזוי:

אין איוואַן איליטש'עס געדאַנקען איז די קאָנקרעטקייט פון זיינע געשטאָרבענע קינדער שייך נור צו זייער לעבען; זייער טויט איז ביי איהם נור אַן אַבסטראַקטער פאַקט. אַליין איז ער קיינמאָל טויט ניט געווען; דעריבער קען ער דעם טויט זיך קאָנקרעט ניט פאָרשטעלען. קאָנקרעט וואָלט ביי איהם געווען דער טויט ווען ער אַליין וואָלט געשטאָרבען און טויטערהייט וואָלט ער וועגען דעם געקענט וויסען. ער ווייס אַז מיט זיי האָט געטראָפען עטוואָס שרעקליכעס, וואָס מען רופט „טויט." קאָנקרעט דאָס באַנעהמען קען ער ניט.

אָבער זיך אַליין פאָרשטעלען זיך אַלס געשטאָרבען — דאָס קען מען אפילו אַבסטראַקט אויך ניט. וועגען זיך קען מען איבערהויפּט ניט טראַכטען אַבסטראַקט. אָט אין דעם בעשטעהט דער הויפּט אונטערשיעד.

אין אָנהויב פון דער ערצעהלונג, האָבען מיר געזעהן ווי די ריכטער, איוואַן איליטש'עס חברים, האָבען זיך געפיהלט, ווען זיי האָבען דערהערט, אַז ער איז געשטאָרבען. איינער פון זייערע ערשטע געדאַנקען דערביי איז געווען: „דאָס איז ע ר געשטאָרבען, ניט איך." זיי איז גאָר ניט ארויפגעקומען אויפ'ן זינען, אַז זיי קענען אויך שטאַרבען פּונקט ווי איוואַן איליטש. דאָס איז „ער" געשטאָרבען ניט „איך". אַז „איך" זאָל אויך שטאַרבען דאָס קען מען זיך ניט פאָרשטעלען.

איוואַן איליטש שטאַרבט פאַרט, און ער קען צום געדאַנק אַליין ניט צוגעוואוינט ווערען. ער קען דאָס בשום אופן ניט בעגרייפען.

עס זיינען ניטאָ קיין ווערטער אויסצודריקען, וואָס פאַר אַ

וואונדערבארע קראפט פון מענשען־קענעריי און פון קינסט־לערישע טיעפקייט די בעשפּראָכענע שטעלע צייגט ארויס.

* * *

דעם געדאנק, וועלכען ער קען ניט פערשטעהן, אָבער וועלכער מוטשעט איהם און ווארפט אויף איהם ארויף אַן אונבעשרייבליכע אימה און חושך, דעם דאָזיגען געדאנק סטארעט זיך איוואן איליטש פון זיך אבצושטויסען. ער סטארעט זיך צו טראכטען וועגען אנ־דערע זאכען; עס העלפט אָבער ניט. דער שרעקליכער געדאנק קומט אַלץ צוריק; און ניט נור דער געדאנק, נור דאָס בילד; דער טוידט גופא שטעלט זיך אוועק פאר זיינע אויגען, אזוי ווי א לעבעדיגער מלאך המות.

טאָלסטאָי שילדערט ווי איוואן איליטש איז בעשעפטיגט אין געריכט, ווי ער געפינט זיך אין דער היים, ווי ער איז, דאכט זיך, פערנומען מיט אנדערע זאכען, און ווי פּלוצלונג בעווייזט זיך ע ר, דער טוידט; ווי פערשיעדענע קליינינקייטען דערמאָנען אַלץ אָן א י ה ם. ע ר צושטערט איהם זיין ארבייט אין געריכט; ע ר צושטערט איהם אַלץ וואס ער וויל טהאָן. ע ר קוקט ארויס פון הינטער די בלומען אין זאַל; טאַקי אזוי ווי דער מלאך המות וואָלט זיך פאר איהם בעוויזען און געשטאנען און געקוקט איהם גלייך אין פנים אריין — אַן ערנסטער, א קאַלטער, א שרעקליכער.

קוקענדיג אויף דעם פענסטער־פּאָרהאנג,צוליעב וועלכען ער איז אראָפּגעפאַלען פון לייטערל, דערמאָנט זיך איוואן איליטש קלאָהר און דייטליך, אז דער גאנצער אונגליק איז צו איהם געקומען איבער א נארישקייט. און דאָך מוז ער צוליעב דיזער נארישקייט שטארבען. עפּעס אזוי ווי ער וואָלט דאָ געגאנגען ניט אויפהייגגען א פּאָרהאנג, נור איינגעהמען א פעסטונג, און איז געפאַלען און געשטאָרבען מיט א העלדישען טוידט דערביי! א פּאָרהאנג און א פעסטונג! ווי לעכערליך, ווי נאריש עס קומט אויס די גאנצע געשיכטע. קען דאָס ווירקליך זיין, אז צוליעב דיזע נאריש־קייט מוז ער שטארבען? עס גלויבט זיך ניט. עס איז אָבער פּאָרט אזוי!

איוואַן איליטש קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. און אומעטום שטעהט ע ר, דער טוידט, פאַר איהם. צי ער וויל צי ער וויל ניט, ער מוז א י ה ם קוקען אין די אויגען; קוקען און ווערען א פערציטערטער.

קען מען זיך פאָרשטעלען א גרעסערע טראַגעדיע? די דאָזיגע ווערט פערגליווערט לעזענדיג.

און די טראַגעדיע וואַקסט.

# VII

אויפ'ן דריטען מאָנאַט איז שוין ביי אַלעמען אַ בעשטימטע זאַך, אַז איוואַן איליטש שטאַרבט, און דער גאַנצער אינטערעס וואָס מען האָט אין איהם, בעשטעהט אין דער פראַגע: ווי שנעל וועט מען פּטור ווערען פון איהם מיט זיינע יסורים און פון די אונבע־קוועמליכקייטען און צרות וואָס ער פערשאַפט?

ער קען שוין ניט איינשלאָפען. מען מוז איהם יעדעס מאָל איינגעבען אַ שלאָף־טרונק; אָבער דער אונגאַטירליכער שלאָף איז איהם נור עקעלהאַפט און מוטשעט איהם. מען מוז פאַר איהם צוגרייטען ספּעציעלע געריכטען, און זיי זיינען איהם אויך עקעל־האַפט. עס עקעלט איהם זיין הילפלאָזיגקייט, און דער מיאוס'ער גערוך אין געוויסע מאָמענטען. ער שעהמט זיך און ער האָט אויף זיך רחמנות, און עס איז איהם אָבשטויסענד.

זיין איינציגע טרייסט איז געראַסים, דער יונגער פּויער וועל־כער בעדיענט איהם.

דאָ קומען מיר ווידער צו אַ בעריהמטע שטעלע אין דער ער־צעהלונג.

טאָלסטאָי ווייזט דאָ, אַז דער פּראָסטער, אונוויסענדער, ניט־געהובעלטער פּויער איז מעהר מענש, מיט מעהר האַרץ ווי די גע־בילדעטע, געאיידעלטע פּריצים, וואָס דרעהען זיך אַרום איהם; מעהר מענש ווי זיין פרוי, ווי זיין טאָכטער, ווי די דאָקטוירים, די פריינד, וואָס קומען איהם בעזוכען. דיזע אַלע זיינען קאַלט און פאַלש, מיט פאַלשע צערעמאָניעס, פאַלשע רייד, פאַלשע חן'דעלעך. געראַסים אָבער, דער דאָרפס־יונג, דער נאַטור־קינד, וויים ניט פון

קיין קונצען און פון קיין פאַלשקייטען. און ער האָט א וואַרימע
האַרץ, געראַסים.

טאָלסטאָי האָט פיעל געפּרעדיגט דיזען געדאַנק, דאָס די רו־
סישע פּויערים זיינען אמת׳ערע און בעסערע מענשען ווי די גע־
בילדעטע פּריצים. און ניט טאָלסטאָי אַליין! די רוסישע ליטע־
ראַטור איז פול מיט דיזען געדאַנק. זי איז ממש דורכגעדרונגען
מיט דעם. (דיזער גייסט פון דער רוסישער ליטעראַטור צוזאַמען
מיט דעם רחמנות און ליעבע וואָס זי צייגט אימער אַרוים צו אַלע
נידערשלאָגענע, אונטערדריקטע, אָרימע, אונגליקליכע, פאַרשטוי־
סענע — דאָס מאַכט איהר פאַר די נאָבעלסטע און ערהאַבענסטע
פון אַלע ליטעראַטורען פון דער וועלט, ווי דאָס איז איבעראַל אַנער־
קענט). דער גרויסער טורגעניעוו האָט זיך צוערשט זיין נאָמען גע־
מאַכט מיט זיינע מערקווירדיגע סקיצען פון פּויערשען לעבען („די
נאָטיצען פון א יעגער"). אַנדערע רוסישע שרייבער האָבען געשרי־
בען פון דעם זעלבען לעבען, און אַלע מיט סימפּאַטי צום פּויער.
פיעלע ווערק אין דער רוסישער פּאָעזיע בעוויינען דעם פּויער.

רעספּעקט צו דעם פּויער׳ס אונשולדיגקייט, ריינקייט, עהר־
ליכקייט און אמת׳דיגקייט איז אייגענטליך געווען די נשמה פון די
ערשטע יאָהרען פון דעם רוסישען פרייהייטס־קאַמף. די בעוועגונג
האָבען אָנגעפאַנגען יונגע פּריצים אידעאַליסטען. זי האָט אַרויס־
געשפּראָצט פון דער צייט ווען די רוסישע פּויערים זיינען נאָך גע־
ווען פערשקלאַפט ביי די פּריצים. אַלזאָ האָבען דיזע אידעאַליסטען
געפיהלט געוויסענסביסע, וואָס די פּויערים שפּייזען זיי, האַלטען
זיי אין כל טוב, גיבען זיי די מעגליכקייט צו ווערען געבילדעט,
און אַליין לעבען זיי אין אונוויסענהייט, אין דער טיעפסטער אָרימ־
קייט און פאַרזונקענהייט און אין אַלע ערנידערונגען פון שקלאַפע־
ריי. די ערשטע רוסישע רעוואָלוציאָנערען (פון די 70־ער יאָהרען),
זיינען געווען נאַראָדניקעס, דאָס הייסט „פאָלקס־מענשען", געביל־
דעטע יונגע־לייט, וואָס האָבען זיך געאָפּפערט פּראָפּאַגאַנדירענדיג
אין די דערפער.

קורץ, מען האָט דעם פּויער כמעט פאַרגעטערט. מען האָט א

היבשע ביסעל איבערטריבען, אָבער דער פונדאַמענט פון דיזען גייסט איז געווען אַ שעהנער, נאָבעלער געפיהל, און זיין עיקר איז געווען אַ ריכטיגער.

טאָלסטאָי׳ס געדאַנקען וועגען דעם רוסישען פויער זיינען געווען געבויט אויף דעם זעלבען פונדאַמענט, און אַזוי ווי ער האָט אַלץ געטהאָן אויף אַ קרעפטיגען שטייגער איז דיזע ריכטונג ביי איהם געוואָרען אַ מין רעליגיאָן, צו וועלכער ער האָט אָבגעגעבען פיעלע פון זיינע בעסטע יאָהרען. ער האָט געלעבט מיט די פויערים פון זיין דאָרף, געלעהרענט זייערע קינדער, אַנטייל גענומען אין זייערע פריידען און ליידען, און אַליין זיך געסטאַרעט צו פיהרען אַ פויערשען לעבען — טהאָן פויערשע ארבייט, זיך קליידען ווי אַ פויער, עסען כמעט ווי אַ פויער.

געראַסים, דער יונגער פויער, וועלכער בעדיענט דעם קראַנקען איוואַן איליטש, ווערט אַלזאָ פאָרגעשטעלט אַלס אַן אויפריכטיגער, וואַרים־הערציגער נאַטור־קינד, אָהן שום כיטרעקייט אָדער פאַלש־קייט. טאָלסטאָי שטעלט איהם ארויס אַלץ אַ געגענזאַץ צו איוואַן איליטש׳עס פרוי און טאָכטער, צו די דאָקטוירים און צו די אַנ־דערע פּריצים, וואָס קומען אריין אין שטוב. אַזוי ווי דיזע אַלע פּריצים און פּריצטעס זיינען פאַלש און גלייכגילטיג צו איוואַן איליטש׳ען און ער ברענט אויף זיי, איז געראַסים פאַר איהם אַ גילדערנע אויסנאַהמע, אַ גרויסער טרייסט. איהם האָט ער ליעב צו האָבען ארום זיך. אז ער בעדיענט איהם אָדער געפינט זיך אין זיין צימער, איז איהם בעסער אויפ׳ן האַרצען.

דער קראַנקער האָט ליעב, ווען זיינע פיס זיינען אויפגעהויבען, און ער האָט בעזונדערס ליעב, ווען געראַסים טהוט דאָס פאַר איהם. ווען ער האַלט איהם פאַר די פיס און ער האַלט זיי הויך, דוכט זיך איוואַן איליטש׳ען, אַז עס ווערט איהם בעסער.

ער האָט אויך ליעב געהאַט מיט געראַסים׳ען צו שמועסען. דער פויער פלעגט ארויפלעגען דעם קראַנקען׳ס פיס צו זיך אויף די פּלייצעס, און אַזוי פלעגען זיי פיהרען זייערע געשפּרעכען, דער געבילדעטער פּריץ מיט׳ן אונוויסענדען פויער. געראַסים פלעגט

דאָס טהאָן לייכט, אָהן געמאַכטקייט; מיט אַן אמת'ע גוטהערציג־קייט, ניט אויספיינענדיג זיך מיט זיין גוטסקייט; און איוואַן איליטש'ען איז דערפון ווארים געוואָרען אויפ'ן הארצען. וואָס זיין פרוי אָדער די דאָקטוירים האָבען געטהאָן פאַר איהם, איז איהם געווען צו לאַסט, און זייערע זיסע רייד האָט איהם געגרילצט אין די אויערען. וואָס דיזער פויער אָבער האָט פאַר איהם געטהאָן, אָדער געזאָגט צו איהם, איז איהם געווען אנגענעהם און ליעבליך.

אינטערעסאַנט איז פאָלגענדע באמערקונג:

„דאָס, וואָס אַנדערע מענשען זיינען געווען געזונט און שטאַרק און מונטער, האָט איוואַן איליטש'ען געערגערט — אַזוי ווי זיי וואָלטען דאָס געמאַכט איהם אויף להכעיס. בלויז אויף געראַסים'ען האָט איהם ניט פערדראָסען וואָס ער איז אַזוי שטאַרק און מונ־טער. אדרבא, דאָס איז איהם אנגענעהם געווען צו זעהן. ער פלעגט זיך פיהלען רוהיגער דערביי."

*    *    *

דאָ שילדערט טאָלסטאָי ווי איוואַן אילטש'ען האָט שרעקליך געערגערט ווי זיין פאַמיליע און די דאָקטוירים האָבען זיך פער־האַלטען צו זיין קראַנקהייט. זיי מאַכען זיך כלומר'שט, אַז ער גע־פינט זיך גאָר ניט אין אַ געפעהרליכען צושטאַנד. זיי שפּיעלען פאַר איהם אַ פאַלשע ראָלע: זיי זיינען כלומרשט איבערצייגט, אַז ער איז נור קראַנק אָבער אַז ער וועט געוויס געזונט ווערען, — ער דאַרף נור זיין רוהיג, לאָזען דעם דאָקטאָר איהם קורירען, און עס וועט שוין רעכט ווערען. ער, ווידער, האָט ביי זיך אין הארצען געוואוסט, אַז פון די אַלע זאַכען וואָס די דאָקטוירים טהוען מיט איהם וועט גאָר ניט ארויסקומען; ער וועט נור האָבען גרעסערע יסורים, און וועט שטאַרבען. און דיזע פאַלשע ראָלע זייערע האָט איהם געערגערט מעהר פון אַלץ. זיי האָבען געזאָגט ליגען און זיך אויפגעפיהרט אויף אַ ליגנערישען שטייגער; און זיי האָבען געוואָלט, אַז ער זאָל אויך אַזוי טהאָן; אַז ער זאָל זיך אויך מאַכען, אַז ער שטאַרבט ניט, און אַז זיין קראַנקהייט וועט אויסגעקורירט ווע־רען. אַט פון דיזע ליגענס האָט ער געהאַט גרויסע שמערצען.

אזוי דערצעהלט אונז טאָלסטאָי; און איך מוז מודה זיין, אז דאָס גלויבט זיך מיר ניט. ערשטענס, שטימט דאָס ניט מיט דער טבע פון קראַנקע. זיי מעגען זיין ווער וויס ווי איבערצייגט אז פאר זיי איז קיין האָפנונג ניטאָ; דאָך אז מען זאָל אָפען זיי זאָגען אז זיי שטאַרבען, ווילען זיי ניט. פאַרקעהרט, זיי ווילען, אז מען זאָל זיי טרייסטען; זיי ווילען אז מען זאָל זיי פערזיכערען, אז זיי וועלען געזונט ווערען; זיי ווילען אז מען זאָל זיי העלפען זיך נאַרען.

עס קענען זיך טרעפען ספּעציעלע מאָמענטען ווען דער חולה איז פון פערצווייפלונג בייז און איהם ערגערען די פאַלשע ראָלעס, אָבער אז ער זאָל אימער זיין אזוי, דאָס לעגט זיך ניט אויפ'ן שכל.

אפשר איז איוואַן איליטש א ספּעציעלער טיפּ? אפשר האָט ער אַן אונגעוועהנליכען כאַראַקטער? אָבער, ווי מיר קענען איוואַן איליטש'ען פון דער גאַנצער שילדערונג פון זיין לעבען, איז ער א גאַנץ געוועהנליכער מענש מיט א גאַנץ געוועהנליכען כאַראַקטער.

מיר האָבען אויבען גערעדט וועגען די נעווראַסטעניקעס, נער־ווּעזע מענשען, וועלכע מאַכען פון א פליג א העלפאַנט און ריידען זיך איין, אז זיי שטאַרבען אוועק. אָבער דיזער טיפּ האָט אויך פיינט, אז מען אַנערקענט זיין געפאַהר. ער אַליין מעג זיך פאָר־שטעלען דאָס ערגסטע, אָבער ווען אַן אַנדערער זאָל איהם פּרופען שווער מאַכען דאָס האַרץ, ווערט ער ווילד פון כעס. ער וויל וויינען און קלאָגען, אָבער ער וויל אויך אז אַנדערע זאָלען איהם טרייסטען. ער מאַכט זיך, אז די טרייסט־ווערטער האָבען ניט קיין ממשות. אָבער ווען מען טרייסט איהם ניט, וויל ער ניט ליידען.

איוואַן איליטש איז ניט קיין נעוויראַסטעניק, און ווען ער וואָלט דאָס יאָ געווען, וואָלט ער אויך ניט געווען אין כעס פאר וואָס מען רעדט זיך איין אז ער שטאַרבט גאָרניט.

עס זיינען פאַראַן מענשען מיט קרייַנקליך־פּעסימיסטישע, פער'צרה'טע נאַטורען פון געבאָרענשאַפט אָן. אזא חולה וואָלט

אפשר שווער געווען איינצורעדן אַז ער שטאַרבט נישט. איז אָבער אויך שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז ער זאָל א י מ ע ר בלייבן אין אַזאַ גייסטיגן צושטאַנד. דער געפֿיהל פֿון ווילן לעבן איז אַזוי גרויס און אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט, אַז דער גרעסטער פּעסימיסט און „מרוק" כאַפּט זיך פֿאַר אַ שטרוי אום צו זוכן אַ האָפֿנונג, אַן איינרייידעניש, אַז ער שטאַרבט נישט. אָבער לאָמיר זיך שוין פֿאָרשטעלן אַז עס קען זיך טרעפֿן אַן אויסנאַהמע, אַזאַ אוננאַטירליכער פּעסימיסט, וועלכער וויל זיך קיין מאָל נישט כאַפּן פֿאַר אַזאַ שטרוי. איז דען איוואַן איליטש אַזאַ אויסערגעוועהנליכער פּעסימיסט? טאָלסטאָי שילדערט זיין כאַראַקטער פּ ו נ ק ט פֿ א ר ק ע ה ר ט; ער שילדערט איהם אַלס אַ מענש, וואָס ליעבט צו לעבן לייכט און אַנגענעהם; אַוועקצוטרייבן פֿון זיך יעדן טרויער, יעדע שוויריגקייט, אויסצומיידן און אַרויסצושלאָגן זיך פֿון קאָפּ אַלץ וואָס שטערט איהם הנאה צו האָבן פֿון זיין לעבן. איוואַן איליטש איז פּונקט דער היפּך פֿון אַ פּעסימיסט.

ווען מען איז קראַנק איז מען נאַטירליך נישט פֿרעהליך. אָבער דאָ האַנדעלט זיך נישט אום פֿרעהליכקייט, נור אום דעם אינסטינקט פֿון נישט וועלן שטאַרבן, פֿון נישט וועלן אַנערקענען אַז מען האַלט ביי'ן טוידט. און לויט איוואַן איליטש'עס כאַראַקטער, ווי טאָלסטאָי שטעלט איהם פֿאָר, האָט דיזער אינסטינקט אין איהם געדאַרפֿט זיין שטאַרק ענטוויקעלט. ווער, ווער, איוואַן איליטש איז געוויס נישט דער מענש צו ליגן אין זיין קראַנקען־בעט א י מ ע ר אין אַ פּעסימיסטישע שטימונג; קיין מאָל נישט צו זיין בערייט זיך איינצורייידען אָדער צו לאָזען אַנדערע איהם איינרייידען, אַז ער וועט געזונט ווערען.

* * *

דאָס איז איינס. צווייטענס, קומט אויס, לויט דער שילדערונג ווי איוואַן איליטש פֿיהלט און האַלט זיך ליגענדיג אַ קראַנקער, אַזוי ווי ער וואָלט פֿון דער נאַטור געווען אַן אויסערגעוועהנליך וואַרהייט־ליעבענדער מענש. עס קומט אויס, אַזוי ווי ער וואָלט געווען איינער פֿון יענע זעלטענע פּערזאָנען, וועלכע האָבן אַ

קריינקליכען, אן איבערנאטירליכען האס צו פאלשקייט אין יעדער פארמע. ער קען ניט פערטראגען, וואס אלע ארום איהם שפיעלען א ראלע כלומרשט אז ער וועט געזונט ווערען, און דיזע פאלשקייט מאכט איהם ווילד.

איז דען איוואן איליטש אזא זארט מענש, לויט מיר קענען זיין כאראקטער? ווידער מוזען מיר זאגען, אז וועדליג טאלסטאי׳ס פריהערדיגע שילדערונגען איז פונקט פערקעהרט. איוואן איליטש איז ניט קיין ליגנער אין דעם געוועהנליכען זין פון ווארט; אבער אז איהם עקעלט ניט א פאלשע ראלע און אז ער אליין קען זיך צופאסען צו פאלשע ראלעס און אליין זיי אויך שפיעלען פון זיינע אינטע־רעסען וועגען, אדער פון בעקוועמליכקייט וועגען — דאס ווייסען מיר פון זיין גאנצען לעבען. ער האט אימער אליין געשפיעלט א פאלשע ראלע, און טאקי אום איהם זאל זיך לעבען רוהיגער און בעסער; אום ער זאל קענען שטייגען אין זיין קאריערע; אום ער זאל קענען בעסער אויסקומען מיט מענשען.

ביי דעם שלום פון דער ערצעהלונג, ווען איוואן איליטש איז שוין צוויי שטונדען פאר׳ן טוידט, דערמאנט ער אליין זיך וועגען די פאלשע ראלעס וואס ער האט געשפיעלט, און עס פארדריסט איהם, און ער טהוט אין חארצען תשובה. מילא ווי ווייט דיזער זארט תשובה איז ריכטיג וועלען מיר בעשפרעכען, ווען מיר וועלען האלטען דערביי. דא ריידען מיר וועגען איוואן איליטש׳עס כא־ראקטער גופא. מיר ווילען דעם לעזער נור דערמאנען, אז זיין כא־ראקטער איז גראד ניט געוועזען אזעלכער, אז יעדע פאלשע ראלע אדער פאלשער טאן זאל איהם ארויסברענגען פון געדולד.

ווייטער, דער גאנצער לעבען צווישען מענשען איז פול מיט געוויסע פאלשע ראלעס און ראלעלעך, וועלכע ווערען אנגענומען פאר אזא נאטירליכע זאך, אז מען רעכענט זיי אייגענטליך גאר ניט פאר פאלשקייטען. אהן דעם וואלט פראסט אונמעגליך געוועזען פאר א מענשען צו לעבען מיט אנדערע מענשען. מען ניט זיך איינער דעם אנדערען א קאמפלימענט, מען זאגט זיך א גוט ווארט, מען פרעגט א פריינדליכע פראגע, מען גיט זיך א קליינע חניפה׳לע. —

איהר ווייסט גאַנץ גוט אַז מען גיט אייך דעם קאָמפּלימענט נור אום אייך צו פערשאַפען אַ פריינדליכען געפיהל. איהר ווייסט, אַז טיילוויין, ווענינסטענס, איז דאָס פּ אַ ל ש. אָבער אויב עס שמעקט ניט שטאַרק מיט חניפה, האָט איהר ניט דאַגעגען. אדרבה, איהר זייט גאַנץ צופרידען; און פאַרקעהרט: אויב אייער פריינד זאָל אייך קיין מאָל ניט זאָגען קיין פריינדליכע זאַכען, אויב ער זאָל אבסאָלוט קיין מאָל פאַר אייך ניט שפּיעלען דיזע פאַלשע ראָלען, אבסאָלוט קיין מאָל אייך ניט געבען דיזע אונשולדיגע גוט־געמיינטע חניפה׳לעך, וואָלט אייער פריינדשאַפט מיט איהם לאַנג ניט אָנגעהאַלטען.

איידעלקייט, אפילו אין דעם בעסטען זינן, בעשטעהט אין אַ גרויסען גראַד פון דיזען סאָרט אונשולדיגע פאַלשע ראָלעס.

פערביי אייך לויפט אַ בעקאַנטער. ער איילט זיך; און אין איילעניש זאָגט ער צו אייך: „גוט מאָרגען, ווי פיהלט איהר זיך?" איהר ווייסט גאַנץ גוט, אַז אין דיזען מאָמענט ליגט איהם געוויס ניט אין דער לינקער פּיאַטע ווי אַזוי איהר פיהלט זיך, און צו איהר וועט האָבען אַ גוטען מאָרגען, צו ניט. דאָך, ווען ער זאָל פערביי־לויפען און פאַרפעהלען אייך צו בעגריסען מיט דיזע פּ אַ ל ש ע ווער־טער, וועט איהר דאָס איהם ניט פערצייהען — איהר מעגט זיין דער שטרייגסטער וואַרהייטס־ליעבער און דער גרעסטער שונא פון פאַלשקייט.

צו טרייסטען אַ חולה, צו מאַכען זיך, אַז ער איז גאָר ניט גע־פעהרליך קראַנק — דאָס איז פונקט אַזוי נאַטירליך ווי צו זאָגען „גוט מאָרגען", און קיין שטרייגער וואַרהייטס־ליעבער, קיין גרוי־סער שונא פון פאַלשקייט איז איוואַן איליטש געוויס ניט געווען.

אָבער טאָלסטאָי אַלס פּרעדיגער, אַלס רעליגיעזער מאָראַליסט — ניט אַלס קינסטלער — האָט געקעמפּפט געגען פאַלשקייט, גע־גען יעדע פאָרמע פון ניט־אמת, און ער האָט זיין רעליגיעז־מאָראַ־ליסטישע אידעען דאָ אַריינגעשפּאַרט אין זיין קונסט. דייטליכער גערעדט, ער האָט זיינע אייגענע רעליגיעזע בעגריפע אַריינגעגעבען

אין דעם מארך און הארצען פון א מענשען, וועלכער האט זיי ניט געהאט און ניט געקענט האבען.

טאלסטאי דער קינסטלער האט זיך דא צונויפגעפלאנטערט מיט טאלסטאי דעם רעליגיעזען מאראל פרעדיגער, און די קונסט האט געליטען דערפון. ארום דער צייט, ווען „דער טוידט פון איוואן איליטש" איז געשריבען געווארען איז טאלסטאי שוין געוועזען שטארק רעליגיעז (אויף זיין אייגענארטיגען שטייגער). צו שאפען קונסט־ארבייט, צו שרייבען ערצעהלונגען, ראמאנען האט ער א היבשע ביסעל צייט אין גאנצען געהאלטען פאר אן „עבירה." און בשעת ער האט זיך ווידער גענומען פאר ליטעראריזשע ארבייט, האט זיין רעליגיאן איהם אפט געשטערט דערביי. זי האט איהם ניט געשטערט צו שאפען וואונדערליכע קונסט־ווערק, אבער אין דיזע קונסט־ווערק זעהען זיך אפט פגימות, וועלכע זיין רעליגיאן האט אין זיי אויסגעסטשערבעט.

* * *

ריכטיג איז געמאלען ווי איוואן איליטש'ען פערדריסט פאר וואס זיין פרוי און טאכטער האבען אויף איהם ניט קיין מיטלייד; פאר וואס זייער סימפאטיע צו איהם איז א געמאכטע, בלויז פון יוצא וועגען, וועהרענד אין אמת'ן זיינען זיי גאר פארקאכט אין וויזיטען און טהעאטערס, פערגניגענס. ווען טאלסטאי וואלט געוויזען אז ב ל ו י ז א י ן ד י ז ע ר ב ע צ י ה ו נ ג קריינקט איוואן איליטש'ען די פאלשע ראלע וואס זיי שפיעלען אין בעצוג צו איהם, וואלט דאס געווען ריכטיג. ער גיט אבער אפ פיעלע שורות צו ווייזען, אז איוואן איליטש'ען האט געקריינקט די פאלשקייט א ן א ו ן פ א ר ז י ך.

די דאקטוירים זיינען איהם ווילד־פרעמדע מענשען. פון זיי קען ער ניט פאדערען, אז זיי זאלען צו איהם ארויסווייזען סימפאטיע, אזוי ווי ער קען דאס פאדערען פון זיין פרוי. דאך שטעלט טאלסטאי פאר ווי איוואן איליטש האסט יעדען פון זיינע דאקטוירים מיט אזא האס, אז ער קען כמעט איהם ניט ענטפערען אויף זיינע פראגען. און פאר וואס האסט ער זיי? פאר די

פ א ל ש ע ר אָ ל ע וואָס זיי שפּיעלען; פאַר זייערע געמאַכטע „פוריעס"; פאַר זייערע געקינצעלטע מאַניערען; פאַר זייער ניט־אויפריכטיגען טאָן. מיט דער פראַגע פון סימפּאַטיע האָט דאָס ניט צו טהאָן.

טאָלסטאָי האָט פיינט געהאַט דאָקטוירים מיט זייערע פאַלש־קייטען. ער האָט איבערהויפּט ווענינ געגלויבט אין זיי, און די פערשיעדענע קונצען, פוריעס, טהעאַטער־שטיק, און אַמאָל זאָגאַר שווינדלען, וועלכע האָבען זיך אויסגעאַרבייט אין זייער פּראָפעסיאָן, האָבען איהם (טאָלסטאָי'ען) געערגערט אָהן אַ שיעור. אַלזאָ זעהען מיר דאָ ווידער, ווי זיינע א י י ג ע נ ע בעגריפפע און געפיהלע רוקט ער (טאָלסטאָי) אריין אין איוואַן איליטש'ען, וועלכער האָט אַזעלכע בעגריפפע און געפיהלע אין אַזאַ מאָס ניט געקענט האָבען.

אין זיינע שילדערונגען פון דאָקטוירים איז טאָלסטאָי'ס גיפט אַזוי גרויס, אַז ער כאַפּט אָפט איבער די מאָס פון קונסט, און פאַלט אריין אין קאַריקאַטור. און די זעלבע גיפט זיינע, די גיפט פון אַ מאָראַליסט, וואָס האַסט פאַלשקייטען ברייננט איהם דערצו, אַז זיין אייגענע האַס צו די דאָקטוירים, זיין ט אָ ל ס ט אָ י 'ש ע ן האַס, לייגט ער אין איוואַן איליטש'ען אריין.

* * *

ריידענדיג וועגען דעם, ווי איוואַן איליטש'עס פרוי און טאָכ־טער האָבען זיך פערהאַלטען צו זיין קראַנקהייט און ווי דאָס האָט געערגערט דעם חולה, זאָגט טאָלסטאָי, צווישען אַנדערע זאַכען, דאָס פאָלגענדע:

„דעם שרעקליכען, דעם הייליג־שרעקליכען אַקט פון זיין טוידט האָט מען זיך געסטאַרעט צו מאַכען פאַר אַזאַ וואָכעדיגע, געוועהנ־ליכע זאַך, ווי די וויזיטען פון געסט, אָדער ווי די פאָרהאַנגען פון די פענסטער, אָדער ווי די פיש וואָס מען האָט געקאָכט אויף וועטשערע."

איך צווייפעל, אויב איוואַן איליטש האָט אָפט אַזוי געפיהלט; איך צווייפעל אויך, אויב ער וואָלט אַזאַ געפיהל אפילו ביי זיך אין מח אויסגעדריקט פּונקט אויף דיזען אַרט. אין געוויסע מאָמענ־

טען אָבער, און אין אַן אַ ל ג ע מ י י נ ע ר פ אָ ר מ ע האָט ער מסתמא דיזען סאָרט געפיהל יאָ געהאַט. און די אַרט ווי אַזוי טאָלסטאָי דריקט אויס אין וואָס דיזער געפיהל איז בעשטאַנען, איז איינע פון די פּראַכטען פון דער ערצעהלונג.

די ווערטער, דורך וועלכע די האַלטונג פון דער פאַמיליע ווערט דאָ כאַראַקטעריזירט, זיינען טאָלסטאָי'ס ווערטער; אָבער דער געפיהל איז איוואַן איליטש'עס. אָהן ווערטער פיהלט ער, אַז זיין „הייליג־שרעקליכע" טראַגעדיע ווערט בעהאַנדעלט אַזוי ווי אַ טהייל פונ'ם וואָכעדיגען לעבען. טאָלסטאָי'ס קונסט בעשטעהט אין דעם, וואָס ער כאַפּט דעם עיקר פון דער סיטואַציאָן, איהר אינערליכען זינן, איהר נשמה.

ווייטער, טאָלסטאָי זאָגט, אַז דעם שרעקליכען פאַקט דאָס אי־וואַן איליטש שטאַרבט, האָבען די פאַמיליע און פריינד בעהאַנדעלט עפּעס אַזוי ווי עפּעס אַן אונאַנגענעהמע, אונאַנשטענדיגע סיבה. אַזוי ווי מען בעהאַנדעלט אַ מענשען וואָס קומט אַריין אין אַ זאַל מיט אַ מיאוס'ען גערוך. די כללים פון אַנשטענדיגקייט פאָדערען, אַז מען זאָל זיך מאַכען ניט וויסענדיג דערפון.

קען מען זיך פאָרשטעלען אַ געראָטענערען משל צו דיזען טיע־פען און דעליקאַטען געדאַנק?

געראַסים, דער נאַטור־קינד פערטראָגט זיך צו איוואַן אי־ליטש'עס קראַנקהייט אָהן אַלע דערמאָנטע פאַלשע ראָלעס; אויך סטאַרעוועט ער זיך דאָס ניט אָוועקצומאַכען מיט'ן האַנט ווי אַ וואָכעדיגע זאַך; אויך בעהאַנדעלט ער דאָס ניט אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען בלויז אַן אונאַנשטענדיגע סיבה. אויף זיין פויערשען שטייגער, נעהמט ער דאָס ערנסט, און ער פיהלט אַן ערנסטען, וואַרימען מיטלייד אויף זיין קראַנקען בעל־הבית; און ער וויים ניט פון קיין קונצען. און ער רעדט אָפען וועגען טוידט, און דאָס אַלץ — זאָגט טאָלסטאָי — איז איוואַן איליטש'ען זעהר ליעב.

איך וועל דאָ ווידער בעמערקען, אַז עס גלויבט זיך מיר בשום אופן ניט, דאָס איוואַן איליטש האָט דוקא ליעב געהאַט צו הערען אָנצוהערענישען אַז ער שטאַרבט. איך גלויב אַז עס וואָלט דאָ

געוועזן פונקט פאַרקעהרט: ווען געראַסים וואָלט אויף זיין נאָאַי־ווען, פויערשען שטייגער צו איהם געזאָגט „מיר וועלען אַלע שטאַר־בען", וואָלט איהם געוואָרען שרעקליך, און ער וואָלט אויף דעם פויער בייז געוואָרען. איבערהויפּט מוז מען זיך דאָס פאָרשטעלען נאָך דעם ווי טאָלסטאָי שילדערט אזוי וואונדערבאַר ווי איוואַן איליטש האָט מורא פאַר'ן טוידט.

מורא האָבען פאַר'ן טוידט — דאָס איז נאַטירליך פאַר יעדען מענשען. אָבער מורא האָבען פאַר'ן טוידט שרעקליך און אָהן אַן אויפהער, און דאָך הנאה האָבען צו הערען, אַז איהר האַלט ביי'ן שטאַרבען — דאָס איז שוין גאָר ניט נאַטירליך.

דערמאָנט זיך די סצענע, ווי איוואַן איליטש סטאַרעט זיך אימער אויסצומיידען דעם געדאַנק וועגען דעם טוידט. דערמאָנט זיך ווי ער מאַטערט זיך צו טראַכטען וועגען אַנדערע זאַכען אום „א י ה ם", דעם מלאך המות, פון זיין געדאַנקענ'ס אויג צו פאַרשטעלען. דערמאָנט זיך ווי ער מיידט אוים צו קוקען אויף זיין אָרים, כדי ניט צו זעהן ווי ער זינקט. און דאָ האָט דער זעל־בער איוואַן איליטש גאָר ליעב ווען געראַסים פיהרט דעם מלאך המות צו צו איהם, און ווייזט איהם, זאָגענדיג כמעט מיט ווערטער: „אָט איז ער, דער שרעקליכער „ער"! נאַ קוק אויף איהם!"

און נעהמען נעהמט זיך דאָס אַלץ פון טאָלסטאָי'ס וואונש צו פּרעדיגען זיין מאָראַל־רעליגיאָן וועגען די פּראַכט פון אמת, וועגען די העסליכקייט פון פאַלשע ראָלעס; און וועגען דעם, דאָס פויערים זיינען בעסערע און שעהנערע מענשען ווי פּריצים.

דער אמת איז טאַקי שעהן, און פאַלשקייט איז טאַקי מיאוס; און דאָס רוב רוסישע פויערים זיינען טאַקי אויפריכטיגער און וואַרהאַפטיגער ווי דאָס רוב פּריצים. אָבער אז מען וויל דאָס פאָרשטעלען אין בילדער, דאַרף דאָס געטהאָן ווערען ריין קינס־לעריש, אָהן אונמעגליכקייטען, וועלכע שטעכען אוים די אויגען.

דאָס אַלץ וואָס איך האָב דאָ געזאָגט נעהמט בלויז אויף דעם פונקט ווי איוואַן איליטש האָט ליעב געהאַט צו הערען אָנצוהערע־

נישען אויף זיין טוידט פון געראסים'ען. אז ער האט ליעב געהאט געראסים'ס אויפריכטיגקייט, זיין עהרליכקייט אהן קונצען און אהן פאלשע ראלעס — דאס אלע איז געמאלען ריין־קינסטלעריש. געראסים איז אזוי ווי א לעבעדיגער, און די פערהעלטניסע צווישען איהם און איוואן איליטש'ען זיינען זעהר שעהן און אינטערעסאנט פארגעשטעלט.

* * *

צום שלום פון דעם זיעבעטען קאפיטעל, ווייזט דער קינסטלער, ווי איוואן איליטש האט געביינקט נאך אמת'ע מיטלייד, נאך ווארי־מע אויפמערקזאמקייט. דא האבען מיר ווידער איינע פון די בעסטע שטעלען אין דער ערצעהלונג. מיר ווייסען אלע ווי א קראנקער „פיעסטשעט" זיך, אזוי ווי א קינד. איוואן איליטש האט אבער ניט געהאט פאר וועמען זיך צו „פיעסטשען", ווארים זיין פרוי און טאכטער האבען זיך אין גרונד מיט איהם ניט אינטערעסירט און זייער רחמנות און פריינדליכקייט זיינען געוועזן בלויז פון יוצא וועגען. אלזא, ביינקט ער נאך אמת'ע רחמנות, נאך אמת'ע אויפ־מערקזאמקייט. ער וויל, אז מען זאל איהם לאסטשען, קושען, טרייסטען ווי א בייבי. ער, דער וואזשנער ריכטער מיט דער גראהלעבער בארד, האט געוואלט מען זאל איהם לאסטשען ווי א בייבי! ווי ריכטיג און ווי ריהרענד דאס איז!

אבער באלד געהט טאלסטאי ווידער אריבער צו די פאלשע ראלען וואס זיינען געשפיעלט געווארען ארום דעם קראנקען און וועגען די פאלשע ראלען וואס ער איז אליין געצוואונגען געוועזן צו שפיעלען, און דער קאפיטעל ענדיגט זיך מיט די ווערטער:

דיזע פאלשקייט ארום און ארום איהם און אין איהם גופא, האט איהם מעהר ווי אלעס פערגיפטעט די לעצטע טעג פון זיין לעבען.

ווידער די מאראל! ווידער די רעליגיעזע פראפאגאנדא! שוין צו אפט פלאנטערט זיך דער מוסר ספר'ל אריין אין דער קונסט־ווערק.

בעטראַכט, צום ביישפּיעל, דיזע איינצעלהייט: טאָלסטאָי שטעלט פּאָר מיט אַ פּאָר ווערטער, ווי אַ ריכטער, איוואַן אי־ליטש'עס אַ חבר מיט'ן נאָמען שעבעק קומט איהם מבקר חולה זיין. טאָלסטאָי זאָגט, אַז אַנשטאָדט צו וויינען און לאַסטשען זיך ווי אַ קינד, מוז איוואַן איליטש גאָר שפּיעלען אַ ראָלע, זיך מאַכען, אַז ער איז דער זעלבער ווי אימער, ארויסווייזען אַן אינטערעס אין וויכטיגע פּראָצעסען, דעבאַטירען, ווייזען אַז ער האָט אַ פעסטע מיינונג, א. ז. וו.

אַזעלכע מאָמענטען זיינען טאַקי נאַטירליך. אָבער צי דען זיי־נען שוין ביי איוואַן איליטש'ען ניטאָ קיין אַנדערע מאָמענטען אויך? ווען ער וואָלט שוין געווען אַ פּאָר טעג פּאַר'ן טוידט און וואָלט שוין געווען אַזוי שוואַך, אַז צו טראַכטען וועגען וויכטיגערע זאַכען וואָלט זיין מאַרך שוין קיין כח ניט געהאַט, וואָלט געווען אַן אַנדער געשיכטע. אָבער דאַן, וואָלט ער שוין טאַקי ניט געמאַכט קיין צערעמאָניעס און ניט דעבאַטירט. דאָ האַנדעלט זיך אָבער וועגען אַזאַ צייט, ווען איוואַן איליטש האָט נאָך געקענט ריידען וועגען פּראָצעסען און אויסדריקען אַ מיינונג. זיין מאַרך האָט נאָך געאַרבייט גוט, ווי אימער. אויב אַזוי, קען מען זיך פאָר־שטעלען, אַז ער האָט געהאַט מאָמענטען, ווען עס האָט זיך איהם געוואָלט אויף אַ ווײַלע זיך פיהלען ווי ער פלעגט זיך פיהלען פריהער; מאָמענטען, ווען ער האָט טאַקי געוואָלט ריידען וועגען פּראָצעסען, אַזוי ווי אַמאָל. ווען עס קומט אַ ריכטער, אַ חבר, וואָלט געווען גאַנץ נאַטירליך — ניט אימער, נור אַ מאָל, ווענינגס־טענס, — זיך צו פאַראינטערעסירען אין דעם, וואָס עס קומט פּאָר צווישען די אַנדערע חברים, און אין דעם געריכט. עס וואָלט געווען נאַטירליך פאַר איוואַן איליטש'ען אַ מאָל לעבעדיגער צו ווערען דערביי, זיך פיהלען אויף אַ ווײַלע מונטערער; זיך פער־געסען, אַז ער איז קראַנק; אַ שמועס צו טהאָן וועגען די פּלאַטקעס פון דעם ריכטער־לעבען, אַ דעבאַטיר צו טהאָן, און אַזוי ווייטער.

ווען טאָלסטאָי וואָלט פאַרגעשטעלט אַזאַ מאָמענט, און אויך אַזאַ, ווען שעבעק קומט און דעם חולה איז דער וויזיט צו לאַסט;

ווי איהם ווילט זיך ווײנען פאַר איהם און ער מוז זיך גאָר מאַכען אַז ער איז פערא‎ינטערעסירט אין די פּראָצעסען, וואָלט דאָס געווען נאַטירליך; עס וואָלט געווען קינסטלעריש, אמת און איבערצײ־ גענד. אַזוי אָבער קומט אויס, אַז טאָלסטאָי ווײזט אונז נור איין זײט פון דער מטבעה, די זײט וועלכע ער דאַרף האָבען צו זײן דרשה וועגען פאַלשע ראָלען.

# VIII

א היבשע טייל פון דעם אכטען קאַפּיטעל איז פערנומען מיט א שילדערונג, ווי די שלאַפקייט, הילפלאָזיגקייט און וועהטאָגען פון דעם קראַנקען ציהען זיך איינ־טאָניג, מיט אַן עקעלהאַפטע נודנע־קייט און אונאויפהערליכקייט. אימער דאָס זעלבע; אימער דאָס זעלבע. עס שלעפּען זיך די שטונדען, די טעג, די נעכט, און עס איז אימער דאָס זעלבע. איוואַן איליטש ליגט אימער א קראַנקער, א הילפלאָזער; ער איז שוין אויסגעמאַטערט פון יסורים; ער איז נידערגעשלאָגען פון זיין הילפלאָזיגקייט און פון דיזער אונ־אויפהערליכקייט פון זיין לאַגע.

א שרעקליכע, א פּאַסקודנע לאַנגווייליגקייט, ציהט זיך און ציהט זיך ווי פעך; די לאַנגווייליגקייט פון א חולה, וואָס וועט שוין קיין מאָל ניט אויפשטעהן. דאָס אַלץ ווערט דאָ געשיל־דערט מיט קינסטלערישע קראַפט און טיעפקייט; מיט איידעלע שטריכען און מיט א לעבעדיגקייט, וועלכע זעהר, זעהר ווייניג שרייבער וואָלטען אימשטאַנדע געווען צו דערגרייכען. איהר זעהט דעם קראַנקען איוואַן איליטש'ען מיט דעם צימער, וואו ער ליגט אזוי ווי איהר וואָלט געשטאַנען אויפ'ן שוועל פון דער אָפענער טיר און געקוקט. אויך שטעהט איהר און קוקט ווי דורך א טירעלע אין דעם אינערליכען איוואַן איליטש. איהר זעהט ווי ער פיהלט זיך, וואָס ער טראַכט, — וואָס עס קומט פאָר אין זיין נשמה. איהר בעקומט דאָס אַלץ פון דער סצענע, ווען עס איז געוואָרען טאָג און דער לאַקעי, פּיאָטר, איז אריינגעקומען אויפראַמען. יע־דער וואָרט איז וויכטיג. יעדער וואָרט איז אָנגעגאָסען מיט קינסט־לערישען אינהאַלט אזוי ווי א רייפער קאַרש איז אָנגעגאָסען מיט

זאַפט. אָבער געוויסע ווערטער האָבען אַ ספּעציעלע בעדייטונג. זיי גיבען צו אַ בעזונדערען לעבענס־טעם צו דער לעבעדיגקייט פון דער סצענע.

בעטראַכט צום ביישפּיעל די ווערטער: „איוואַן איליטש האָט געוואוסט אַז עס איז פריהמאָרגען נור דערפון וואָס גראַסים איז אַוועק און עס איז אַריינגעקומען פּיאָטר". אָדער די ווערטער וואָס שטעהען צום שלום פון דעם זעלבען שטיקעל: „היינט וואָס הייסט טעג, וואָכען, שטונדען? וואָס איז די נפקא מינא?" ווייטער אַ ביסעל געפינען מיר די פאָלגענדע עטליכע ווערטער, וואָס דער קראַנקער זאָגט צו זיך אין זיין געדאַנק: „וואָלט דאָס געוועזען וואָס גיכער. וואָס זאָל זיין גיכער? דער טוידט, פינסטער־ניש... ניין, ניין. אַלץ אין דער וועלט, אבי ניט דער טוידט!"

אך, ווי עס ווילט זיך איוואַן איליטש'ען נעבעך ניט שטאַר־בען!

אָפט הערט מען ווי, לויבענדיג אַ שרייבער, זאָגט מען, אַז בלויז מיט אַ פּאָר ווערטער קען ער אָפּשילדערען אַ מענשען אָדער אַ סצענע; אָבער דיזער שבח בעשטעהט דאָס רוב אין דעם, וואָס דער שרייבער פערנעהמט וועניג פּלאַץ. וואו ביי אַנדערע שרייבער פאָדערען זיך גאַנצע בלעטער, פּטור'ט ער אָפּ מיט אַ פּאָר געראָטענע ווערטער.

די קורצקייט איז אַלזאָ די הויפּט מעלה, וואָס מען לויבט. דער שרייבער, וועמען מען ריהמט, איז אַזוי ווי אַ בריה אַ בעל הבית'טע, וועלכע קען מאַכען אַ געשמאַקען קוגעל מיט וועניג מאַ־טעריאַל. די בעל־הבית'טע שפּאָרט איין מעהל מיט שמאַלץ, און דער בריה'דיגער שרייבער שפּאָרט איין־פּאַפּיער מיט טינט.

דער דאָזיגער שבח איז אַזוי אין דער מאָדע אַריין, אַז איך הער איהם אויף טריט און שריט. אָפט הער איך איהם פון קריטי־קער, וואָס ווייסען אַליין ניט קלאָהר וואָס זיי מיינען מיט דעם. עס קלינגט מעשה מבין, ווען מען זאָגט: „אַ בריליאַנטענער שרייבער: מיט אַ פּאָר ווערטער וואַרפט ער אָן אַ טיפּ אָדער אַ סצענקע, אַז עס לעבט אזש!"

אַ קאַזיאָנער לויב געזאַנג! ער איז אַזוי אַריין אין מאַרק, אַז געוויסע שרייבער קאָקעטירען מיט זייער קורצקייט, מיט זייער ניט־דערערדטקייט: און פיעלע לעזער נעהמען דאָס טאַקי אָן פאַר טאַלאַנט. איך האָב זאָגאַר בעמערקט, אַז אמת'ע קריטיקער, גוטע מבינים, פאַלען אַ מאָל אויך אַריין אין דעם טעות. די צוריקגעהאַלטענקייט און האַלב־שוויינגעדיגקייט פון אַ שרייבער מאַכט אויף זיי אַן איינדרוק און נ אַ ר ט אָפּ זייער מבינות. איבערהויפּט נאָך ווען דעם שרייבער'ס געצעהלטע ווערטער זיינען אָפט פריש־קלינגענדע ווערטער, ניט קיין געוועהנליכע. אַ שריפט־שטעלער מיט אַזעלכע געצעהלטע, ניט „אַבי־וואָסערע" ווערטער, ווערט אַ מאָל ערקלעהרט פאַר אַ גרויסען טאַלאַנט, כאָטש זיינע אויגען זעהען ווייניג, זיין פאַרב־קעסטעל איז פוסט, און זיינע ווינ־ציגע ווערטער זיינען אַזוי אָרים אין אינהאַלט ווי אין צאָהל.

איבערהויפּט איז דיזען טעות צו טרעפען אין אונזער אידישער ליטעראַטור, וועלכע איז נאָך אַזוי יונג, אַז די שפּראַך שפּיעלט אַ גרעסערע ראָלע ווי דער אינהאַלט. צו שרייבען ליטעראַטור אויף אידיש איז ביי אונז אַזאַ נייע זאַך, ווי ביי אַ נייעם „אָל־רייטניק" זיין אָטאָמאָביל. ער האָט מעהר הנאה פון צאַצקען זיך מיט זיין „מאַשין", ווי פון פאָהרען אין איהם. די אויסערליכע פאָרמע שפּיעלט נאָך ביי אונז אַ גרעסערע ראָלע ווי דער קינסטלערישער ווערטה. אונגעוועהנליכע, פּיפּיגע אויסדריקע — דאָס פאַר'שכור'ט אונז אַזוי, אַז מיר מיינען גאָט ווייס ווי אינהאַלטסרייך אַזאַ שפּראַך איז.

פאַר דעם אויבערפלעכליכען לעזער איז אַזאַ טעות צו מאַכען געוויס נאַטירליך. די פּיקאַנטע שפּראַך ליגט פון דרויסען; דאָס קען ער זעהן. דער קינסטלערישער ווערטה, ווידער, ליגט אינ־וועניג. דאָס איז שוין צו ווייט פאַר איהם.

אַ חוץ דעם: געצעהלטע ווערטער שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אין לעבען גופא. מענשען וואָס ריידען ווייניג, מאַכען דעם איינ־דרוק, אַז זיי זיינען קלוג און שטאַרק, כאָטש אָפט, זעהר אָפט, זיינען זיי שלומיאלס. דאָס וואָס איז ניט דערערדט סטאַרעט זיך

דער צוהערער צו דערריידען ביי זיך אין געדאנקען. ער פרופט טרעפען און ער שטעלט זיך פאר, אז גאט וויס וואס פאר א חכמה זיי פארבארגען הינטער זיך.

ריידען ווייניג, „קלוג", שמייכלען, פון צייט צו צייט מאכען אזא אוואיע, אז קיינער זאל ניט פערשטעהן וואס דאס בעדייט — מיט אזעלכע מיטלען קען א נאר בעקומען א שם פאר א טיעפזיני־גען. ניט איין פוסטע קאפ האט מיט דער הילף פון אזעלכע געצייג בעקומען א נאמען פאר א גרויסען דיפלאמאט.

עהנליכעס געפינט מען אין דער ליטעראטור.

ווען איך זאג, אז ביי טאלסטאי'ען געפינט איהר אפט א פאר ווערטער, וועלכע רופען ארויס א גאנצע שטיק וועלט אין אייער איינבילדונגס־קראפט, מיין איך ניט צו לויבען איהם פאר ווער־טער־שפארעוודיגקייט, נור פאר זיין וואונדערבארע קונסט, וועל־כע ליגט אין די ווערטער. ווען געוויסע עטליכע ווערטער האבען אין זיך א ספעציעל ווערטהפולען אינהאלט, הייסט דאס ניט אז מיר זיינען ענטציקט פון דעם, וואס דאס איז בלויז עטליכע ווערטער, נור פון דעם אוצר וואס ליגט אין זיי. וואס מעהר אזעלכע ווערטער, אלץ בעסער.

טאלסטאי איז געוויס ניט פון די שרייבער וואס זיינען קארג אויף ווערטער.

געוועהנליך גיט ער אפ צעהנדליגע זייטלעך אויף אן ענין, וועל־כער וואלט ביי א קליינעם שרייבער פארנעהמען בלויז עטליכע שורות. הייסט דאס דען אז די מילבען זיינען שטארקער פאר דעם לייב? ניין, עס הייסט נור, אז דער קליינער שרייבער זעהט ניט, פארשטעהט ניט און פיהלט ניט דאס וואס טאלסטאי זעהט, פארשטעהט און פיהלט: עס הייסט נור, אז דער קליינער שרייבער זאגט ווייניג, ווייל ער האט ווייניג וואס צו זאגען; און אז טאלסטאי פארנעהמט א מאסע בלעטער אויף דעם זעלבען ענין, ווייל זיין אויג זעהט טיעף און ברייט; ווייל זיין געדאנק בעלייכט פאר איהם די אונגעצעהלטע שטריכען און פארבען פון דער ווירקליכקייט; ווייל זיין איינביל־דונגס־קראפט האט פאר זיך דעם גאנצען פלאנטער פון דעם לעבענס־

מעכאַניזם, מיט אַלע זיינע רעדער און רעדלעך, שרויפען און שרייפע־לעך, ספרונזשינעס און ספרונזשינעלעך.

קורצקייט? ניט טאָלסטאָי׳ען און ניט דאָסטאָיעווסקי׳ן קען מען „לויבען“ פאַר אַזאַ „מעלה“. זיי ריידען ניט איבעריג, אָבער זייער קונסט פאָדערט אַ סך, אַ סך אינהאַלטסרייכע ווערטער — אַזוי רייך איז זי.

די וואָס זיינען ניט ענטוויקעלט גענוג אָפּצושאַצען די קינסט־לערישע גאונות פון אַזעלכע שרייבער ערקלעהרען, אַז זיי ריידען צו־פיעל, אַז זייערע ראָמאַנען זיינען צוצויגען, נודנע; אַז פון דער גע־וועהנליכסטער זאַך מאַכען זיי אַ גאַנצען וועזען און פערשרייבען פיע־לע בויגענס פאַפיר וועגען יעדע קלייניגקייט. אַז דאָס זיינען קלייניג־קייטען, וועלכע זיינען גרעסער ווי די סענזאַציאָנעלע גרויסע פּאַסי־רונגען פון שונד שרייבער — דאָס פערשטעהען זיי ניט.

מערקווירדיגע „קלייניגקייטען“ פון דיזען סאָרט געפינען מיר אין די עטליכע שורות, ווי איוואַן איליטש וואַשט זיך, פאַרקעמט זיך, און בייט איבער די העמד, ווייל ער האָט מורא צו קוקען אויף זיין אויסגעדאַרטען, אָבגעצערטען קערפּער. די עטליכע ווערטער וועגען דעם ווי „די האָר ליגט פלאַך צוגעקלעפּט צו זיין בלייכען שטערען“, זיינען אַן אמת׳ער דימענט. אָט דאָס זיינען פון יענע עטליכע ווער־טער, וואָס מאָלען אויף אַ גאַנצען בילד!

* * *

די סצענע ווי דער דאָקטאָר קומט אַריין פון פראָסט איז אויך אויסגעצייכענט; אָבער אין איהר פיהלט זיך טאָלסטאָי׳ס פער־זענליכער גיפט צו דאָקטוירים אין אַלגעמיין.

בשעת דער דאָקטאָר שטעלט זיך אויף די קניה, בויגט זיך אַריבער איבער׳ן חולה און הויבט איהם אָן אויסצוהערען, אויס־צוקלאַפּען, פערגעסט איוואַן איליטש ניט, אַז פיעלעס וואָס דער דאָקטאָר טהוט איז אַן אָנשטעל און אַ פּוסטע צערעמאָניע; און דאָך ווערט ער פעראינטערעסירט און ער פערהאַלט זיך צו דעם ערנסט. אָבער דאָס איז נור, ווייל ער איז אַזוי טיעף פעראינטע־

רעסירט אין דער פראגע פון זיין געזונט, אז דער קלענסטער פונק פון האפנונג מאכט אויף איהם אן איינדרוק. טאמער מיינט דער דאקטאר דאך ערנסט? טאמער וועט ער באלד קענען זאגען צו עס איז פאראן א מעגליכקייט אז ער זאל געזונט ווערען? אט דעריבער הערט זיך איוואן איליטש סעריעז צו, אנשטאדט צו קריי־צען מיט די ציין אויפ'ן דאקטאר פאר זיין פאלשע ראלע. ווייטער, איז זיין האס צום דאקטאר שטארק ווי אימער.

פראסקאוויא פיאדאראוונא קומט אריין מיט א גערויש פון איהר קלייד. די סצענע מיט איהר איז אויך אן אויסגעצייכענטע סצענע, און די עטליכע ווערטער, וועלכע שטעלען פאר איוואן איליטש'עס האס צו איהר, זיינען פול מיט קונסט. ער האט די פרוי שוין פון לאנג פיינט; אייגענטליך האט ער איהר קיין מאל ניט ליעב געהאט. איצט אבער האסט ער איהר מיט א בעזונדערע גיפט. ער פארגינט איהר ניט איהר געזונטען אויסזעהן; איהרע פוכקע ווייסע הענט, איהרע גלאנציגע האר. דער בליסטשענדער שיין פון איהרע לעבענס־פולע אויגען, און איהרע גרויסע, שטייפע בריסט מאכען איהם ווילד אזוי ווי דאס וואלט געווען א פאר־ברעכען. פון אזעלכע שטריכען ווערט א מענש און א סצענע אויפ־געמאלען ווי לעבעדיגע.

די עטליכע ווערטער וואס פראסקאוויא פיאדאראוונא זאגט צום דאקטאר, ווייזען ארויס א ביסעלע פארשטעלטע גיפט צו איהר מאן. און דאס אלץ, ווי אויך איהרע איראנישע ווערטער צום מאן, איז ריכטיג און לעבהאפט, צום בעוואונדערען. נור דורך דער גאנצער סצענע ציהט זיך ווי א שעטנז דעם פערפאסער'ס טענה, אז אלץ איז דורכגעדרונגען מיט פאלשקייט און אז איוואן איליטש קען דיעזע פאלשקייט ניט פארטראגען. איך רוף דאס שעטנז, ווייל דאס איז ניט קונסט נור מוסר. דאך אין איין פלאץ ווערט דער מוסר־זאגער פארשטויסען פון דעם קינסטלער. טאל־סטאי הערט אויף פארצושטעלען פראסקאוויא פיאדאראוונא אלס א פאלשע, עגאאיסטישע בעשעפעניש, וועלכע אינטערעסירט זיך ניט מיט איהר מאן'ס טראגעדיע, און ווייזט אין איהר דעם מענ־

שען. ווען זי זעהט ווי איהר מאַן פרעגט ביי'ן דאָקטאָר מיט אַ רחמנות־פּנים, אויב עס איז פאַראַן אַ האָפנונג אַז ער וועט געזונט ווערען, ווערט זי אַזוי געריהרט דערפון, אַז אַרויסגעהענדיג נאָך'ן דאָקטאָר אום איהם צו באַצאָהלען, צו־וויינט זי זיך.

ווי ווייט עס איז ריכטיג דעם דאָקטאָר'ס ענטפער אויף דעם חולה'ס פראַגע, ווייס איך ניט. איוואַן איליטש האָט געפרעגט אויב עס איז פאַראַן אַ האָפנונג און דער דאָקטאָר האָט איהם גע־ ענטפערט, אַז אויף געוויס זאָגען קען מען ניט, אָבער אַז אַ מעג־ ליכקייט איז פאַראַן. מיר דוכט אַז ער וואָלט געענטפערט, אונ־ געפעהר אַזוי: „געוויס איז פאַראַן אַ האָפנונג, און אַ סך מעהר ווי אַ האָפנונג!" ער וואָלט איהם געוויס וועלען בערוהיגען. ביי אונז אידען וואָלט קיין דאָקטאָר ניט געסמייעט צו זאָגען אַ קראַנ־ קען, אַז ער קען ניט זאָגען אויף געוויס, און אַז עס איז פאַראַן נור אַ מעגליכקייט אַז ער וועט בלייבען לעבען. ביי קריסטען מאַכט מען אַפילו וועניגער צערעמאָניעס אין אַזעלכע זאַכען. אָבער דאָך קען איך זיך ניט פאָרשטעלען אַז אַ רוסישער דאָקטאָר וואָלט געגעבען אַזאַ אַנטוואָרט אַ געבילדעטען פאַציענט. בלויז ביי די רוסישע פויערים רעדט מען אונטער אַזעלכע אומשטענדען ווי אַ „פּראָסטער חי וקים", וואָס אויפ'ן לונג דאָס אויפ'ן צונג.

טאָלסטאָי דערצעהלט אונז, אַז דעם דאָקטאָר'ס אַנטוואָרט האָט אויף איוואַן איליטש'ען געהאַט אַ גוטע ווירקונג; אַז פון דעם איז איהם אויף אַ ווײַלע פרעהליכער געוואָרען אויפ'ן הארצען. און דאָס מאַכט אויף מיר אויך ניט קיין איינדרוק אַז עס איז אַ ווירק־ ליכקייט. עס גלויבט זיך מיר ניט. איוואַן איליטש איז אַזוי עמפּפינדליך, אַזוי פול מיט פערדאַכט און שרעק וועגען טוידט, אַז דער קלענסטער אָנצוהערעניש אויף די מעגליכקייט פון טוידט ברייננגט אויף איהם אַרויף אַ שווערע מרה שחורה. אַלזאָ דוכט מיר, אַז פון אַזאַ אַנטוואָרט ווי דעם דאָקטאָר'ס (אַז מען קען ניט זאָגען אויף געוויס אויב עס איז פאַראַן אַ האָפנונג פאַר איהם) וואָלט ער ניט געוואָרען מונטערער און פרעהליכער, נור פאַרקעהרט, ער וואָלט אַריינגעפאַלען אין אַ פערצווייפלונג.

אָבער דאָס האָט ניט צו טהאָן מיט די הויפּט־פעהלערען פון דער ערצעהלונג. זיי שטאַמען פון טאָלסטאָי'ס רעליגיעזער פּראָ־פּאגאנדא, ווי מיר וועלען אויספיהרליך זעהן שפּעטער.

* * *

פּראַכטפול איז די גאַנצע סצענע וואו די פאַמיליע קומט אריין צום חולה, אלע אויסגעפּוצט צום געהן אין טהעאַטער. עס איז אן אונאַנגענעהמער מאָמענט. אלע שעהמען זיך פאַר'ן קראַנקען און פאַר זיך אליין. זיי וואָלטען וועלען וואָס שנעלער זיך בע־פרייען פון זייער אונאַנגענעהמער לאַגע און זיי ווייסען ניט ווי. זיי זיצען ווי אויף שפּילקעס. ענדליך טהוט דאָס די טאָכטער, די פערליעבטע כלה, און מיט א וואָרט, וועלכער רייסט זיך ביי איהר ארויס, זאָגט זי אוים פון חדר; זי גיט אַרויס וואָס ביי זיי אלע־מען טהוט זיך אויפ'ן הארצען. „אויב פאָהרען, דאן איז שוין צייט צו פאָהרען," האָט זי געזאָגט. דאָס הייסט, אז דאָס געוויסען פּלאָגט זיי פאַר וואָס זיי פאָהרען האָבען פערגני־גען בשעת דער פאָטער האַלט ביי'ן שטארבען. עס איז א פראַגע צי מען דאַרף נאָר פאָהרען אין טהעאַטער אין אזא צייט, און זי זאָגט אז אויב פאָהרען, דאן דאַרף מען זיך צואיילען.

דאָס איז איינער פון יענע דעליקאַטע פּסיכאָלאָגישע שטרי־כען, וועלכע טהוען מעהר אויף ווי בלעטער און בלעטער פון אויס־בערפלעכליכע ערקלעהרונגען און בעשרייבונגען. די סצענע איז אָפּגעמאָלען מיט ווערטער, יעדער פון וועלכע אָטהעמט אין איהר אריין לעבען. אָט זיצען זיי דאַכט זיך: פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונא „מיט איהרע דיקע, פאַרשנורעוועטע בריסט, מיט דעם סליאַד פון פּודרע אויפ'ן פּנים... א צופריעדענע אָבער עפּעס אזוי ווי א שולדיגע", אָט איז דער חתן, דער רייכער יונגער פּראַנט מיט זיין פראַק, מיט זיין אָנגעקראָכמאַלטע ווייסע העמד, מיט זיי־נע ענגע שווארצע הויזען, מיט זיין צונויפגעלייגטע אָפּערא הוט. און אָט איז די מיידעל, די פאַרליעבטע, די גליקליכע. (בעטראַכט די פּאָר ווערטער וועגען דעם אונטערשיעד צווישען איהר דע־

קאָלטירטען, האַלב נאַקעטען יונגען קערפּער און דעם אויסגעמור־טשעטען, אויסגעקריינקטען קערפּער פון איהר פאָטער.) איהר זעהט כמעט ווי ביי זיך אין האַרצען איז זי אונגעדולדיג און כמעט אין כעס אויפ׳ן פאָטער פאַר וואָס מיט זיין קראַנקהייט שטערט ער איהר הנאה צו האָבען פון איהר גליק. און וואָס פאַר א ריהרענדע, לעבענס-פולע, הערצרייסענדע פיגור עס איז דער אינגעל מיט זיין גימנאַזיע רעקעל, און ווייסינקע הענדשקעלעך, מיט זיינע בלאָע פלעקען אונטער די אויגען, מיט זיין צושראָקענעם, רחמנות׳דיגען קוק אויפ׳ן קראַנקען טאַטען! ער איז געווען דער איינציגער אין דער פאַמיליע, וועלכער האָט אויפ׳ן קראַנקען געהאַט אמת רחמנות, און איוואַן איליטש האָט דאָס געפיהלט, און דער אינגעל האָט איהם געריהרט דאָס האַרץ. דער אינגעל האָט אונטער די אויגען בלאָע פלעקען פון אונאַנשטענדיגע געוואוינהייטען, וועלכע פיעלע אינגלעך ענטוויקלען אין זיך. און דער פאָטער האָט פאַר־שטאַנען פון וואַנען דיעזע פלעקען נעהמען זיך ביי איהם. אָבער די מיאוס׳ע קינדערשע געוואוינהייט האָט דעם גימנאַזיסטעל ניט געשטערט צו האָבען א ליעבענדע האַרץ, צו זיין צום פאָטער שטאַרק צוגעבונדען און צו ליידען פון זיין טראַגעדיע פיעל מעהר ווי זיין מוטער און שוועסטער. אפשר וועט ער אויסוואַקסען א לייר־דענשאַפטס-צולאָזענער, אָבער מיט שטאַרקע, שעהנע געפיהלען אויך.

און ווי לעבענס-פול עס איז די סצענקע וואו די מאַמע מיט דער טאָכטער צו־ווערטלען זיך איבער דער פאַרגרעסער גלאָז!

דאָס אלץ זיינען איינצעלהייטען וועלכע שונד־שרייבער אָדער שרייבער פון כלומר׳שטדיגע ליטעראַטור וואָלט קיין מאָל אויפ׳ן זינען ניט אַרויפגעקומען. לעזענדיג טאָלסטאָי׳ס ערצעהלונג וואָל־טען זיי דאָס מסתמא ערקלעהרט פאַר גאַנץ איבעריגע, נודנע שטאָף. פאַר דעם אָבער וואָס פאַרשטעהט ליטעראַטור אלס א קונסט, וועל־כע מאָלט מענשען מיט זייער לעבען, מיט זייערע געפיהלען, זייי־נען אזעלכע איינצעלהייטען פול מיט מענשען-קענטשאַפט, און מיט קינסטלערישע פראַכט.

## IX

ביי דעם אָנפאַנג פון דעם ניינטען קאַפּיטעל געפינט זיך וויע־דער א שטעלע, וועלכע איז בעריהמט אומעטום, וואו מען ווייס ווי אַפּצושאַצען גוטע היינטיגע ליטעראַטור. דאָס איז איינע פון יענע שטעלען, וועגען וועלכע מען רעדט, ווען מען דערמאָנט די גרויס־קייט פון „דער טוידט פון איוואַן איליטש." איך מיין דעם חלום־געפיהל וואָס דער קראַנקער האָט געהאַט, ליעגענדיג אין זיין אונ־אַנגענעהמען שלאָף, א פּערדולטער פון דעם שלאָף־טרונק, וואָס מען האָט איהם איינגעגעבען.

איינע פון די שווערסטע זאַכען פאַרצושטעלען איז א חלום. דאָס רוב שרייבער (אפילו איינינע פון די טאַלאַנטפולע) קלעהרען אויס חלומות, וואָס זיינען עפּעס צו גלאַט. זיי מאַכען ניט קיין איינדרוק פון אַן אמת'ן חלום. עס קלינגט מיט אויסגעטראַכט־קייט. די ליטעראַטור איז פול מיט אַזעלכע פאַבריצירטע חלומות, וועלכע שמעקען מיט פאַבריק. ביי אַזעלכע קינסטלער ווי טאָל־סטאָי אָבער האָט א חלום דעם ריח פון אַן אמת'ן חלום.

אויסלעהרנען זיך פאָרשטעלען אַזעלכע זאַכען מיט א אי־בערצייגענדע קראַפט קען מען ניט. קיינע לעהרער אָדער פּראָפע־סאָרען זיינען ניטאָ אויף דעם. פאַרשריעבענע רעצעפּטען אדער טריקס וועלען דאָ אויך ניט העלפען. מיט'ן שכל קען מען דאָ אויך גאָר ניט אויפטהאָן. מען מוז האָבען א געבאָרענע איינביל־דונגס־קראַפט דערצו.

שלאָפענדיג פון אָפּיום, האָט איוואַן איליטש געהאַט א שווע־רען חלום, אַן אָפּדוכטעניש, וועלכע שפּיגעלט אין זיך אָפּ אויף

אַן עכט חלום־שטייגער דעם גייסטיגען צושטאַנד, אין וועלכען ער געפינט זיך דיעזע טעג. עס דוכט זיך איהם אַז מען שפּאַרט איהם עפּעס אין אַ שמאָלען, שוואַרצען, טיעפען זאַק. מען סטאַרעט זיך איהם צו רוקען אַלץ ווייטער, און מען קען איהם ניט דורכרוקען. און פון דיעזער שרעקליכער זאַך האָט ער וועהטאָג. ער האָט מורא, און דאָך וויל ער אַליין העלפען די וואָס שפּאַרען איהם, ער וויל אַליין שוין אַריינפאַלען ווייט אַרונטער אין דעם שמאָלען זאַק. ער ראַנגעלט זיך, און דאָך העלפט ער. (אָדער אפשר ראַנגעלט ער זיך דאָס טאַקי מיט די שמאָלקייט פון'ם זאַק? ווער קען וויסען? ס'איז אַ חלום.) פּלוצלונג האָט ער זיך אַזוי ווי אָפּגעריסען, און געפאַלען, און דערביי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. דאַן האָט ער דערזעהן, אַז צופוסען אויף זיין בעט זיצט דער גוטער עהרליכער פּויער געראַסים דרעמלענדיג און האַלטענדיג זיינע (איוואַן איליטש'עס) פיס מיט די זאָקען ביי זיך אויף די פּלייצעס. אויפ'ן טיש שטעהט די זעלבע צוגעדעקטע ליכט, וועלכע האָט געברענט נעכטען ביי נאַכט, און אין בויך פיהלט איוואַן איליטש דעם זעלבען נאָגענדען וועהטאָג, וואָס ער האָט געהאַט בשעת מען האָט איהם פאַרשלעפערט מיט די אָפּיום.

עס וועלען אפשר זיך געפינען לעזער, וועלכע וועלען זיך קלעהרען: מיט וואָס איז דאָס אַלץ אַזוי מערקווירדיג? וואו ליעגט דאָ די גרויסע קונסט? נו, האָט זיך דעם חולה גע'חלום'ט אַ זאַק! נו, האָט ער דערקענט די ליכט מיט דעם וועהטאָג וועלכע ער האָט איבערגעלאָזען מיט דריי שטונדען פריהער, ווען ער איז אנשלאָפען געוואָרען דורך אָפּיום!

איך וואָלט זעהר וועלען אַזעלכע לעזער געבען צו פ א ר ש ט ע ה ן וואו דאָ ליגט די קונסט, אָבער איך מוז מודה זיין, אַז איך קען דאָס ניט טהאָן. ליידער קען מען ניט אַלעס ערקלעהרען מיט אַ שכל, הויפּטזעכליך אין קונסט־זאַכען, וועלכע האָבען ניט צו טהאָן מיט'ן שכל נור מיט אונזער פעהיגקייט זיך פאַרצושטעלע זאַכען אין געדאַנקען, און מיט אונזערע געפיהלען.

קען מען בעווייזען, ווארום קארוסא׳ס געזאנג איז וואונדער־שעהן? פונקט אזוי אונמעגליך איז צו בעווייזען מיט וואס די שטעלע וועגען דעם זאק איז וואונדערליך קינסטלעריש, וואונ־דערליך אמת, וואונדערליך טיעף און גרויס.

* * *

וואס נעהנטער מיר קומען צו צו דעם ענד פון דער טראגעדיע, אלץ טיעפער און שרעקליכער ווערט די טראגעדיע, און אלץ וואונ־דערבארער ווערט טאלסטאי׳ס קונסט אלס מענשען־מאהלער און נשמה־קענער. ליידער ווערט דער הויפט־חסרון פון דער ערצעהלונג אויך גרעסער, אבער דאס הויבט זיך אן צו פיהלען ערשט ווייטער. דערווײַלע האבען מיר שורות, וועלכע זיינען פראכטפול מיט אזא מין פראכט, און טיעף מיט אזא מין טיעפקייט, אז בלויז דער ווארט הייליג קען אויסדריקען דעם איינדרוק וואס זיי מאכען. עס ווילט זיך צו זיי בוקען ווי צו א הייליגטהום.

לעזט ווידער די שטעלע, וואו איוואן איליטש שיקט גע־ראסים׳ען ארויס פון זיין צימער און בלייבענדיג איינער אליין צו־וויינט ער זיך ווי א קינד.

וועגען וואס האט ער געוויינט? וועגען זיין איינזאמקייט און עלענד, וועגען זיינע יסורים און הילפלאזיגקייט, וועגען דער מערדערליכקייט פון מענשען און פון גאט און וועגען דעם וואס עס איז ניטא קיין גאט — ניטא אפילו ווער צו בעשולדיגען איז זיין אונגליק... פון דער אלטער געוואהנהייט דוכט זיך איהם אז גאט פיהרט דאס איהם צום טוידט און ער בעקלאגט זיך אויף זיין רציחה. ער דערמאנט זיך אבער גלייך אז עס איז גאר ניטא קיין גאט. אזא שרעקליכע רציחה, און עס איז אפילו ניטא קיין רוצח!

ער שרייט ביי זיך אין הארצען, ער טענה׳ט, ער וויינט: „צו וואס האסטו מיר געבראכט אויף דער וועלט? צו וואס מוטשעסטו מיר אזוי?" און ער ווייס אליין ניט צו וועמען ער שרייט דאס, ווארים עס איז אפילו ניטא צו וועמען צו שרייען, ניטא צו וועמען צו וויינען.

ווען מען ברויכט דעם אויסדרוק: „אַ שטימע וואָס שרייט אין דער וויסטעניש," מיינט מען מיט דעם אז עס איז ניטאָ ווער עס זאָל קומען העלפען. אָבער דאָ איז די טראַגעדיע נאָך טיעפּער. ווען דער וואָס שרייט אין דער וויסטעניש איז אַ גלויביגער, קען ער כאָטש זיך אויסוויינען דאָס האַרץ פאַר גאָט. און איוואַן אי־ליטש האָט אַפילו ניט פאַר וועמען דאָס האַרץ זיך אויסצו־וויינען; ער האָט ניט צו וועמען זיין שרעקליכע קלאַגע אויסצוגיסען.

ער ווייס אז עס איז ניטאָ קיין גאָט, אז קיינער האָט איהם ניט געבראַכט אויף דער וועלט און קיינער איז ניט שולדיג אין זיין אַוועקגעהן פון דער וועלט. זיין האַרץ וויינט, און טענה'ט; זי מוז האָבען צו וועמען צו וויינען און טענה'ן. אַלזאָ שטעלט זיך איוואַן איליטש פאַר אז ער רעדט פאַרט צו גאָט.

ער זאָגט אין זיינע געדאַנקען:

„צו וואָס האָסטו דאָס אַלץ געמאַכט? צו וואָס האָסטו מיר געבראַכט אויף דער וועלט? צו וואָס, צו וואָס מוטשעסטו מיר אַזוי שטאַרק?"

ער ווייס אז עס איז ניטאָ ווער עס זאָל איהם ענטפערן און ער וויינט פאַר וואָס עס קען זיין קיין אַנטוואָרט אויף זיינע טענות. ער וויינט פאַר וואָס עס ווערט געגען איהם בעגאַנגען די מערדערליכסטע עולה, און עס איז אַפילו ניטאָ אויף וועמען דעם בלבול צו מאַכען.

אָבער פאָרשטעלען זיך אז דאָס אַלעס ווערט געטהאָן געגען איהם גאָר אָהן אַ טהוער קען ער ניט. אַזוי איז שוין די מענשלי־כע נאַטור: קיין טהאַטען וואָס ווערען געטהאָן „פון זיך אַליין" זיינען אייגענטליך אין אונזער געדאַנק ניטאָ. מיר מוזען זיך פאָרשטעלען אז זיי ווערען געטהאָן פון אימיצען. נו, איז דער אי־מיצער אַ גאָט. און צו דיזען געטליכען געשטאַלט רעדט אי־וואַן איליטש ווייטער.

דער בויך־וועהטאָג הויבט איהם ווידער אָן צו מוטשען. אַלזאָ זאָגט ער צו גאָט מיט אַ להבעים טאָן, אַזוי ווי אַ בייזער

אינגעל, ווען די מאמע שלאָגט איהם: „א נו, שלאָג! שלאָג! מוטשע מיך!"

דער וועהטאָג הערט ניט אויף און איוואן איליטש שרייט: „אבער פאר וואס? וואס האָב איך דיר געטהאָן? פאר וואס קומט דאָס מיר?"

און ווידער איז ניטאָ ווער עס זאָל ענטפערען.

איז מעגליך, אז איוואן איליטש זאָל פיהלען דאָס וואס טאָל־סטאָי שטעלט דאָ פאָר? איז מעגליך אז ער זאָל שטעלען אזעל־כע פראגען, אויסריידען אזעלכע טענות?

דער אַנטוואָרט איז אַז ניט נור איז דאָס מעגליך, נור אז אי־וואן איליטש האָט געווים אזוי געפיהלט און אזוי גערעדט ביי זיך אין הארצען. ער האָט ניט געזאָגט די ווערטער וועלכע טאָל־סטאָי שרייבט אוים. ווען איהר וואָלט איהם (איוואן איליטש'ן) געפרעגט, ווי אזוי ער האָט אין אזא מאָמענט גערעדט צו זיך, וואָלט ער געווים די דאָזיגע ווערטער ניט געברויכט. און ווען ער וואָלט די שטעלע געלעזען ביי טאָלסטאָי'ען, וואָלט ער אין איהר זיינע אייגענע געדאנקען ניט דערקענט. און דאָך איז טאָלסטאָי'ס שילדערונג ריכטיג, טיעף ריכטיג.

אייגענטליך האנדעלט זיך דאָ נור וועגען א שטימונג. עס הייסט ניט אז די רייד, וועלכע טאָלסטאָי גיט דאָ איבער, האָט טאקי איוואן איליטש געזאָגט אין זיין געדאנקען. עס הייסט נור, אז דיעזע רייד דריקען אוים די שטימונג אין וועלכע איוואן אי־ליטש האָט זיך אין יענעם מאָמענט געפונען. ער איז געווען דורכ־געדרונגען מיט א געפיהל אז מען שלעפּט איהם צום טוידט, אז ער וויים ניט פאר וואָס דאָס קומט איהם, אז ער וויים ניט צו וואס מען האָט איהם בעדארפט ברייגגען אויף דער וועלט און פאר וואס מען וויל איהם איצט פערניכטען. ניט מיט ווערטער, נור מיט דער גאנצער נשמה האָט ער וועגען דעם געוויינט. זיין נשמה האָט געשריען צו גאָט און זיין נשמה האָט צו דער זעלבער צייט געוואוסט אז עס איז גאָר ניטאָ קיין גאָט, ניטאָ צו וועמען צו וויינען, צו טענה'ן, וועמען צו בעשולדיגען. פרופט זיך פאר־

שטעלען דעם טיעפען אָבגרונד פון פערצווייפלונג, אין וועלכער א מענש געפינט זיך אין אזא שטימונג.

טאָלסטאָי'ס גרויסקייט צייגט זיך דאָ ארויס אין דעם, וואס דיעזע פיעלפאַכע, דעליקאַטע און טיעפע שטימונג האָט ער גע־וואוסט ווי צו ד ר א מ א ט י ז י ר ע ן. ער האָט איהר פאָרגע־שטעלט אין דער פאָרמע פון רייד, מיט אזעלכע ווערטער, אז מיר קענען איהר דאכט זיך הערען און זעהן, די שטימונג.

איהר הערט מוזיק. איהר פיהלט אז דער נגון דריקט עפּעס אויס. ער רעדט, ער ריהרט אייך. ער רייצט אייך. ער רעגט אייך אויף.

וואָס זאָגט ער, דער נגון? וואָס דריקט ער אויס?

א שרייבער נעהמט א פעדער און שרייבט אויף מיט ווער־טער וואס דער נגון זאָגט. אָבער די מוזיק האָט דאָך מיט ווער־טער ניט גערעדט, איהר שפּראַך איז גאָר אַנאַנדערע — א שפּראַך אָהן ווערטער!

עס הייסט אַלזאָ אז דער שרייבער גיט איבער אויף זיין שטייגער, מיט ווערטער, דאָס וואָס די מוזיק האָט אויסגעדריקט אויף איהר שטייגער.

עהנליכעס האָבען מיר דאָ. איוואן איליטש'עס הארץ האָט גערעדט און געוויינט אזוי ווי א פיעדעל, אָדער ווי א גאַנצער אָר־קעסטער. און טאָלסטאָי האָט מיט ווערטער איבערגעגעבען דאָס וואָס דער אָרקעסטער האָט אויסגעדריקט.

דאָס וואָס קומט פאָר ביי א מענשען אין הארצען אין א סע־קונדע, איז אָפט אזוי פערפלאָנטערט, אזוי רייך, אז אום דאָס איבערצוגעבען מיט ווערטער וואָלט מען אפשר מוזען ריידען צעהנ־דליגע מינוטען. עס איז אָבער ניט נויטיג. עס איז גענוג צו כאַ־פּען דעם עיקר־פּונקט, דעם עיקר־וואָרט.

איוואן איליטש האָט זיך געפונען אין דעם דערמאָנטען צו־שטאַנד ניט בלויז א סעקונדע נור שטונדען־ווייז, פיליייכט טעג־ווייז. אָבער דער זעלבער צושטאַנד האָט פערשיעדענע פאָרמען, פערשיעדענע מאָמענטען. די נשמה שטעהט ניט אויף אן אָרט.

זי רוהט ניט. עס בייטען זיך איהרע שטימונגען און אין יעדער שטימונג בייטען זיך די פארמען, אזוי ווי עס בייטען זיך די טע־נער אין א סימפאניע; אבער אזוי ווי די פערשיעדענע טענער און פי־צעלער ניגון פון דער סימפאניע האבען, אלע אין איינעם, איין אלגעמיינעם זין, אזוי האבען די פערשיעדענע פארמען פון א שטי־מונג איין אלגעמיינעם טעם.

און דאס ווערט איבערגעגעבען אין די ווערטער, מיט וועל־כע איוואן איליטש וויינט, טענה'ט און שרייט ביי זיך אין גע־דאנקען, ווי טאלסטאי שטעלט דאס פאר.

* * *

איוואן איליטש'ען ווילט זיך לעבען. דאס לעבען איז אין זיי־נע אויגען אזוי גוט, אזוי שעהן; אלזא דורשט ער ווייטער פון איהם צו געניסען.

דאס איז ריכטיג און נאטירליך.

איוואן איליטש בעטראכט זיין פערגאנגענהייט און זוכט אין איהר די צייטען, ווען ער האט געהאט פערגניגען און פרייד. אבער אזעלכע צייטען געפינט ער נור אין זיינע קינדער־יאהרען און אינגעל־יאהרען. ווייטער, זינט ער איז געווארען א מענש מיט זיין איצטיגען „איך", האט ער קיין הנאה פון לעבען ניט געהאט. ווי מיר האבען שוין באמערקט אין פאריגע נאטיצען, זעהט ער זיך קראנקערהייט ארום, אז ווען ער איז געווען געזונט, איז איהם אויך ניט געווען גוט.

איז דאס ריכטיג און נאטירליך? אי יא אי ניין! מיר וועלען זעהן.

כמעט קיינער איז קיין מאל ניט צופריעדען מיט זיין לעבען; א פשיטא שוין איוואן איליטש, וועלכער האט ווירקליך פערבראכט זיינע יאהרען אין פארשטיקטע אונאנגענעהמליכקייטען און בע־האלטענע צרות: זיין פרוי האט ער ניט געליעבט, און קיין גייס־טיגער חבר איז זי צו איהם ניט געווען. אנשטאט חבר'שאפט, פריינדשאפט, ליעבע, איז צווישען זיי כמעט אימער געווען א שנאה, א פארבארגענע אדער אן אפענע. ביי זיך אין דער היים

האָט ער אַלזאָ קיין נחת נים געהאַט. אויף זיין שטעלע, וויעדער, האָט ער געטראָגען דעם יאָך פון קאַלטע, טוידטע פליכטען, אומ־זיסטע ערוואַרטונגען און קלעטערנישען, און אַ שטענדיגע נויט אין געלט.

איך גלויב אַז, ווען איוואַן איליטש איז נאָך געווען פאַל־שטענדיג געזונט, האָט ער אויך געוואוסט, אַז ער האָט ווייניג הנאה פון לעבען.

פון צייט צו צייט פאַלט אויף יעדען מענשען אַרויף אַזאַ גע־מיטה, אַז ער בעטראַכט פעסימיסטיש זיין פערגאַנגענהייט. און דאָס רוב, אין אַזעלכע מאָמענטען, קומט מען צום שלום, אַז מען האָט נאָך גאָר נים געלעבט; אַזוי איז שוין די טבע פון אַ מענשען, אפילו פון דעם גליקליכסטען. דאָס וואָס איז שוין אָבגעלעבט, מאַכט דאָן אַ שלעכטען איינדרוק (סיידען די קינדער יאָהרען ביי'ן טאַטען־מאַמען). עס ווילט זיך אָנהויבען פון דאָס נייע. דאָס וואָס איז אָבגעלעבט מאַכט מען צו קליין־געלט, אָדער מען זעהט אין דעם נור דונקעלהייט. וויכטיג איז נור דאָס ווייטערדיגע. דאָס לעבען פאַנגט זיך אָן פון איצט.

אַזוי פיהלט דער געזונטער מענש פון צייט צו צייט. דאָס איז אַלזאָ נור אַ שטימונג אַזאַ. אימער פיהלט זיך דער געזונ־טער מענש נים אַזוי. ער האָט אָפּטימיסטישע מינוטען אויך, אפילו דער אָרימסטער און דער אונגליקליכסטער. און אפילו אין די ערגסטע צייטען פון זיין פערגאַנגענהייט קען יעדער זעהן שטראַהלען פון נחת. אפילו נאָך די ערגסטע צייטען קען ער בענקען.

דאָס אַלץ איז וועגען אַ געזונטען מענש. לאָמיר איצט בע־טראַכטען ווי אַ קראַנקער פיהלט וועגען זיין פערגאַנגענהייט.

ווען אַ מענש ליעגט אין אַ קראַנקען־בעט דוכט זיך איהם אַז געזונטהייט איז דער גרעסטער גליק, וואָס מען קען נור געניסען.

ביי אַ קראַנקען זיינען דעריבער פאַראַן מאָמענטען, וועניגס־טענס, ווען איהם דוכט זיך, אַז געזונטערהייט איז ער געווען גליק־ליך. ער קען פראָסט נים פאַרשטעהן פאַר וואָס ער פלעגט פריהער

ניט צופריעדען זיין מיט זיין לעבען. וואלט ער נור איצט געזונט געווארען, וואלט ער שוין געוואוסט ווי צו שעצען דאס לעבען! אזוי דוכט זיך דעם קראנקען מאמענטען־ווייז וועניגסטענס.

ווען טאלסטאי וואלט פארגעשטעלט אזעלכע מאמענטען און אויך אזעלכע, ווען איוואן איליטש קוקט אויף זיין פערגאנגענהייט פעסימיסטיש, וואלט דאס געשטימט מיט דער ווירקליכקייט, ווי מיר ווייסען איהר. דאס טהוט אבער טאלסטאי ניט. ער שטעלט פאר ווי איוואן איליטש טראכט וועגען זיין פערגאנגענהייט נור פעסימיסטיש. בלויז אין זיינע קינדער יאהרען געפינט ער גליק. ווייטער, אין זיינע שפעטערדיגע יאהרען, אלס ערוואקסענער מענש, אלס איוואן איליטש מיט זיין איצטיגען „איך", זעהט ער קיין מאל קיין שטראהל פון ליכט ניט. און דאס גלויבט זיך מיר ניט.

איך גלויב אז טאלסטאי'ס מוח איז דא פארדונקעלט געווארען פון זיין פלאן צו ווייזען אז איוואן איליטש'ען איז געווען שרעק־ליך צו שטארבען ווייל ער האט ניט געלעבט אמת ארענטליך. ווי מיר ועלען באלד זעהן, וויל ער דורכפיהרען א געדאנק, אז דער וואס לעבט אמת ארענטליך און מיט קריסטליכע מענשען־ליעבע, יענער לעבט ליכטיג און שטארבט אהן שרעק; אט דיזער פלאן האט איהם פארטומעלט.

* * *

אין די עראינערונג פון איוואן איליטש'עס פערגאנגענעם לע־בען, געפינען זיך איינינע מערקווירדיגע קלייניגקייטען. נעהמט צום ביישפיעל דיעזע עטליכע ווערטער:

„און דאן (נאך דער חתונה) די ענטטוישונג, און דער גערוך פון זיין פרוי'ס מויל, און די תאוה און די כלומר'שטינע ליעבע!"

ווי שרעקליך עס זיינען די ווערטער:

„און אט איז שוין אלץ גענענדיגט — נעה שטארבען!"

דאס הייסט: נאך גאר ניט געלעבט, און שוין א סוף!

עס גלויבט זיך איוואן איליטש'ען נעבעך ניט. וואס פאר א זין האט עס? ווי באלד אז ער האט נאך גאר ניט געלעבט, טא פאר וואס זאל ער שוין שטארבען, און נאך שטארבען מיט אזעל־

כע יסורים? עס קומט איהם אויס אונבעגרייפליך. עס איז אַן אונפערשטענדליכע רציחה!

דאָ פאַנגט זיך אָן אַ פראַגע, וועלכע פיהרט שפּעטער צו טאָל־סטאָי׳ס פּלאַן. עס הויבט זיך אָן צו פיהלען, אַז די פריהערדיגע שורות, וואו דער חולה בעטראַכט זיין לעבען, זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרען אומישנע, אום צו־צופיהרען צו אַ מאָראַליסטישער דרשה.

די פראַגע שטעלט זיך איוואַן איליטש. ער פרעגט זיך: אפשר האָט ער ניט געלעבט ווי מען דאַרף? אפשר האָט ער זיך ניט ריכטיג אויפגעפיהרט? איוואַן איליטש ענטפערט צוערשט, אַז ער האָט געלעבט ווי עס בעדאַרף צו זיין און זיך אויפגעפיהרט ריכטיג. און טאָלסטאָי בעמערקט דערביי, אַז אויף דיזער אַרט האָט איוואַן איליטש „פון זיך אָ ו ו ע ק ג ע ט ר י ב ע ן ד ע ם א י י נ צ י ג ע ן אַ נ ט װ אָ ר ט א ו י ף ד ע ר ר ע ט ע נ י ש פ ו ן ל ע ב ע ן א ו ן ט ו י ד ט." (מיר שטרייכען דיעזע עטליכע ווערטער אונטער כדי דער לעזער זאָל זיי האָבען אין זינען אויף שפּעטער. אין זיי ליעגט דער מיטעל־פּונקט פון טאָלסטאָי׳ס מיין, און דער מיטעל־פּונקט פון דעם הויפּט חסרון פון וועלכען עס ליידט די גאַנצע ערצעהלונג).

דאָס הייסט אַז אַ לעבען פון שטרייגנע וואָהרהייט, מאָראַ־לישע ריינקייט און מענשען־ליעבע איז דער איינציגער מיטעל צו לייזען די רעטעניש פון לעבען און טוידט.

טאָלסטאָי האָט פיעל געטראַכט וועגען טוידט. ער האָט גע־זוכט אַ מיטעל צו שטאַרבען רוהיג, אָהן טוידט־שרעק, און אין דעם „טוידט פון איוואַן איליטש" גיט ער דעם מיטעל, וואָס ער האָט אויסגעפונען.

אייגענטליך איז זיין רעצעפּט קיין נייעס ניט. מען הערט דאָס זעלבע פון אַנדערע אויך — פון אַלט־מאָדישע, אונוויסענדע פרומע מענשען, אַזוי גוט ווי פון געבילדעטע הייגטיגע אידעאַ־ליסטען. די פרומאַקעס זאָגען: „דער וואָס געהט אין גאָט׳ס וועג, יענער שטאַרבט אַ גרינגען טוידט, וואָרים ער האָט ניט מורא פאַר

יענער וועלט. ער קען זיך מיט זיין שעפּפער בעגעגנען מיט א גרינגע הארץ. ער האָט ניט וואָס זיך צו שרעקען פאר „שמיץ מיט אייזערנע ריטער.“ און דער געבילדעטער אידעאליסט זאָגט: „דער וואָס פיהרט א ריינעם, נוצליכען, נאָבעלען לעבען, יענער שטארבט מיט א ריינעם געוויסען.“ מיט דעם מיינט מען, אז א פיינער, גוטער מענש שטארבט א לייכטערען טוידט. אָבער ווי די מעשה איז, צי טאָלסטאָי האָט א פּאטענט אויף דעם רעצעפּט צי ניט, זיין רפואה געגען טוידט־שרעק בעשטעהט אין א הויך־מאָראלישען לעבען.

ווירקט דיעזע רפואה?

מיר דאכט אז ניט.

מיר זעהען אָפט אז די בעסטע מענשען ציטערען פאר'ן טוידט, וועהרענד די עקעלהאפטסטע פארברעכער און אויסוואור־פען געהען צום טוידט ווי צום טאנץ.

איך גלויב, אז דאָס איז הויפּטזעכליך א פראגע פון טעמ־פּעראמענט, פון נערוועז.

נאָך א זאך: דער הויך מאָראלישער מענש, דער וואָס האָט א דעליקאטען געוויסען, פיהלט געווינסענביסע וועגען די קלענסטע זאך, וועהרענד דער הארצלאָזער בויאן האָט א קופּפערנעם שטע־רען, א דיקע הויט אויף זיך, און א דעמבענעם געוויסען אין זיך. דער ערשטער איז זעלטען ווען צופריעדען מיט זיך. ער נעהמט זיך אימער דעם לעבען פאר דער טהאט, פאר יענער טהאט. ביי דעם גראָבען, קאלטען נפש אָבער, פרעגט זיין געוויסען קיין קשיות ניט. ער שלאָפט רוהיגער און שטארבט רוהיגער.

ווען מען זאָגט, אז דער־און־דער איז א מאָראלישער מענש, און אז ער לעבט א ריינעם לעבען, מיינט מען דאָס נור פערהעלטניס־מעסיג. קיין אבסאָלוטע צדיקים, גאָר אָהן א שפּרינקעלע, זיינען אויף דער וועלט ניטאָ, און מען דארף זיי ניט אויך. ווען די וועלט וואָלט בעשטאַנען לויטער פון הייליגע, וואָלט געווען לאנגוויילי־ג צו לעבען; נו, און דער פערהעלטניסמעסיגער צדיק איז אָפט גע־נייגט צו איבערטרייבען יעדען פעהלער וואָס ער בעגעהט.

אַלזאָ, אויב די פראַגע ווי אַזוי צו שטאַרבען רוהיג וואָלט זיך ווענדען אָן דער פראַגע צי מען האָט געלעבט ווי עס בעדאַרף צו זיין, דאַן וואָלט אויסגעקומען פונקט פערקעהרט. טאָלסטאָי'ס רעצעפּט וואָלט מען דאַרפען איבערקעהרען; עס וואָלט הייסען: אום צו שטאַרבען רוהיג, דאַרף מען האָבען אַ גראָבען געוויסען; אַז דער וואָס לעבט ווי אַ בויאַנסקער ענגאַאיסט און האָט אַלץ „אין דער ערד", יענער וועט ביי'ן שטאַרבען האָבען דעם מלאך המות „אין דער ערד".

פערביינגעהענדיג ווילט זיך פרעגען: האָט איוואַן איליטש געהאַט אַ ספּעציעל דעליקאַטען געוויסען? לויט טאָלסטאָי'ס פריהערדיגע שילדערונג מוזען מיר זאָגען אַז ניט! ער פלעגט זיך צו אַלץ פערהאַלטען לייכט. פון קיין מאָראַלישע פראַגען פלעגט ער זיך דאָס האַרץ ניט אָפּעסען.

פון אַ געוויסע פּאָר ווערטער פון דער ערצעהלונג ווייסען מיר, אַז ווען איוואַן איליטש איז געווען געזונט האָט ער אַ מאָל — זעהר זעלטען — געהאַט מינוטען פון געוויסענסביסע, פּאָר וואָס ער לעבט אַ לעבען פון חניפה, פון פאַלשע ראָלען; פון קאַלטע, האַרצלאָזע פערהעלטניסע צו די מענשען, וועלכע ער משפּט. אָבער זיין געוויסענסביסע אין אַזעלכע מאָמענטען איז געווען זעהר אַ שוואַכע, און ער פלעגט איהר גלייך אַרויסטרייבען פון קאָפּ. דאָס זיינען יעווען שוואַכינקע, בלאַסינקע פונקעלעך, וועלכע האָבען קיין ממשות ניט געהאַט: און זיי פלעגען דורכפליהען דורך איוואַן איליטש'עס געוויסען אַזוי זעלטען, אַז עס איז ניטאָ זיי וואָס צו רעכענען.

שוואַכינקע פונקען פון געוויסענסביסע פליהען אַ מאָל דורך ביי דעם ערגסטען מענשען אויך.

נאָר לאָמיר פאָרלויפיג פערגעסען דעם רעצעפּט מיט דעם „מיין" וואָס טאָלסטאָי האָט דאָ דורכאויס. ווען מיר פערגעסען דאָס, זיינען די נעקסטע עטליכע שורות ווידער מערקווירדיג גוט.

איוואַן איליטש פרעגט ביי זיך וואָס איהם וואָלט זיך וועלען: ווייטער לעבען? ווי אַזוי לעבען ווייטער? און ער שטעלט זיך

פאר ווי אזוי ער פיהלט זיך אלס ריכטער, אין זיין וואזשנע ראלע, ווען דער גאנצער געריכטס־זאל בעגעגענט איהם מיט רעספעקט און פורכט; בשעת מען רופט אויס די ווערטער: „דאס געריכט קומט!" און ווי איוואן איליטש שטעלט זיך דאס אזוי פאר, דערמאנט ער זיך אן זיין איצטיגער לאגע, וואו ער איז דער בע־שולדיגטער, און דער טוידט איז דער ריכטער. דערביי שרייט ער ביי זיך אין געדאנקען: „אבער איך בין דאך אונשולדיג! פאר וואס?"

דאס אלץ איז ריכטיג. עס איז נאטירליך, אז דעם שטאר־בענדען (אויב ער קלעהרט וועגען דעם קומענדען טוידט) זאל זיך דוכטען, אזוי ווי מען וואלט זיך אויף איהם אנגעלעגט. עס איז נאטירליך, אז איהם זאל זיך דוכטען עפעס אזוי, ווי דאס וואלט געווען א שטראף, און שרייען: „גוואלד, פאר וואס קומט דאס מיר?" איוואן איליטש קען אלץ ניט בענעהמען פאר וואס איהם קומט אזא שטראף.

אין א געריכט זאגט מען דעם אנגעקלאגטען אין וואס עס בע־שטעהט זיין פערברעכען פאר וועלכען מען וויל איהם בעשטראפען; און איהם,איוואן איליטש'ען, בעשטראפט מען מיט די שרעקליכס־טע יסורים און מיט'ן טוידט, און מען זאגט איהם אפילו ניט פאר וואס דאס קומט איהם. ניטא קיין ריכטער, ניטא קיין פערברע־כען, נור א שטראף איז דא! פאר וואס? גוואלד פאר וואס?

* * *

דער ניינטער קאפיטעל ווערט געשלאסען מיט איוואן אי־ליטש'עס פראגע: איז די שרעקליכע שטראף אויף איהם אנגע־שיקט געווארען דערפאר וואס ער האט ניט געלעבט ריכטיג? און דיזעלבע פראגע טרייבט ער גלייך אוועק פון זיך אלס אן אונמעג־ליכקייט. ער איז זיכער ביי זיך, אז ער האט געלעבט ריכטיג. לעגט זיך דאס אויפ'ן שכל?

ווען איוואן איליטש וואלט געווען א גלויביגער, וואלט גע־ווען נאטירליך ער זאל זיך פרעגען, אויב זיין שרעקליכע קראנק־הייט איז א שטראף פאר זיינע זינד. אבער ערשטענס, ווען ער

וואָלט געווען אַ גלויביגער, וואָלט ער דיזע פראַגע ניט אוועקגעמאַכט מיט'ן האַנט. אַ גלויביגער קען ניט מיינען, אַז ער האָט אַבסאָלוט קיין שום זינד ניט אויף זיך, אפילו ווען ער זאָל זיין דער גרעס־טער צדיק.

צווייטענס, איז איוואַן איליטש ניט קיין גלויביגער. מיר האָבען געזעהן, אַז ער גלויבט ניט אין גאָט. אין זיין לעבען האָט די רעליגיאָן קיין שום ראָלע ניט געשפּיעלט.

אפשר האָט ער איצט, ליגענדיג ביי'ן שוועל פון טוידט, אָנ־געהויבען צו צווייפלען, טאָמער איז פאָרט דאָ אַ גאָט? אַזעלכע זאַכען טרעפען ניט זעלטען. דאָס וואָלט געווען נאַטירליך. אָבער עס איז מעהר ווי דייטליך, אַז ניט דאָס האָט טאָלסטאָי דאָ גע־מיינט פאָרצושטעלען. ווען איוואַן איליטש וואָלט זיך געשראָקען טאָמער איז פאָרט דאָ אַ גאָט, וואָלט ער זיך געשראָקען פאַר יענע וועלט, מיט איהר גיהנם. דאָס וואָלט דער שרייבער געוויס פאָר־געשטעלט, און טאָלסטאָי ריהרט דאָס אפילו ניט אָן.

עס האַנדעלט זיך ניט וועגען איוואַן איליטש'עס מורא פאַר גאָט, נור פאַר זיין געוויסען.

אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל האָבען מיר געזעהן, אַז קראַנ־קערהייט האָט איוואַן איליטש זיך אַ מאָל צוגעהערט צו אַ מעשה וועגען דעם, ווי אימיצער איז אויסגעהיילט געוואָרען פון אַ קראַנק־הייט דורך הייליגע בילדער. ער האָט זיך צוגעהערט, און אויף אַ מינוט האָט ער דאָס זאָגאַר געגלויבט. ער האָט זיך גלייך גע־כאַפּט, און זיך דערשראָקען פאַר זיך אַליין, פאַר וואָס ער לאָזט זיך אַזוי אַרונטער און גלויבט אין אַזעלכע נארישקייטען. דאָס אַלץ איז ריכטיג און לעבהאַפט.

דאָס איז פאַרגעקומען, ווען איוואַן איליטש איז שוין געווען שטאַרק קראַנק, אָבער ווען ער איז נאָך אימער אין בעט ניט גע־לעגען און ווען ער האָט זיך געסטאַרעט צו געהן אין געריכט ווי אימער. איצט, ווען ער ליגט שוין לאַנג און ער נעהנטערט זיך שנעל צום טוידט, וואָלט טאָלסטאָי פון דאָס זעלבע געקענט פאַר־שטעלען אַ סך מעהר. ער וואָלט געקענט ווייזען ווי איוואַן אי־

ליטש גיט צייטענווייז א טראכט וועגען יענער וועלט — טאָמער איז פאָרט פאראן א יענע וועלט? אָבער טאָלסטאָי גיט אונז אפילו ניט קיין אָנצוהערעניש אויף אזעלכע זאכען. איוואן אי־ליטש איז אבסאָלוט פריי פון אָבערגלויבישען צווייפעל, אפילו אין זיינע לעצטע טעג. ער איז א פעסטער פריידענקער. דער מלאך המות שרעקט איהם, אָבער צוטומלען זיין פריידענקערישען מח קען ער ניט. איהם ליגט ניט אין זינען קיין שום פראגע, טאָמער האָט ער געזינדיגט געגען גאָט; אבסאָלוט קיין מאָל ניט. איהם קומען ארויף בלויז פראגען, טאָמער האָט ער געזינדיגט געגען זיין אייגענעם געוויסען.

שפעטער א ביסעל, ביי'ן ענד פון דעם נעקסטען קאפּיטעל, זעהען מיר, ווי איוואן איליטש לאָזט זיך איבערריידען און ער לאָזט ברענגען א גלח וועלכער מאכט מיט איהם דורך א רע־ליגיעזע צערעמאָניע, און איהם דוכט זיך זאָגאר אז ער פיהלט זיך בעסער דערפון. דאָס הייסט, אז פאר'ן טוידט איז ער שוין אין זיינע פריידענקערשע איבערצייגונגען ניט אזוי פעסט. די גאנצע סצענע איז אויסגעצייכענט. אָבער — נאָך אזא סצענע וואָלט מען דאָך געוויס געקענט ערווארטען אז איוואן איליטש וועט מינוטענ־ווייז וועניגסטענס זיך נעהמען טראכטען: טאָמער איז פאָרט פאראן א גאָט (א געוועהנליכער קריסטליכער גאָט), און ער שטראָפט דאָס איהם פאר וואָס ער האָט איהם ניט געדיענט מיט תפילות, ליכט, תעניתים, צדקה, א. ז. וו.? וועגען דעם איז אָבער אין דער גאנ־צער ערצעהלונג ניטאָ קיין וואָרט. דערפאר איז אין איהר פאראן ביי'ן סוף עפּעס אן אנדער זאך, וועלכע האָט אויך א שייכות צו רעליגיאָן. דאָס איז אָבער ניט די געוועהנליכע קריסטליכע רע־ליגיאָן, אָן וועלכע עס וואָלט געווען מעגליך פאר איוואן איליטש'ען זיך צו דערמאָנען, די רעליגיאָן פון צלמים, תפילות, ליכט, תעניתים, א. ז. וו. נור די ספּעציעלע רעליגיאָן, וועלכע טאָלסטאָי האָט אויס־געארבייט און צו וועלכער איוואן איליטש'ען וואָלט אוממעגליך געווען תשובה צו טהאָן.

# X

א לעזער, וואָס ערוואַרט אז אין יעדען קאַפּיטעל זאָל עפּעס פּאַסירען, וואָלט געזאָגט, אז דער צעהנטער קאַפּיטעל ענטהאַלט ניט קיין נייעס; ער וואָלט געהאַט אַ איינדרוק אַז אין איהם ווערט געזאָגט דאָס וואָס מיר ווייסען שוין אייגענטליך פון דעם נייַנטען. אין אמת'ן אָבער איז ער פול מיט נייע איינצעלהייטען און ענטהאַלט עטליכע נייע גאָלדענע שטריכען; און אין אַלגע־מיין זעהט מען דורך דיזען קאַפּיטעל אַז דער חולה איז געוואָרען קראַנקער און שוואַכער, און איז צוגעקומען נעהנטער צום קבר.

אָט ליגט איוואַן איליטש אויף דער קאַנאַפּע, א שלאָפער, און געדאַנקען שלעפּען זיך דורך זיין אויסגעמוטשעטען מארך. דאָס זיינען אַלץ געדאַנקען וועגען זיין קראַנקהייט אָדער וועגען זיין פריהערדיגען לעבען. טאָלסטאָי זאָגט, אַז זינט ער איז קראַנק געוואָרען האָט ער זיך געפונען אין איינע פון די צוויי פערשיע־דענע שטימונגען, דאָ אין דער שטימונג, דאָ אין יענער: ענט־וועדער ער האָט געהאָפט געזונט צו ווערען און דאַן איז ער געווען פערטיעפט אין דער פראַגע פונ'ם ניר, אָדער ער איז געווען אין פערצווייפלונג און געוואַרט אויף דעם שרעקליכען טוידט. אָבער וואָס ווייטער עס האָט זיך ענטוויקעלט זיין קראַנקהייט, אַלץ צוויי־פעלהאַפטער און פערוואָלקענטער איז ביי איהם געווען די האָפ־נונג, און אַלץ דייטליכער איז געוואָרען דער קומענדער טוידט.

אַז ביי איוואַן איליטש'ען זיינען געווען מאָמענטען — גאַנצע שטונדען פּילייכט — ווען עס האָט זיך איהם ניט געגלויבט אז ער וועט שטאַרבען, ווען ער האָט וועגען טוידט אפילו ניט גע־קלעהרט, אזעלכע זאַכען דערצעהלט אונז ניט טאָלסטאָי; און

דאָך, ווי איך האָב שוין פריהער באמערקט, וואָלט דאָס געווען פיעל נאַטירליכער, ווי אז ווען איוואן איליטש זאָל האָבען בלויז די דערמאָנטע צוויי שטימונגען: ענטוועדער זיין איבערצייגט אז ער שטארבט אוועק, אָדער ה אָ פ ע ן (האָפען, אָבער ניט פערגעסען אין גאַנצען אָן טוידט). אז ווען די קראַנקהייט האָט זיך ענטוויקעלט, האָט ער שוין אפילו ניט געהאָפט אויך, נור ער איז אימער געווען פערזונקען אין פערצווייפלונג — דאָס רעדט געוויס ניט צו אונזער איינבילדונגס־קראַפט. איינפאַכער גערעדט: עס גלויבט זיך ניט. פערגעסט ניט, אז ביי איוואן איליטש'ען ארבייט נאָך דער מח גוט. זיינע געדאַנקען זיינען קלאָרע פונקט ווי ביי א געזונטען. און כל זמן די געדאַנקען זיינען ביי א מענשען פול מיט לעבען, לעבט אויך דער אינסטינקט פון פערגעסען אָנ'ם טוידט; עס לעבט דער אינסטינקט וואָס צווינגט אונז זיך איינ־צוריידען, אז דער טוידט איז ניט פאַר אונז נור פאַר אנדערע מענ־שען, ווי טאָלסטאָי אליין האָט אזוי וואונדערבאַר פאַרגעשטעלט אין אָנפאַנג פון דער ערצעהלונג.

* * *

שרעקליך זיינען די עטליכע שורות, וואו טאָלסטאָי רעדט וועגען איוואן איליטש'עס איינזאַמקייט אין רעכטען מיטען פון זיין פאַמיליע, פריינד, דאָקטוירים. שרעקליך, און אונפערגעסליך־שטאַרק און ריכטיג איז דער פערגלייך מיט א מענשען וואָס ליגט אויפ'ן גרונט פונ'ם ים אָדער אין דער ערד. איוואן איליטש איז איינזאַם און עלענד ווייל קיינער פערשטעהט איהם ניט, און קיינער האָט צו איהם ניט די אמת'ע סימפּאַטיע, נאָך וועלכע ער בענקט. ער איז אַלעמען צולאַסט, און יעדער איז פערנומען מיט זיינע אייגענע אינטערעסען.

דאָס איז פיללייכט די טיעפסטע טהייל פון דער גאַנצער שרעקליכער געשיכטע. איך געדענק ניט קיין אַנדער שרייבער, וועלכער האָט זיך ווען עס איז אָבגעשטעלט אויף דיזען פונקט אין דער טראַגעדיע פון א שטאַרבענדען מענשען. שטעלט אייך פאָר וואָס עס טהוט זיך ביי איוואן איליטש'ען אויפ'ן הארצען,

ווען ער ליגט אויף אַ קאַנאַפּע נאָהענט צום טוידט, און ער בענקט, און בענקט נאָך אמת'ע רחמנות און אמת'ע אויפמערקזאַמקייט, און אין דעם בוזים פון זיין אייגענער פאַמיליע פיהלט ער זיך עלענד ווי אַ שטיין! וואָס קען זיין טראַגישער?

אָך און וועה, ווען דער קליינער גימנאַזיסטעל, נאָך גאָר אַ קינד, און דער פרעמדער אונוויסענדער פויער, געראַסים, וועלכער האָט ניט מעהר שכל ווי אַ קינד, זיינען די איינציגע צוויי, וואָס פערשטעהען איוואַן איליטש'ען און ווילען איהם פערשטעהן. דיי־זער פאַקט מאַכט נאָך דייטליכער זיין עלענד און זיין איינזאַמקייט.

* * *

ריכטיג ווי גאָלד און טהייער ווי גאָלד זיינען די פּאָר ווערטער וועגען דעם, דאָס איוואַן איליטש האָט איצט הויפּטזעכליך געלעבט אין דער פערגאַנגענהייט. אַ געזונטען, טהעטיגען מענשען ברענגט יעדער טאָג נייע אינטערעסען, נייע איינדריקע, נייע ערפאַהרונגען וועגען מענשען און וועגען זאַכען. ער האָט נייע פּלענער אויף דער צוקונפט; ער איז פּעראינטערעסירט אין דעם וואָס עס איז און אין דעם וואָס עס וועט זיין. אַזאַ חולה ווי איוואַן איליטש אָבער האָט היינטיגע איינדריקע נור וועגען זיין קראַנקהייט; און זיינע געדאַנקען אויף מאָרגען זיינען ווידער פערבונדען מיט זיין קראַנקהייט. איך זאָג „אַזאַ חולה ווי איוואַן איליטש"; דאָס הייסט ווי טאָלסטאָי שטעלט איהם פאָר. דאָס רוב געפעהרליכע קראַנקע הערען ניט אויף צו מיינען אַז זיי וועלען געזונט ווערען, און כל זמן די מאַשין פון מח געהט ווי „געשמירט", פּלאַנעווען זיי, טרוימען זיי וועגען דעם, וואָס זיי וועלען טהאָן ווען זיי וועלען אויפשטעהן פון בעט; אָבער איוואַן איליטש האָט דאָך אַזעלכע געדאַנקען ניט. ער איז איבערצייגט אַז ער שטאַרבט, און אפילו זיינע האָפנונגען, אַז ער וועט אפשר געזונט ווערען (אָהן אַן „אפשר" האָט ער קיין מאָל ניט געהאַפט זינט ער האָט זיך גענומען קורירען), אפילו דיזע האָפנונגען זיינען שוין ביי איהם אויך זעהר שוואַכע. צו דאָס איז ריכטיג צו ניט — אַבי דאָס איז דער איוואַן איליטש, וועלכען מיר האָבען פאַר זיך.

אין זיינע געדאנקען איז אלזא ניטא קיין צוקונפט. זיין איינ־ציגע צוקונפט איז דער שרעקליכער טוידט. און זיין געגענוואַרט בעשטעהט פון זיין קראנקען־צימער, פון זיין פאמיליע, וועלכע איז ווייט פון איהם, פון זיינע דאָקטוירים, רפואות, בעדיענונגען. ער איז עלענד ווי א שטיין. געראָסים דער פויער, דער עטליך־און־צוואַנציג יאָהריגער קינד, איז זיין איינציגער חבר. היינט וואָס פאר אן אינטערעס האָט ער אויסער דעם אינטערעס אין זיין קראנקהייט, אין זיינע יסורים, אין זיין שרעקליכען שיקזאל? וואָס פאר א איינדריקע אויסער די וואָס ער בעקומט קוקענדיג און בע־טראַכטענדיג די פאלשע, געמאַכטע אוואַיעס פון זיין פרוי און פון די דאָקטוירים?

אלזא טראַכט ער נור ענטוועדער וועגען זיין קראַנקהייט אָדער וועגען דער פערגאַנגענהייט.

א חוץ דעם: ווען מען ליגט טאָג און נאַכט, און דער מח איז פריי פון די נייעסען און אויפרעגונגען פון דעם געוועהנליכען טעגליכען לעבען, טראַכט מען ניט ווילענדיג וועגען דער פערגאַנ־גענהייט. דאָס איז ריכטיג אפילו וועגען א געזונטען מענשען. ווען איהר פאָהרט זיך אָפּרוהען אויף א פּאָר וואָכען, ווען איהר ווערט אויסגעטהאָן פון די אינטערעסען פון אייער בעשעפטיגונג, טראַכט איהר סתם וועגען אלערליי זאַכען און איהר דערמאָנט זיך פערשיעדענע איינצעלהייטען פון אייער פערגאַנגענהייט.

ווען א מענש זיצט אין טורמע, אן אָבגע'משפּט'ער צום טוידט, טראַכט ער ענטוועדער וועגען זיין משפט, אָדער וועגען זיין פערגאַנגענהייט. ער האָפט, אז ער וועט בעקומען א נייעם פּראָ־צעס; ער האָפט, אז מען וועט זיין אורטייל ענדערען. ער קעמפּפט מיט זיינע שרעקליכע געדאַנקען וועגען דעם ווי מען פיהרט איהם צו געדאַנקען, עראינערונגען וועגען זיין פריהערדיגען לעבען. אין אן דער תליה. אָבער פיעלע מינוטען זיינען ביי איהם פערנומען מיט עהנליכען צושטאַנד איז איצט געווען איוואן איליטש. בלויז ער האָט ווייניג געהאָפט אויף א „נייעם פראָצעס", און מעהר געטראַכט וועגען דעם שרעקליכען תליון.

אָבער דאָס אַלץ איז ניט דאָס וויכטיגסטע.

דער וואָס איז פֿער׳משפט צום טוידט, האָט אַ ספּעציעלען אינטערעס אין זיין פֿערגאַנגענהייט, אַ אינטערעס וועלכע פֿרייע מענשען קענען זיך פֿאָרשטעלען, אָבער פֿון וועלכען זיי אַליין האָבען קיין ערפֿאהרונג נים. דאָס איז אונגעפֿעהר דער אינטערעס פֿון אַ מענשען, וואָס קלייבט זיך אויף אימער צו פֿערלאָזען זיין געבורטסשטאָדט, וואו ער איז אויפֿגעהאָדעוועט געוואָרען, אויסגעוואַקסען, געוואָרען אַ מענש. ווען אַן עמיגראַנט גרייט זיך צו זיין רייזע, ב ע נ ק ט ער פֿאָראויס נאָך זיין געבורטס־פּלאַץ. ער קוקט אויף אַלץ, און עס ווייזט איהם דאָס האַרץ פֿון דעם געדאַנק, אַז ער וועט שוין דאָס מעהר ניט זעהן. דאַן דערמאָנט ער זיך אָן די יאָהרען און טעג, וואָס ער האָט דאָ פֿערבראַכט. עס פֿליהען ערשינערונגען איינע נאָך די אַנדערע, און דאָס האַרץ ציהט נאָך דעם אַלעם: עס ציהט מיט אַ וועהטאָג צוריק צו די קינדער־יאָהרען, וועלכע זיינען שוין לאַנג פֿערשוואונדען; עס ציהט מיט אַ וועהטאָג צו דעם אָרט, וואו מען האָט דיזע קינדער־יאָהרען פֿערבראַכט, און מיט וועלכען מען מוז איצט אויף אימער זיך זעגנען.

אָט מיט אַזאַ מין געפֿיהל האָט איוואַן אילימש פֿיעל געטראַכט וועגען זיין פֿערגאַנגענהייט, ליגענדיג און טראַכטענדיג גאַנצע טעג אויף דער רויטער סאַפֿיאַנענער קאַנאַפּע. אָט מיט אַזאַ מין וועהטאָג אין האַרצען האָט ער זיך דערמאָנט פֿערשיעדענע קלייניגקייטען פֿון זיינע אינגעל־יאָהרען. דער וועהטאָג איז געווען צו שאַרף. ער האָט די זיסע ערינערונג געמוזט זיך אַרויסשלאָגען פֿון קאָפּ. געפּרופּט טראַכטען וועגען עפּעס הייטיגעס, און דער נייער געדאַנק ברענגט אַרויף אויף אַן אַנדער געדאַנק — ווידער וועגען עפּעס פֿון די קינדער־יאָהרען; און ווידער איז דער האַרץ־וועהטאָג צו גרויס; ווידער מוז ער זיך דאָס אַרויסשלאָגען פֿון קאָפּ.

* * *

די גאַנצע גייסטיגע סצענע, ווי איוואַן אילימש ליגט אויף דער קאַנאַפּע און טראַכט און טראַכט, איז אַ מייסטערשטיק פֿון פּסיכאָלאָגישע מאַהלעריי. איהר זעהט דאָ ווי ביי אַ

מענשען אין מוח קייטלען זיך געדאנקען, עראינערונגען, בילדער. דאס מערקווירדיגסטע איז דער פונקט וועגען דעם פאלענדען שטיין. איין עראינערונג ברענגט איוואן איליטש'ען ארויף אויף אן אנדערע, איין געדאנק אויף א צווייטען, ביז ער זעהט זיך ארום, אז וואס ווייטער איז זיין לעבען געווארען אלץ טרויעריגער און צרה'דיגער. דאס ברענגט איהם ארויף אויף דער ערקלעהרונג וואס די פיזיק גיט וועגען דער שנעלקייט, מיט וועלכע א שטיין פאלט פון דער הויך ארונטער צו דער ערד. וואס נעהנטער ער קומט צו דער ערד, אלץ האסטיגער פאלט דער שטיין.

דאס איז ביי איוואן איליטש'ען ניט מעהר ווי א משל; אבער איין מאל טראכט ער וועגען דעם, זעהט ער אין זיין געדאנקען ווי דער שטיין פאלט האסטיגער און האסטיגער. דאס רופט אין זיין מוח ארויס א בילד ווי ער, איוואן איליטש, פאלט אלץ שנעלער און שנעלער צו זיין שרעקליכען סוף. און דערביי ווידער שטעלט ער זיך פאר אזוי ווי ער וואלט טאקי געפאלען אין אן אבגרונד. ער שטעלט זיך דאס פאר אזוי לעבהאפט, אז ער גיט א ציטער, און ער בלייבט ליגען, און הילפלאז ווארט ער אויף דעם מאמענט, ווען ער וועט ענדליך פאלען צום גרונד און צושמעטערט ווערען — אזוי ווי ער וואלט ווירקליך געהאלטען אין פאלען, און אזוי ווי אט, אט, קומט שוין זיין פערניכטונג...

אויב דער לעזער געדענקט ווי ביי איהם ארבייט דער מוח און די געפיהלען, ווי עס געהען ביי איהם די געדאנקען; ווי עס דוכט זיך איהם, אז ער לעבט דורך אזא זאך, אדער אזא זאך, דאן וויים ער וואס פאר א רייכע שטיק קונסט דא שטעקט.

אבער דאס אלץ פיהרט ווידער צו דעם ספעציעלען צוועק, וועלכען טאלסטאי האט אין זינען. צום שלום פון דעם קאפיטעל פרובט איוואן איליטש ווידער זוכען אן ערקלעהרונג פאר וואס ער שטארבט; ווידער זוכט ער דאס אין דער פראגע, אויב ער האט געלעבט ווי מען דארף; און ווידער דאכט זיך איהם, אז ער האט יא געלעבט ווי מען דארף — געזעצליך, און ריכטיג, און אנשטענ-

דיג. פאַר וואָס זשע קומט איהם פּאָרט דיזע פערניכטונג? בלייבט ווידער אַ קשיה!

אז דאָ ליגט מעהר מאָראַלישע „מיין" ווי קונסט, אז טאָל־סטאָי ציהט דאָ צו אַ מוסר וועגען אָרענטליך לעבען אלס אַ מיטעל צו שטאַרבען רוהיג — דאָס שטעכט שוין פּשוט אויס די אויגען.

## XI

אין דעם עלפטען קאפיטעל קומט אין איוואן איליטש׳ען פאר א גרויסע ענדערונג. ניט אין זיין קראנקהייט, וועלכע געהט זיך איהר רעגעלמעסיגען גאנג צום טוידט, נור אין זיין גייסט ווערט פלוצלונג אן ענדערונג.

פריהער איז ער אלץ געוועזן זיכער, אז ער האט זיך אויפגע־פיהרט ווי ס׳בעדארף צו זיין. איצט אבער, אין א געוויסע נאכט, פאלט איהם אריין אין זינען, אז אפשר האט ער וועגען דעם א טעות. ער פרעגט זיך: און אפשר האט ער זיך טאקי געפיהרט ניט ארענטליך?

פון דיזע פראגע ווערט אין איהם א גייסטיגע מהומה. אין דער פריה, ווען ער דערזעהט זיין פרוי, די טאכטער און דעם דאק־טאר מיט זייערע „פאלשע ראלען", ווערט ער פשוט ווילד פון בעס און פערצווייפלונג — אלץ צוליעב דער נייער פראגע וואס האט זיך אריינגעכאפט צו איהם אין מוח. זיין פרוי, די טאכטער, דער דאקטאר און אפילו דער לאקיי פיאטר, מיט זייער האלטען זיך, דערמאנען איהם אן די פאלשקייט, וועלכע רינגלען איהם ארום; און וועגען זיינע אייגענע פאלשקייטען, און דאס מאכט נאך שאר־פער זיין צווייפעל, אויב ער האט געלעבט אן ארענטליכען, אנ־שטענדיגען לעבען.

בעמערקט: דער צווייפעל קומט איוואן איליטש׳ען אריין אין זינען ביינאכט, ווען ער כאפט זיך אויף און דערזעהט ווי דער עהרליכער געראסים, מיט זיין גוטען פנים, זיצט ביי זיין בעט, א געדולדיגער, א פערשלאפענער.

געראסים איז פריי פון „פאלשע ראלען". ער ווייס ניט פון

קיין צבועצקע מאַניערען, מיט כלומרשט'דיגע גוטסקייט. דער יונגער פויער, ניט לאַנג פון דאָרף, איז אַ „איש תמים", אַ „גאַנצער מענש", מיט אַ גאַנצען ניט־פערדאָרבענעם גייסט. ער איז די אמת'קייט אַליין. אויך איז ער גוט. ער האָט אמת'ע מענשען־ליעבע אין זיך; ער פיהלט אַן אמת'ן רחמנות, אָהן צערעמאָניעס, אָהן געמאַכטע פריינדליכקייט, אָהן קונצען. ער בעדיענט דעם קראַנקען, ער אָפּפערט זיין אייגענעם אָפּרוה פאַר איהם; ער זיצט אָפּ גאַנצע נעכט האַלטענדיג זיינע פיס — אַלץ מיט'ן גאַנצען האַרצען.

געראַסים פערקערפּערט אַלזאָ אין זיך דאָס לעבען פון אַ צדיק; און ווען איוואַן איליטש דערזעהט איהם אין דער רעכטער סצענע פון זיין מענשען־ליעבע און זעלבסט־אָפּפערונג, פאַלט איהם, איוואַן איליטש'ען, אריין אַ געדאַנק, אַז ער אַליין האָט אַזאַ לעבען ניט געפיהרט. דאָס ווידער ערוועקט אין איהם אַ פראַגע: אפשר האָט ער אויף דיזען אַרט בעשמוצט און פערדאָרבען זיין גאַנצען לעבען?

פּיאָטר, דער לאַקיי, איז ניט קיין צדיק. ער איז גאַנץ אַנדערש ווי געראַסים. פּיאָטר איז שוין לאַנג פון דאָרף, (אַ פויער גלייך פון דאָרף מאַכט מען ניט פאַר אַ לאַקיי), ער איז שוין אַ געניטער דיענער. ער האָט שוין איבערגענומען די ביטרעקייטען און פאַלשקייטען פון דער וועלט, אין וועלכער איוואַן איליטש האָט אַבגעלעבט זיין גאַנצען לעבען. ווען פּיאָטר קומט אריין, און דערנאָך די פרוי מיט דער טאָכטער, און דערנאָך דער דאָקטאָר, וואַרפט זיך איוואַן איליטש'ען אין די אויגען דער אונטערשיעד צווישען זיי און געראַסים'ען, און זייער אַנוועזענהייט שטרייכט אונטער איוואַן איליטש'עס נייעם געדאַנק:

טאָמער איז דאָס, וואָס ער האָט אימער גערעכענט פאַר אָרענטליך, אין אמת'ן גאָר ניט געווען אָרענטליך?

ער האָט דעם גאַנצען לעבען זיך געסטאַרעט צו געפעהלען און נאָכצומאַכען די פּערזאָנען וואָס זיינען געשטאַנען זעהר הויך אין דער רעגיערונג און אין דער געזעלשאַפט. אַלץ וואָס זיי האָבען

געהאלטען פאר שעהן און פיין, האט ער אויך געהאלטען פאר שעהן און פיין.ביי זיך אין הארצען פלעגט ער אמאל דערפיהלען אז עס איז גאר ניט אזוי שעהן און אזוי פיין. ער פלעגט אמאל דערפיהלען, אז דיזעלבע העכסטע פערזאנען גיבען זייער הסכמה אויף די עקעלהאפטסטע זאכען; אבער דאס האט מיט איהם גע־טראפען זעלטען.

דא האלטען מיר ביי דער שטעלע, וועלכע מיר האבען אויבען דערמאנט.

אמאל, אמאל אין א גאווינע, פלעגט איוואן איליטש פרופען בעקעמפפען אין זיך די פערדארבענקייט און די פאלשע מאראל פון די העכסטע פערזאנען, אבער דיזע פראבעם זיינע זיינען געווען זעהר שוואכע פראבעם, און גלייך פלעגט ער זיי ארויסיאגען פון זיין קאפ און ער פלעגט ווייטער לעבען א לעבען פון חניפה, פון פאלשקייט, פון „בכבוד'ע" הולטייסטווע. אלזא האט ער איצט, ליגענדיג א קראנקער, נאהענט צום טוידט, זיך געפרעגט א פראגע, וועלכע איז איהם פריהער קיין מאל אין זינען ניט ארייננעפאלען: „אפשר זיינען די דאזיגע שוואכע פראבעם, וואס ער האט געמאכט, גאר די איינציגע ריכטיגע זאכען, וואס ער האט געטהאן אויף זיין לעבען?" אפשר איז ער אין אלעם אנדערעס געווען ניט ארענט־ליך? אויב אזוי, הייסט דאך דאס, אז ער האט פערדארבען זיין לעבען און איצט איז שוין שפעט דאס צו פעררעכטען.

די שרעקליכע בעשולדיגונג געגען זיך, זיין שרעקליכע זעלבסט־פערדאמונג איז אפגעשפיגעלט געווארען אין זיין פרוי און טאכטער, אין דעם דאקטאר, און אין דעם לאקיי פיאטר. קוקענדיג אויף זיי, און צוהערענדיג זיך צו זייערע געמאכטע רייד, האט ער אזוי ווי אין א שפיגעל דערזעהן, ווי פאלש און זינדיג ער אליין האט גע־לעבט.

„זייער יעדע בעוועגונג, יעדעס ווארט זייערער האט בעשטעט־טיגט די שרעקליכע ווארהייט, וואס איז בייגאכט פאר איהם ענט־דעקט געווארען. ער האט אין זיי געזעהן זיך אליין — דעם סארט לעבען וואס ער האט געפיהרט; און ער האט דייטליך געזעהן,

אז עס איז ניט געווען קיין ריכטיגער לעבען, אז עס איז געווען ניט מעהר ווי א שרעקליכע פאַלשקייט, וועלכע האָט פון איהם פערשטעלט דאָס לעבען און דעם טוידט."

די לעצטע זעקס ווערטער האָבען מיר דאָ אונטערגעשטריכען, ווייל אין זיי ליגט דער שליסעל צו אונזער קריטיק. זייער אינ־האַלט איז פונקט דער זעלבער ווי דער אינהאַלט פון די עטליכע זווערטער, וועלכע מיר האָבען אונטערגעשטריכען, בעשפּרעכענדיג דעם שלוס פון דעם נייַנטען קאַפּיטעל. (זעה אויבען, זייט 193). דאָרטען, ביים שלוס פון דעם נייַנטען קאַפּיטעל, מאַכט טאָלסטאָי די באַמערקונג: „אויף דיזער אַרט (דאָס הייסט מיט דעם וואס איוואַן איליטש האָט פון זיין געדאַנקען אַרויסגעזאָגט די פראגע אויב ער האָט געלעבט אַן אָרענטליכען לעבען), האָט ער פון זיך אוועקגעטריבען דעם איינציגען אַנטוואָרט אויף דער רעטעניש פון לעבען און טוידט.

מילא אין דעם נייַנטען קאַפּיטעל זאָגט טאָלסטאָי דאָס אַליין אַלס זייַנעם אַן אייגענעם געדאַנק. אין דעם עלפטען קאַפּיטעל אָבער, וואו מיר האַלטען איצט, זאָגט שוין דאָס ניט טאָלסטאָי, נור איוואַן איליטש; און דאָס איז אזוי אוננאַטירליך, אזוי אונמעגליך, אז דער לעזער ווערט פשוט א צוטומעלטער. ווי קומען צו א איוואַן איליטש אזעלכע געדאַנקען? עס שמעקט עפּעס מיט א גאַנצע טהעאָריע, מיט א מין פילאָזאָפיע וועגען מאָראַל אין בעצוג צו דער פראגע פון לעבען און טוידט. פון וואַנען נעהמט זיך דאָס ביי א טשינאָווניק, וועלכער האָט קיין מאָל ניט געלעזען קיין סעריעזע ביכער אויסער געזעץ־ביכער; וועלכער האָט קיין מאָל זיך ניט געדרעהט דעם מוח וועגען אזעלכע זאַכען ווי טהעאָריען, פילאָזאָפיען, רעליגיעז־מאָראַלישע פראגען? פון וואַנען נעהמט זיך דאָס פּלוצלונג ביי א טשינאָווניק, וועלכער איז קיין אנדער זאַך ווי א טשינאָווניק קיין מאָל ניט געווען? ווען איוואַן איליטש וואָלט זיך פון העלער הויט אוועקגעזעצט לערנען א בלאַט גמרא, וואָלט די אוננאַטירליכקייט ניט געקענט זיין גרעסער. קיין גרעסערע אוננאַטירליכקייט קען מען ניט געפינען אין דעם ערגסטען

שונד ראָמאַן. אין אַ שונד ראָמאַן איז אַלץ אויסגערעכענט מיט אַ געוויסען פּלאַן, און אָפט ווערט אַריינגעלאָזט די לעכערליכסטע אונמעגליכקייט, ווייל דער שונד־שרייבער דאַרף דאָס האָבען צו דעם פּלאַן פון זיין מעשה. עהנליכעס פיהלען מיר לעזענדיג אַזעלכע שטעלען ווי די וואָס מיר בעשפּרעכען דאָ. מיר פיהלען, אַז טאָלסטאָי מאַכט איוואַן איליטש'ען צו דענקען דיזע אונמעגליכע געדאַנקען, און אויסצואַרבייטען ביי זיך דיזע אונמעגליכע פילאָזאָפיע, ווייל ער, טאָלסטאָי, דאַרף דאָס האָבען צו אַ געוויסען פּלאַן. דער אונטערשיעד בעשטעהט נור אין דעם, וואָס דעם שונד־שרייבער'ס פּלאַן איז צונויפצואַוועבען אַ מעשה, ווערענד טאָלסטאָי'ס פּלאַן איז דורכצופיהרען אַ רעליגיעזע טהעאָריע.

און טאָמער האָט דער לעזער דעם קלענסטען צווייפעל אין דעם, דאַרף ער נור אַ קוק טהאָן אין אַ געוויסע אַנדערע ווערק פון דעם זעלבען טאָלסטאָי, אום יעדער שפּור פון צווייפעל זאָל ביי איהם פערשווינדען.

מיר מיינען טאָלסטאָי'ס בוך: „אין וואָס בעשטעהט מיין אמונה?" וואו ער ערקלעהרט זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען.

* * *

דיזער בוך איז ניט קיין ראָמאַן. דאָס איז איינער פון דריי ביכער, אין וועלכע דער גרויסער רוסישער שריפטשטעלער בעשעפטיגט זיך מיט רעליגיעזע פראַגען (אַ חוץ פיעלע קליינע ביכלעך). ער ערקלעהרט זיך פאַר אַן איבערגעגעבענעם אָנהענגער פון דער קריסטליכער אמונה. ער פּרעדיגט די לעהרע פון יעזוס קריסטוס, און ער קריטיקירט שאַרף די אויסערליכע פאָרמען, די פּשט'לעך מיט די צערעמאָניעס, מיט וועלכע די קירכע האָט דיזע לעהרע אַרומגערינגעלט; ער ערקלעהרט, אַז דיזע אויסערליכע פאָרמען פאַרפּלאָנטערען און פאַרשטעלען דעם עיקר פון דער קריסטליכער לעהרע, און אַז מיט זייער הילף האָט די קירכע קריסטוס'עס לעהרע וועגען גוטעס פערוואַנדעלט אין אַ לעהרע וועגען שלעכטעס.

טאָלסטאָי האָט פערבראַכט יאָהרען אין שווערע אַרבייט שטודירענדיג און לייענענדיג בערג מיט ווערק אויף פערשיעדענע

שפּראַכען, אַלץ וועגען דעם קריסטענטהום. ער האָט דאָס געטהאָן, ווייל זיין געוויסען האָט איהם געמוטשעט; און ער האָט ענדליך „דערזעהן ליכט". ער האָט זיך געפּלאָגט, ער איז געווען אין פערצווייפלונג וועגען זיין לעבען און זיין טוידט; און ענדליך האָט ער געפונען אַ ר ע ט ו נ ג. און דיזע ליכט, דיזע רעטונג האָט ער געפונען אין דער קריסטליכער רעליגיאָן. הויפּטזעכליך, ווען ער האָט איהר דורכגעשטודירט און דערזעהן דעם אונטערשיעד צווישען דעם קריסטענטום גופא און דער קריסטליכער קירכע.

צו דער קירכע האָט ער בלויז טענות און שווערע בעשולדי־גונגען. אין דעם קריסטענטהום אָבער גלויבט ער מיט אַ פייער־דיגען גלויבען. ער איז אַ בעגייסטערטער קריסט, אַ טיעף־רעליגיע־זער מענש. אָט דאָס אַלעס ווערט ערקלעהרט אין זיין ווערק „אין וואָס בעשטעהט מיין אמונה".*

דעם בוך „אין וואָס בעשטעהט מיין אמונה", פאַנגט ער אָן מיט דעם, אז פון זיין פופצעהנטען יאָהר ביז זיין פופציגטען יאָהר— פינף־און־דרייסיג יאָהר — האָט ער איבערגעלעבט אָהן שום רע־ליגיאָן, און אז דאַן האָט ער פערשטאַנען דעם אמת'ן זינן פון קריסטענטהום און איז געוואָרען שטאַרק רעליגיעז. דערנאָך הויבט ער אָן צו ערקלעהרען די ענדערונג וואָס אין איהם איז פאָרגע־קומען.

עס איז גענוג צו ברענגען אַ פּאָר קורצע אויסציגע פון די ערשטע בלעטער אום דער לעזער זאָל זעהן, אז טאָלסטאָי לעגט זיינע אייגענע רעליגיעזע אידעען אריין צו איוואַן איליטש'ען אין מוח, ווען יענער האַלט ביי'ן שטאַרבען.

טאָלסטאָי פערגלייכט זיך צו אַ גנב, וועלכען מען הינריכטעט

*) מיר ווילען דעם לעזער דערמאָנען, אז פאַר זיינע אידעען וועגען קריסטענטהום האָט איהם די רוסישע רעגיערונג פערפאָלגט, ווי ווייט זי האָט געקענט, און די רוסישע קירכע האָט איהם אַריינגע־לייגט אין חרם. ער האָט געענדיגט זיינע לעצטע טעג אין אַ רוסישען קלויסטער, אָבער אַ קריסטליכע קבורה האָט מען איהם ניט ערלויבט צו געבען. — איבערזעצער.

אויף א צלם (אזוי ווי מען האָט געטהאָן מיט יעזוס'ען). זייענדיג שוין געקרייציגט, הויבט דער גנב אָן צו גלויבען אין קריסטוס'עס לעהרע, און זיין נשמה ווערט גערעטעט.

„דאָס איז ניט קיין פּוסטער משל — זאָגט טאָלסטאָי — נור א העכסט ריכטיגער אויסדרוק פון דעם גייסטיגען צושטאַנד פון שרעק און פערצווייפלונג אין דער געגענוואַרט פון לעבען און טוידט, אין וועל־כען איך האָב זיך פריהער געפונען און פון דעם צושטאַנד פון פריעדען און גליק, אין וועלכען איך געפין זיך איצט."

„פונקט ווי דער גנב האָב איך געוואוסט, אז מיין פערגאַנגענער און איצטיגער לעבען איז אַן עקעלהאַפטער לעבען... און פונקט ווי דער גנב האָט צו זיינע דומע, זינדיגע יסורים געזעהן די שרעק־ליכע שאָטענס פון טוידט, אזוי האָב איך פּאַר זיך דערזעהן דעם זעלבען שרעקליכען סוף."

".... און דאַן, פּלוצלונג האָב איך דערהערט די ווערטער פון קריסטוס און זיי פערשטאַנען, און דאַן האָב איך אַנשטאָט פערצווייפלונג דערפיהלט א טעם פון פרייד און גליק, וועלכען דער טוידט קען ניט אַוועקנעהמען."

צו זיין א גוטער קריסט איז אַלזאָ א מיטעל צו האָבען פריעדען און גליק, אי אויף דער וועלט אי נאָכ'ן טוידט. אָט דאָס איז דער רעצעפּט דעם מענשען אויסצוהיילען פון זיין „גייסטיגען צושטאַנד פון שרעק און פערצווייפלונג אין דער געגענוואַרט פון לעבען און טוידט."

דאָס אַלזאָ איז טאָלסטאָי'ס „לעזונג פון דער רעטעניש פון לעבען און טוידט", וועגען וועלכע ער רעדט אין זיין „טוידט פון איוואַן איליטש". דאַרטען דערמאָנט ער ניט די לעהרע פון קריס־טוס מיט'ן נאָמען. ער זאָגט דאָרטען אָבער, פונקט דאָס וואָס, לויט זיין בוך „מיין אמונה", איז דער עיקר פון קריסטוס'עס לעהרע.

מענשען־ליעבע, עניוות, זעלבסט־אָפּפערונג, די פליכט צו צאָה־לען מיט גוטעס פאַר שלעכטעס; צו לעבען אָהן פאַלשקייט, ניט נאָכ־צוגעבען די תאוה — אָט אין דעם בעשטעהט דער עיקר פון א

קריסטליכען לעבען, זאָגט טאָלסטאָי מיט פיעלע איינצעלהייטען און ארגומענטען, אין דעם בוך וועגען זיין גלויבען. דער וואָס פיהרט זיך ניט אויף אזא אופן און אנערקענט ניט דיזע פרינציפען, יענער האָט שרעק און פערצווייפלונג, סיי בשעת ער לעבט, סיי בשעת ער שטארבט. דער אָבער וואָס הויבט אָן צו גלויבען אין דיזע פרינציפען, יענער ווערט ג ע ר ע ט ע ט, סיי ביי'ן לעבען, סיי ביי'ן טוידט. אנשטאָדט שרעק האָט ער פריעדען און גליק, אי אויף דער וועלט, אי אויף יענער וועלט.

פונקט צו די זעלבע געדאנקען קומט איוואַן איליטש. ער קומט צום שלום, איוואַן איליטש, אז דעם לעבען וואס ער האָט גע־פיהרט איז ניט געווען קיין אָרענטליכער, און אז זיינע זינד האָבען „פ א ר ש ט ע ל ט ד אָ ס ל ע ב ע ן א ו ן ט ו י ד ט."

בערעכענט נור: דאָס וואָס ביי טאָלסטאָי'ען האָט גענומען פינף־און־דרייסיג יאָהר, דאָס איז ביי איוואַן איליטש'ען געוואָרען אין א פאָר טעג. אין א פאָר טעג האָט ער אויסגעארבייט פונקט דיזעלבע אידעע!

באלד וועלען מיר זעהן ווי איוואַן איליטש טהוט תשובה; ער איז זיך מודה אין זיין זינדיגען לעבען. ער דערפיהלט, אז דער עיקר פון לעבען איז צו געהן מיט'ן אמת, צו קעמפפען געגען פאַלשקייט, געגען שלעכטס און געגען תאוה. מיט אנדערע ווערטער הייסט עס, אז איוואַן איליטש הויבט אָן צו גלויבען אין דעם עיקר פון דער לעהרע פון יעזוס קריסטוס (לויט טאָלסטאָי'ס נוסח פון דיעזע לעהרע), און גלייך ווערט ער רוהיג און הערט אויף מורא צו האָבען פאַר'ן טוידט. אנשטאט שרעק און פערצווייפלונג האָט ער פריעדען און גליק. קיין טוידט איז גאָר ניטאָ! איוואַן אי־ליטש ווערט „גערעטעט", הייסט עס אויף דער קריסטליכער שפּראַך. ניט דער סוף קומט אָן, נור אַן אייביגער לעבען פון פריע־דען און גליק.

טאָלסטאָי'ס רעצעפּט ווירקט אנטיק! די „רעטעניש" איז געלעזט!

קריסטוס'ען רופט מען דער „ר ע ט ע ר" (סייוויאָר, אויף

ענגליש) ווייל מיט זיינע יסורים האט ער  ג ע ר ע ט ע ט  די מענשהייט, אין דעם זין, וועלכער איז דא ערקלעהרט געוואָרען; דאס הייסט, ער האט זיי געגעבען די ריכטיגע אמונה, וועלכע ראַטעוועט זיי אויף ביידע וועלטען. און ווען מען זאָגט ביי קריסטען „רעטונג" (סאלוויישאַן) אין א רעליגיעזען זין, מיינט מען מיט דעם, אז דעם מענשען ווערען פארגעבען זיינע עבירות, אז זיין נשמה ווערט „אויסגעלייטערט." פאר אזא נשמה איז ניטאָ קיין טוידט, קיין שרעק און קיין פערצווייפלונג.

* * *

איידער איוואן איליטש האט תשובה געטהאן איז ער אלזא געווען „אין א צושטאנד פון שרעק און פארצווייפלונג אין דער געגענוואַרט פון לעבען און טוידט." זיינע יסורים זיינען דורך דעם געווען אזוי גרויס, אז ער האט זיך געווארפען און געריסען פון זיך די קליידער, אזוי ווי די העמד וואָלט איהם געשטיקט און געווערגט. מען האט איהם פארשלעפערט מיט א שטארקען שלאָף־טרונק; אבער ווען ער האט זיך אויפגעכאפט, האט ער ווידער אנגעהויבען זיך ארומצו־ווארפען און ארומצושליידערען, און אלעמען צו טרייבען פון זיך.

טאָלסטאָי זעהט ביי איוואן איליטש'ען גייסטיגע שמערצען, וועלכע זיינען פיעל גרעסער און שרעקליכער, ווי זיינע קערפערליכע שמערצען; דערנאָך ערקלעהרט טאָלסטאָי, אז דיעזע גייסטיגע שמערצען האָבען צעהן מאל פארגרעסערט איוואן איליטש'עס קערפערליכע יסורים. דער דאָקטאָר, ווייעדער, — און צוזאמען מיט איהם איוואן איליטש'עס פרוי — זעהט נור דעם חולה'ס קערפערליכע מאטערנים.

אין דיעזען פאל בין איך געניינט צו האלטען מיט'ן דאָקטאָר און מיט פראסקאָוויא פיאָדאָראָוונא. עס גלויבט זיך מיר ניט, אז א קורצע צייט פאר'ן טוידט, ווען ער איז געווען אזוי אבגעצערט, און אבגעשלאפט, און ווען זיין קראנקהייט האט זיך שוין אזוי ווייט איינגעגעסען אין זיין לעבענס־מאשין, עס גלויבט זיך מיר ניט, זאָג איך, אז אין אזא צייט זאל ער זיך איבערהויפט קענען

שטאַרק אָפּעסען דאָס הארץ פאַר וואָס ער האָט ניט געלעבט אָהן חניפה, אָהן פאַלשע צערעמאָניעס; עס גלויבט זיך מיר ניט, אַז אין אַזאַ צייט האָט ער זיך אָפּגעגעסען דאָס הארץ פאַר וואָס ער האָט געלעבט ווי זיין טאַטע און אַלע זיינע קרובים און פריינד האָבען געלעבט.

ווען טאָלסטאָי וואָלט אונז דערצעהלט, אַז דער ניט־גלויביגער איוואַן איליטש האָט זיך גענומען שרעקען פאַר אַ יענע וועלט, וואָלט געווען אַן אַנדער פראַגע. פאַר אַ יענע וועלט וואָלט זיין טאַטע אויך זיך געקענט שרעקען. טאָלסטאָי זאָגט אָבער אונז ניט אַז איוואַן איליטש האָט זיך גענומען שרעקען פאַר אַ גאָט מיט אַ יענע וועלט. ער דערצעהלט אונז גאָר אַז אין דעם שטאַרבענדען מוח האָט זיך אויסגעאַרבייט אַ גאַנצע טהעאָריע, און גראַד איז דאָס טאַקי טאָלסטאָי'ס טהעאָריע! (אַ מערקווירדיגער נס!)

די פרוי, וועלכע ווייס ניט פון קיינע טהעאָריען — צי טאָלסטאָי'ס צי ניט טאָלסטאָי'ס — טהוט דאָס וואָס אַלע קריסטליכע פרויען וואָלטען געטהאָן: זי בעט איהר מאַן אַז ער זאָל איהר לאָזען שיקען נאָכ'ן גלח, און לאָזען דורכמאַכען די צערעמאָניע וואָס מען מאַכט מיט אַ קריסטען, וועלכער האַלט ביי'ן שטאַרבען.

איוואַן איליטש וויל צוערשט ניט הערען דערפון, וואָרים ער איז דאָך ניט קיין גלויביגער. אָבער גלייך האָט ער חרטה און גיט איהר נאָך. און ניט נור גיט ער איהר נאָך, נור דער פאָרשלאַג טהוט איהם הנאה; ער דערפרעהט זיך.

ווען דאָ וואָלט זיך ניט געפּלאָנטערט טאָלסטאָי'ס אויסגערעכענטער פּלאַן איוואַן איליטש'ען צו מאַכען פאַר די פערקערפּערונג פון זיין רעליגיעזע טהעאָריע, וואָלט די סצענע געווען פול מיט קינסטלערישע וואהרהייט און קראַפט. מיר האָבען שוין בעמערקט, אַז ניט יעדער פריידענקער האַלט אויס ביז דער לעצטער מינוט. עס טרעפט גאַנץ אָפט, אַז ווען אַן אפּיקורס מיט אַ שוואַכען כאַראַקטער געפינט זיך ביי'ן טוידט, הויבט ער אָן זיך צו שרעקען און צו צווייפלען. מענשען מיט שוואַכע כאַראַקטערע האָבען דאָס רוב (ניט אימער, אָבער דאָס רוב) שוואַכע איבערצייגונגען אויך.

ביי דיזען פונקט וועט אונז ניט איבעריג זיין זיך צו דערמאָ־
נען אָן א געוויסע פריהערדיגע שטעלע, וועלכע מיר האָבען בעשפראָ־
כען, ווען מיר האָבען געהאלטען ביי איהר. מיר מיינען דעם פּלאַץ,
וואו עס ווערט דערצעהלט ווי איוואן איליטש הערט זיך צו צו
א מעשה וועגען קראנקע, וועלכע זיינען אויסגעהיילט געוואָרען
מיט הייליגע בילדער. באלד דערשרעקט ער זיך פאר זיך אליין —
פאר וואָס ער איז אזוי שוואך געוואָרען אין זיין כאראקטער אז
ער ווערט אבערגלויביג. אז ער זאָל ווערען אבערגלויביג, אפילו
בלויז אויף א ווייל — פון דעם ווערט ער פארשעמט און צושראָ־
קען.

דאָס ווייזט אונז מיט דער גרעסטער דייטליכקייט, אז אי־
וואן איליטש איז ניט געווען קיין גלויביגער, אז ער איז געווען א
פריידענקער.

אָבער דיזע שטעלע צייגט אונז אָן אנדער זאך אויך; נעמ־
ליך, אז עס וואָלט איהם ניט אונמעגליך געווען פון שרעק פאר'ן
טוידט, צו ווערען רעליגיעז אבערגלויביג. ווי באלד אז ביי דעם
אָנהויב פון זיין קראנק האָט ער געקענט אבערגלויביג ווערען אויף
א ווייל, דאן איז מעגליך אז שפּעטער, ווען ער וועט האלטען שוין
נאָהענט צום טוידט, זאָל אזא טיפ ווערען אין גאנצען אבערגלויי־
ביג: זיך טראכטען: „און טאָמער איז פאָרט דאָ א גאָט מיט א
גיהנם?" און זיך ערנעהנטערען צו דיזען גאָט, זיך צו חנפ'ענען
און בעטען זיך ביי איהם.

צווייטענס טרעפט ניט זעלטען, אז אפילו א פריידענקער,
וועלכער בלייבט ביי זיינע איבערצייגונגען ביז דער לעצטער מינוט,
זאָל זיך אויך מתודה זיין פאר א גלח, ווען דער טוידט איז נאָהענט.
ער טהוט דאָס, ניט ווייל ער הויבט אָן גלויבען, נור ווייל אין
אזא מאָמענט ציהט דעם קראנקען אויסצוגיסען זיין הארץ: עס
ציהט איהם צו א פייערליכע סצענע, אין וועלכער זיין אינערליכער
„איך" זאָל האָבען א געלעגענהייט זיך אויסצו־וויינען. עס מאכט
ניט אויס, צי די אויגען וויינען, צי ניט. די נשמה וויל וויינען.
איבערהויפּט ציהט איהם צו אזא סצענע, וועלכע זאָל איהם אריינ־

ברייינגען אין א געהויבענעם געמיטה. עס האָט גיט צו טהאָן מיט רעליגאָן, נאָר בלויז מיט דער שטימונג אין וועלכער רעלי־גיעזע מענשען געפינען זיך ווען זיי ריידען צו גאָט.

ווידער עראינערט דאָס אָן דעם געפיהל פון דעם עמיגראַנט, וואָס זעגענט זיך מיט זיין אַלטע היים. ער איז אויך אין א געהויבענער, אין א פייערליכער שטימונג.

נעהמט אַן אמת'ען פריידענקער, אַן איבערצייגטען, א פעס־טען; נעהמט אזא וואָס איז ניט קיין פאַנאַטיקער אין זיין פרייען־געדאַנק ווי אונזערע זיידעס זיינען געוועז אין זייער רעליגיאָן. איך מיין אַן אמת דיינקענדען אַטהעאיסט, ניט קיין שמאָל־זיגניגען. און ניט קיין קראַנקען, נור א געזונטען. שטעלט זיך פאָר אַן אזא איד, למשל, קומט אריין אין א שוהל פון נייגעריגקייט וועגען. ער קומט אריין און ער זעהט ווי אידען אין קיטלען שטעהען און גיסען אויס זייערע הערצער פאַר אַן אונדייטליכע געשטאַלט, וועל־כע איז ביי זיי הייליג, וועלכע זיי רופען גאָט. ער ווייס, אז דאָס רוב פון די אידען, וואָס טהוען דאָס, מיינען ערנסט. ער ווייס, אז זייערע הערצער זיינען צובראָכען, אז זייערע נשמות געפינען זיך אין א פאַרטרויערט־ערהאַבענע שטימונג. ער אַליין הויבט ניט אָן צו גלויבען, און דאָך וועט די סצענע אויף איהם האָבען א ווירקונג. זי וועט זיין שטימונג אויך אויפהויבען.

אָט נאָך אזא סאָרט נשמה־אויפהויבונג דורשט דער קראַנ־קער.

די רעליגיעזע פערזאמלונגען מיט די צערעמאָניעס אין די קירכעס אָדער שוהלען, זיינען יענע סצענעס, ביי וועלכע אונזע־רע זיידעס, טאַטעס, פעטערס, טהוען אויס זייערע גייסטער פון זייער וואָכעדיגקייט. דאָס זיינען די סצענעס, ביי וועלכע זייערע הערצער ווערען אויסגעגאָסען, ביי וועלכע זייער אינערליכסטער „איך“ שוועבט אין דער הויך. דיעזער פאַקט איז איינגעוואָרצעלט אין אונז פון די קינדער־יאָהרען, אלזאָ, איז אינ'ם געדאַנק פון דעם פריידענקער די שוהל פאַרבונדען מיט דיעזען סאָרט שטימונגען, גאַנץ אָבגעזעהן פון זייער רעליגיעזען אינהאַלט — סיידען דער

פריידענקער איז נ י ט ק י י ן פ ר י י ע ר דענקער, נור א פאַ־נאַטישער, פאַרביסענער, פאַרבלענדעטער מומר להכעיס.

ווען א פריידענקער, אַן עמיגראַנט, האַלט אין זעגענען זיך מיט זיין שטעדטעל, און ער געהט אריין זיך זעגענען מיט דער שוהל, הייסט דאָס ניט אז ער אַנערקענט די אמונה, וועלכע זי רעפּרעזענטירט; ער געהט נור זיך זעגענען מיט דעם פּלאַץ, וואו ער פלעגט איינגעל־ווייז אויסגיסען זיין הארץ.

אָדער נעהמט דיעזען פאַקט: אין דער צייט פון די ערשטע אידישע פּאָגראָמען אין 1881, זיינען אידישע ראדיקאַלען געקו־מען אין די אידישע שוהלען אויסגיסען זייערע הערצער צוזא־מען מיט זייערע אָרטהאָדאָקסישע ברידער. וואָס האָט דאָס גע־האַט צו טהאָן מיט רעליגיאָן?

אָט מיט אזא סאָרט געפיהל, אונגעפעהר, האָט איוואַן איליטש געשיקט נאָכ'ן גלח.

פאַרגעסט ניט, אז קיין אקטיווער פריידענקער איז איוואַן איליטש קיין מאָל ניט געוועזן. ער איז מיט דעם פרייען געדאַנק קיין מאָל ניט בעגייסטערט געוואָרען. וואָרים ער איז ניט געוועזן קיין דענקער איבערהויפּט, און בעגייסטערט ווערען פאַר א גע־דאַנק איז, לויט מיר זיינען בעקאַנט מיט איהם, ניט געווען אין זיין נאַטור. ער איז ניט געוועזן קיין אידעאַליסט, ניט געוועזן קיין פּרינציפּ־מענש. ער איז געוועזן א טשינאָווניק מיט זיין גייסט אזוי גוט ווי מיט זיין מוח.

פאַר איהם צו שיקען רופען א גלח, איז געווים ניט געוועזן קיין שווערע זאַך.

דער שטריך, ווי פּראַסקאָוויא פיאָדאָראָוונא צרווייענט זיך דערביי, איז אַן אמת־קינסטלערישער שטריך. טאָלסטאָי האָט איהר, ער טשעפּעט זיך צו איהר. אָבער דער קינסטלער וועלכער זיצט אין איהם האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי דיעזע עגאָאיסטישע פרוי צו־ווייענט זיך בשעת דער מאַן ווערט מרוצה אויף איהר פאָר־שלאָג וועגען מתודה זיין זיך פאַר'ן טוידט, און ער האָט דיעזען נאַטירליכען מאָמענט פאָרגעשטעלט.

די טרעהרען וואָס זיינען געווען ביי איוואַן איליטש'ען אין די אויגען, בשעת דער גלח האָט מיט איהם דורכעמאַכט די צערע־מאָניע, זיינען פונקט אַזוי נאַטירליך ווי זיין פרוי'ן טרעהרען. און דאָס הייסט גאָר ניט דוקא, אַז איוואַן איליטש האָט געקומען גלויבען. פון הארצען, ניט פון מוח זיינען די טרעהרען ביי איהם געקומען; ניט פון רעליגיאָן, נור פון רחמנות אויף זיך, און פון דער ערהויבענער שטימונג פון אַ מענשען, וואָס איז פעראור־טהיילט צום טוידט.

נאַטירליך און פרעכטיג איז אויך די קורצע שילדערונג ווי נאָך דער רעליגיעזער צערעמאָניע דוכט זיך דעם חולה, אַז ער פיהלט זיך בעסער, און ווי גלייך הויבט ער שוין אָן צו טראַכטען וועגען זיין ניר, זיך פאַרצושטעלען אַז דער ניר ווערט ביי איהם אויסגעהיילט. די צערעמאָניע, וואָס דער גלח האָט מיט איהם גע־מאכט, האָט איהם ערוועקט צו הויכע געפיהלען; דאָס איז גע־ווען אַ מינוט פון שטאַרקע איינדריקע, אַ סענסאַציאָנעלע דורכלע־בונג. אַלזאָ, ווערט די געוועהנליכע שטימונג פון נידערגעשלאָגענ־הייט אויף אַ ווייל פערשוואונדען. די נשמה איז אויפגעטריי־סעלט. עס פאַנגט זיך אויף אַ ווייל אָן אַ ליכטיגערער, אַ פרעה־ליכערער געמיטה. אָבער דאָס האַלט לאַנג ניט אָן.

דאָס אַלץ איז אויסגעצייכענט, עס אָטהעמט מיט אינערליכען אַזוי גוט ווי מיט אויסערליכען לעבען. אָבער אין רעכטען מיטען פון דער טייערער סצענע, רוקט זיך אריין טאָלסטאָי'ס „מיין", און דער קינסטלערישער צויבער ווערט געשטערט. דעם לעזער'ס אילוזיע, זיין אַפּדרוכטעניש, אַז ער זעהט די סצענע ווי אַ לעבעדיגע שטיק ווירקליכקייט, דאָס ווערט געבראָכען.

טאָלסטאָי זאָגט: „ווען עס איז געקומען דער גלח, און ער האָט מיט איהם אָפּגעזאָגט ווידוי, איז ער ווייכער געוואָרען. די צווייפלען, וועלכע האָבען איהם פריהער געמוטשעט, זיינען עפּעס לייכטער געוואָרען, און דעריבער איז איהם אויך געוואָרען גרינגער איבערהויפּט." ווען דאָ וואָלטען ניט אריינגעמישט געווארען אי־

וואן איליטש'עס צווייפלען צי ער האט געלעבט ארענטליך, וואלט אלץ געווען ריכטיג.

איוואן איליטש פיהלט זיך דערנאך, אלזא, וויעדער ערגער. זיינע קערפערליכע יסורים ווערען נאך פיעל שרעקליכער ווי פריהער. „א נייער סארט יסורים איז אין איהם פארגעקומען: עפּעס אזוי ווי מען וואלט איהם פון אינווענינג געשרויפט, געשאסען און דעם אטהעם געשטיקט.״ דאס זיינען וויעדער מערקווירדיגע, קינסטלערישע ווערטער. טאלסטאי זעהט ניט סתם ווי דער שטארבענדער מוטשעט זיך, נור ער זעהט דאס מיט איינצעלהייטען, מיט בילדער; און זיינע פאר ווערטער זיינען אזעלכע, אז אייך דוכט דאס איהר זעהט אויך דיעזע איינצעלהייטס־בילדער.

אבער מיט דיעזע קערפערליכע יסורים פון דעם שטארבענדען איוואן איליטש מישט דער שרייבער צונויף די גייסטיגע יסורים וואס ער האט פון זיינע צווייפלען. אין די גאלד פון זיין קונסט מישט טאלסטאי אריין די פסולת פון זיין מוסר־פלאן. וויעדער טראכט ביי איהם איוואן איליטש וועגען די פאלשקייטען און ליגענס פון זיין לעבען, און וויעדער זאגט ער צו זיך, אז דאס האט „פארשטעלט פון איהם דעם לעבען און דעם טוידט״ — וויעדער פאלען איוואן איליטש'ען אריין די ווערטער פון טאלסטאי'ס בוך וועגען רעליגיאן.

איידער מיר געהען ווייטער, לאמיר זיך שטעלען אזא פראגע: פאר וואס זאל ניט מעגליך זיין, אז איוואן איליטש זאל תשובה טהאן, ניט אלס רעליגיעזער מענש, נאר אויף א ריין מאראלישען גרונד? טאלסטאי זאגט דאך ניט, אז איהם האט געמוטשעט א רעליגיעזע חרטה. ער שטעלט דאך פאר בלויז, ווי זיינע לעצטע טעג ווערען פארגיפטעט פון א מאראלישע חרטה. הייגט פאר וואס איז דאס ניט מעגליך? דאס וואס טאלסטאי בויט אויף פון זיין מאראלישע לעהרע א קריסטליכע רעליגיאן, מאכט ניט אוים; אבי איוואן איליטש טראכט בלויז וועגען זיין שלעכטען לעבען פון א מאראלישען שטאנדפונקט; און פאר וואס איז דאס

אונמעגליך ? אַן אַנטוואָרט אויף דעם וועלען מיר פּרופען געבען אין דעם פאָלגענדען נאָטיץ.

* * *

לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַז אין די יונגע יאָהרען ווערט איוואַן איליטש בעגייסטערט פאַר אַ אידעאַל און ער פערברייננט עטליכע יאָהר אין אַ איידעלע בעוועגונג; לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַז דערנאָך ווארפט ער דיעזען אידעאַליזמוס אַוועק און ער לעבט נור פאַר זיינע פּערזענליכע נוצען. ווען מיר וואָלטען געהאַט אַזאַ איוואַן איליטש'ען, וואָלט ניט געווען אונגאַטירליך, ווען פאַר'ן טוידט וואָלט ער חרטה געהאַט פאַר וואָס ער האָט אָבגעטראָטען פון זיינע אמאָליגע אידעאַלען, פאַר וואָס ער האָט געפיהרט אַ עגאָאיסטישען, וואָכעדיגען לעבען. דערמאָנענדיג זיך אָן די גילדערנע טעג פון זיין אמאָליגע בעגייסטערונג מיט זיינע אמאָליגע הויכע מאָראַלישע בעגריפע, וואָלט ער איצט, ליגענדיג ביים שוועל פון זיין סוף, געקענט פיהלען געוויסענסביסע; און דיעזע געוויסענסביסע וואָלט אפשר געקענט אביסעל פאַרביטערען זיינע לעצטע טעג.

דער אמת איז, אַז אפילו אין אַזאַ פאַל געהט דער תשובה־געפיהל ביי דעם שטאַרבענדען ניט אַזוי ווייט. עס פליהען דורך אַזעלכע מינוטען פון חרטה און בעדויערען, און זיי ווערען פערפאַלען אין אַ תהום פון אַנדערע געדאַנקען און געפיהלען. ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, איז דער חולה, וואָס האַלט ביי'ן שטאַרבען גאָר ניט אין שטאַנד לאַנג זיך אָפּצוגעבען צו איין געדאַנק, צו איין גייסטיגען צושטאַנד.

אָבער אַזעלכע מ אָ מ ע נ ט ע ן וואָלטען ביי דעם אמאָליגען אידעאַליסט געווען נאַטירליך.

איוואַן איליטש איז אָבער אַזאַ אידעאַליסט קיין מאָל ניט געווען.

פון דעם, ווי טאָלסטאָי שילדערט זיין לעבען, ווייסען מיר גאַנץ בעשטימט, אַז ער האָט קיין מאָל אין אַזאַ נאָבעלע בעגייסטערונג זיך ניט אריינגעלאָזען.

ווען איוואַן איליטש איז געווען אַ יונגער מאַן זיינען אין רוס־לאַנד צווישען סטודענטען שוין געווען פּיעלע אידעאַליסטען, „קרוזשקי" (גרופּען) מיט הויכע מאָראַלישע צוועקען; עס זיינען געווען בעוועגונגען פאַר פאָרטשריט, פאַר פרייהייט, פאַר ראַדי־קאַלע שטרעבונגען, פאַר הויכע גייסטיגע ציעלען. איוואַן איליטש האָט אָבער צו אַזעלכע זאַכען קיין שייכות ניט געהאַט. ער איז גאָר ניט געווען פון דיעזען סאָרט יונגע לייט.

טאָלסטאָי דערצעהלט אונז גאַנץ גענוי וואָס פאַר אַ מין יונ־גער מאַן ער איז געווען, און מיר זעהען דייטליך אַז ער איז גע־ווען אַ גאַנץ אַנדער טיפּ.

„פון זיין גאַנץ יונגע יאָהרען אָן (זאָגט טאָלסטאָי אין קאַפּי־טעל צוויי) האָט איהם געצויגען צו גאַנץ הויכע פערזאָנען, אַזוי ווי אַ פליעג ציהט צו אַ ליכטיגען אָרט. ער האָט נאָכגעמאַכט זייע־רע מאַניערען, איבערגענומען זייער קוק אויפ'ן לעבען, און געסטאַ־רעט זיך מיט זיי בעפריינדעט צו ווערען"...

דאָ רעדט טאָלסטאָי בעזונדער וועגען די „זאַכען, אין וועל־כע איוואַן איליטש איז געווען פערקאָכט אינגעל־וויז אָדער בחור־וויז." וואָס פאַר אַ זאַכען זיינען דאָס געווען? „תאוה און גאוה." בלויז, ווען ער האָט געהאַלטען ביי'ן ענדיגען די שוהלע, וואו ער האָט געשטודירט, איז ער „בעגייסטערט געוואָרען פאַר ליבעראַלע געדאַנקען." דערביי בעמערקט טאָלסטאָי: „אָבער אַלץ מיט אַ מאָס. זיין געפיהל פלעגט איהם שוין אָנווייזען דעם ריכ־טיגען גרענעץ און איהם ניט לאָזען פאַרקריכען צו ווייט."

דאָס הייסט, אַז אפילו דאַן האָט איוואַן איליטש אויף איין מינוט ניט פאַרגעסען זיינע פערזענליכע אינטערעסען, זיין פער־זענליכע קאַריערע. מיט אַנדערע ווערטער, איוואַן איליטש'עס בע־גייסטערונג איז קיין בעגייסטערונג ניט געווען. עס איז געווען ניט מעהר ווי אַ מאָדע זאַך. און אפילו דיעזע געמאָסטענע און געוואָגענע בעגייסטערונג האָט ביי איוואַן איליטש'ען אויך געדויערט בלויז אַ גאַנץ קורצע צייט. און זי איז פאַריבער ניט איבערלאָ־

זענדיג קיין וויכטיגען סליאַד. אזוי זאָגט אונז טאָלסטאָי אויס־דריקליך.

וואָס אנבעטרעפט איוואַן איליטש'עס „פּרייזיניגקייט" בשעת ער ווערט א סליעדאָוואַטעל, איז דאָס א טייל פון זיין קאַריערע־קלעטעריי. דיזע כלומר'שטדיגע פּאָרטגעשריטענקייט איז געווען דער גייסט פון די „נייע" ריכטער פון יענער צייט. דאָס איז גע־ווען א טייל פון איוואַן איליטש'עס געשעפט. דיענענדיג ביים גובערנאַטאָר, האָט ער זיך גע'חנפ'עט צו דעם גובערנאַטאָר און זיך גע'חבר'ט מיט טשינאָווניקעס פונ'ם אַלטען חדר, ווייל דאָס האָט דאַן געפאָדערט זיין שטעלע; און דערנאָך, ווען ער איז געוואָרען איינער פון די „נייע" געריכטס־בעאַמטע, האָט ער גע־וויכט פון א גובערנאַטאָר מיט טשינאָווניקעס פון דעם אַלטען חדר און זיך געשנימען אויף א שטיקעל ליבעראַל, ווייל דאַן האָט זיך דאָס שוין געפאָדערט צו זיין שטעלע.

ער איז געווען א קאַריעריסט, א מענש וואָס טהוט אַלץ וואָס עס לוינט זיך צו זיין צוקונפט. ער איז דאָס געווען פון קאָפּ ביז די פיס. פון זיינע אינגעל־יאָהרען אָן איז ער אזוי געווען. ער האָט דאָס גע'ירשנ'ט פון זיין פאָטער און דאָס איז אין איהם גע־ווען אויסגעהאָדעוועט און ענטוויקעלט פון זיין ערציהונג, און פון דעם איינפלוס אונטער וועלכען ער האָט זיך אימער געפונען.

ער איז ניט געווען קיין שלעכטער מענש. ער איז ניט גע־ווען קיין פערדאָרבענער מענש. ער איז ניט געווען קיין אונסימ־פּאַטישער מענש. ער איז אָבער דורכאויס געווען א טשינאָווניק און א קאַריעריסט.

אזוי איז ער געווען אין זיינע יונגע יאָהרען, אזוי גוט ווי שפּעטער.

דאָס איז דער עיקר פון איוואַן איליטש'עס לעבענס־בעגריפע. צו זיין א קאַריעריסט, זיך סטאַרעווען צו געפעלען די העכערע טשינאָווניקעס און מאַכט־האָבענדע איז ביי איהם אימער געווען די נאַטירליכסטע זאַך. אז אזוי צו לעבען הייסט לעבען ניט־אָרענטליך און זינדיג — דאָס האָט ער קיין מאָל ניט געקענט

פיהלען. אז ער זאָל דאָס נעהמען ערנסט פיהלען א פּאָר טעג פאר'ן טוידט, אזוי ערנסט, אז ער זאָל וועגען דעם טראַכטען די גאַנצע צייט, און אז דורך דעם זאָל זיין שרעק פאר'ן טוידט ווערען גרעסער ווי פריהער, דאָס איז — גאַנץ איינפאַך גערעדט — אַן אונזין!

און דיעזען אונזין האָט דער גרויסער וואהרהייטס־מאהלער, דער גרויסער טאָלסטאָי, אריינגעפלאָכטען אין זיין וואונדערבארע ערצעהלונג כדי עס זאָל אויסקומען אז איוואַן איליטש האָט תשובה געטהאָן, כדי עס זאָל אויסקומען קריסטליך!

* * *

איצט קענען מיר געהן ווייטער.

טאָלסטאָי זאָגט, אז פון דעם געדאַנק אז זיין לעבען איז בעשטאַנען פון פאַלשקייטען און ליגענס, איז ביי דעם חולה פאַרגרעסערט געוואָרען דער האַס און די שנאה צו דער פרוי, און אז פון דעם דאָזיגען האַס זיינען פאַרגרעסערט געוואָרען זיינע קערפּערליכע שמערצען. א קינד קען פאַרשטעהן, אז דאָס איז פאַלש. איוואַן איליטש'עס קראַנקהייט איז אַזאַ, אז מען שטאַרבט פון איהר מיט שרעקליכע יסורים, מיט איינפאַכע קערפּערליכע יסורים. וואָס נעהנטער ער קומט צו צום טוידט, אַלץ גרעסער ווערען זיינע שמערצען, אַלץ שווערער מאַטערט ער זיך. שרעקליכע וועהטאָגען אין זייט בויך האָט ער געהאַט די גאַנצע צייט פון זיין קרייַנקען. אַלזאָ, ווערט דאָס אַלץ ערגער. קורץ, ער שטאַרבט א שווערען טוידט. ווען א מענש געפינט זיך אין אַזאַ צושטאַנד, זיינען די געדאַנקען ביי איהם שוואַך, אזוי ווי פאַרוואָלקענט; זיי געהען ניט גלאַט; זיי זיינען צוריסען, צופליקט, זיי געהען ברעקלעך־ווייז.

אָבער דיעזע שוואַכע געדאַנקען זיינען ניט די אורזאַכע פון די קערפּערליכע יסורים און שלאַפקייט, נור פאַרקעהרט: דעם חולה'ס וועהטאָג און שלאַפקייט שוואַכען אָפּ זיין געדאַנקען־גאַנג.

אָבער טאָלסטאָי'ען איז צו זיין פּלאַן גראַד נויטיג, אז עס זאָל זיין פונקט קאַפּויר — נעמליך, אז די קערפּערליכע יסורים

זאָלען ביי דעם חולה זיין אַבהיינגיג אַן זיינע געדאַנקען וועגען מאָראַל; און גלייך נאָך דעם ווי ער האָט אויפגעמאָלט דעם ברי־ליאַנטענעם בילדעל, ווי איוואַן איליטש'ען דוכט זיך אז אינווייניג געהט ביי איהם ווי אויף שרויפען, אז מען שיסט דאַרמען און מען שטיקט איהם, גלייך נאָך דעם פאַלט טאָלסטאָי ווידער אריין מיט די צווייפלען, וועלכע פאַרגרעסערען איוואַן איליטש'עס קער־פערליכען וועהטאָג.

דעם פאָלגענדען פונקט דאַרף מען געבען ספּעציעלע אויפ־מערקזאַמקייט:

טאָלסטאָי זאָגט דאָ, אז אין איוואַן איליטש'ען האָט זיך צופלאַקערט זיין שנאה צו זיין פרוי און אז פון דיעזער שנאה האָבען זיך צוברענט זיינע וועהטאָגען אין קערפּער. אין דעם נעקסטען (דאָס הייסט אין דעם לעצטען) קאַפּיטעל, וועלען מיר זעהן, ווי ביי איוואַן איליטש'ען ערוועקט זיך א געפיהל פון רחמנות און פריינדשאַפט צו זיין פרוי און ווי פון דעם פאַרשווינדען זיינע שמערצען און דער שרעק פאַר'ן טוידט.

דאָס אַלץ איז דירעקט פערבונדען מיט דעם קריסטליכען פּרינציפּ פון מענשען־ליעבע און פון פערצייהונג, וועלכער איז איינער פון די הויפּט־פּרינציפּען פון טאָלסטאָי'ס רעליגיאָן. ווען איוואַן איליטש האָט ביי זיך אין הארצען דיעזען פּרינציפּ געבראָ־כען, איז איהם דעריבער געווען שלעכט און שרעקליך. ווען ער האָט איהם מקיים געווען, תשובה געטהאָן, איז איהם געוואָרען ליכטיג און גוט! קורץ, איוואַן איליטש'עס געפיהלען פאַר'ן טוידט זיינען געשניטען שטריינג נאָך א מוסטער און דער דאָ־זיגער מוסטער איז ניט קיין אַנדערער ווי די קריסטליכע לעהרע מיט טאָלסטאָי'ס פּירוש.

ווען א מענש האָט גרויסע יסורים, מישען זיך מיט די יסורים ביי איהם צונויף געפיהלען און געדאַנקען, און קיינער האָט דיעזען געמיש ניט פאַרגעשטעלט מיט אזא טאַלאַנט ווי טאָלסטאָי טהוט דאָס אין פערשיעדענע פון זיינע ווערק, און דאָ אין זיין „דער טוידט פון איוואַן איליטש" אויך. אָבער ניט אומעטום אין דיעזער

ערצעהלונג איז דאס געטהאן געווארען מיט דער האנט פון א פרייען, אונגעשטערטען קינסטלער. אין אייניגע פון די וויכ־טיגסטע שטעלע' אי דער קינסטלער פערשקלאפט ביי דעם פרע־דיגער פון דער קריסטליכער לעהרע.

מיר האבען דערגרייכט דעם שלוס פון דעם עלפטען קאפי־טעל. אין דעם נעקסטען, האבען מיר די העכסטע שטופע פון טאלסטאי'ס טאלאנט אלס פסיכאלאגישער מאהלער, אבער אויך די העכסטע שטופע פון זיין פעהלער. דארטען וועלען מיר זעהן ווי וואונדערבאר טאלסטאי שטעלט פאר ווי ביי א שטארבענדען מענשען פלאנטערען זיך שטיקלעך געדאנקען און געפיהלען מיט זיין פארדונקעלטען בעוואוסטזיין פון דעם קומענדען ענד. דאר־טען וועלען מיר אבער אויך זעהן ווי זיין רעליגיעזער „מיין" מאכט גרויסע פלעקען אויף זיין מאהלעריי.

## XII

דער לעצטער קאַפּיטעל דערצעהלט וועגען די לעצטע דריי טעג, וואָס איוואַן איליטש האָט געלעבט אויף דער וועלט. דאָס זיינען אויך געווען די שרעקליכסטע טעג פון זיין קראַנקהייט. זיינע יסורים זיינען געווען אזוי גרויס, אז ער האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען; און געשריען האָט ער מיט אזעלכע ווילדע קולות, אז מען האָט זיי געקענט הערען דורך דריי צימערען און עס האָט אַנגענומען א שרעק הערענדיג. דאכט זיך גאַנץ איינפאַך: שרעקליכע יסורים פאַר'ן טוידט. אָבער טאָלסטאָי מאכט צו דעם א הקדמה וועגען איוואַן איליטש'עס שרעקליכע פערצווייפלונג צו־ליעב זיין „ניט־געענטפערטע צווייפלען." עס קומט אויס, אזוי ווי פון דיעזע צווייפלען איז דאָס ארויסגעקומען דער שוידערליכער דריי־טעגעדיגער געשריי.

ווען ער וואָלט אונז געזאָגט, אז דיעזע אונבעשרייבליכע יסורים זיינען געווען צוזאַמענגעמישט מיט א פאַרדונקעלטע פער־צווייפלונג און שרעק פאַר'ן טוידט, וואָלט געווען אַן אנדער זאַך. ווען מען געפינט זיך אין אזא צושטאַנד, ווען מען איז שוין מעהר טוידט ווי לעבעדיג, קען מען אפילו קיין טוידט־פערצווייפלונג דייטליך ניט פיהלען. אָבער אַן אונדייטליכער געפיהל אזעל־כער, א שוואכער און פאַרפּלאָנטערטער, דאָס איז יאָ מעגליך. דאָס איז אָבער טאָלסטאָי'ען ניט גענוג. ער מוז דוקא האָבען די ניט־געענטפערטע פראַגע, צי איוואַן איליטש האָט געלעבט אָרענטליך; איהם איז נויטיג אז דאָס זאָל דעם שטאַרבענדען ליגען אין זינען אין די לעצטע מאַטערנים־שטונדען; איהם איז וויכטיג אז פון דעם

זאָל דאָס  א ר ו י ס ק ו מ ע ן  דער גאַנצער שרעקליכער גע־שריי פון דעם שטאַרבענדען.

ווייטער געהען בעריהמטע שטעלען, וועלכע האָבען ארויס־גערופען די גרעסטע בעוואונדערונג.

באַריהמט זיינען די פּאָר שורות ווי איוואַן איליטש שרייט „נע כאָטשו" (איך וויל ניט) און ווי ער ציהט אוים דעם לעצטען קלאַנג או־או־או! און שרייט שוין אַזוי די גאַנצע דריי טעג: „או־או־או!"

בעריהמט איז דער חלום מיט דעם זאַק, וועלכער ווערט דאָ ווידערהאָלט, ווי דיעזען מאָל שטופּט איוואַן איליטש זיך ענדליך דורך און פאַלט ארונטער. בעריהמט איז ווי עס דוכט זיך איהם אַז עס איז שוין מעהר ניטאָ קיין וועהטאָג, און ווי ער זוכט דעם וועהטאָג און פרעגט: „וואו איז ער אהינגעקומען?" בע־ריהמט איז ווי אַ מינוט פאַר'ן טוידט, הערט ער ווי מען זאָגט, אַז ער איז שוין טוידט.

דיעזע בעריהמטע שטריכען זיינען געמישט מיט טאָלסטאָי'ס פּירוש. צו דער פּירוש איז אויסגעדריקט מיט ווערטער, צי אָהן ווערטער, אַבי ער איז פאַראַן.

דער שטאַרבענדער מענש דערזעהט אין זיין מאַטערניש ליכט. דאָס הייסט ביי טאָלסטאָי'ען, אַז ער וואַרפט אַוועק אַלע זיינע צווייפלען, און קומט צום ענדליכען שלוס אַז ער האָט געלעבט אַ זינדיגען לעבען. מיט אַנדערע ווערטער ער איז זיך מתודה און טהוט תשובה אין הארצען.

ער האָט שוין געזאָגט וידוי מיט דעם גלח'ס הילף, אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען קיין אמת'ער וידוי, ווייל אין הארצען איז דאַן נאָך ביי איהם געבליבען אַ צווייפעל, צי זיין לעבען איז געווען אַ שלעכטער צי ניט. איצט אָבער פועל'ט ער ביי זיך בעשטימט און דייטליך, אַז ער האָט געלעבט אַ לעבען פון זינד. דאָס איז שוין אַן אמת'ע וידוי, אַן אמת'ע תשובה.

דאָס בעפרייט איהם פון די יסורים וואָס ער האָט געהאַט שפּאַרענדיג זיך דורכ'ן ענגען זאַק. ער דערזעהט ליכט. ער דער־

זעהט די אמת׳ע ריכטונג, דעם אמת׳ן וועג, ווי טאָלסטאָי דריקט דאָס אויס מיט א משל.

גראָד אין יענער מינוט דערטאַפּט איוואַן איליטש די קאָפּ פון זיין ליעבענדען זוהן. ער דערפיהלט ווי דער אינגעל קושט זיין האַנט. זיין האַרץ ווערט אָנגעגאָסען מיט רחמנות — רחמנות ניט נור אויפ׳ן אינגעל נור אויך אויף דער פרוי מיט דער טאָכטער. אנשטאָט האַס — רחמנות און ליעבע! „איך מוטשע זיי“, זאָגט ער צו זיך. מען דאַרף זיי בעפרייען פון זייערע יסורים.

די תשובה איז א פאָלשטענדיגע, און גלייך פערשווינדען אַלע זיינע וועהטאָגען און שרעקען, עס פערשווינדט דער טוידט, ווייל דער צווייפעל איז פערשוואונדען. עס עפענט זיך אַן אייביגע, ליכטיגע וועלט. אַלץ נאָך טאָלסטאָי׳ס רעליגיעזער פּראָגראַם נאָך.

עס איז אַלזאָ אויסגערעכענט, ביליג. און דאָך איז דאָס איינע פון די מערקווירדיגסטע שטיקלעך קונסט וואָס די גאַנצע וועלט ליטעראַטור ענטהאַלט. די קונסט איז דאָ אזוי פיעל מעכטיגער ווי דער אריינגעשטוקעוועטער רעליגיעזער „מיין“, אז ער ווערט דערטרונקען אין איהר, אזוי ווי, למשל, די הוזשעריי פון א פליעג ווערט דערטרונקען אין די טענער פון א פּיאַנאָ.

לאָמיר פארגעסען אָן דעם רעליגיעזען מיין; לאָמיר האָבען אין זינען בלויז דעם מאַהלער׳ס בילד. וואָס זעהען מיר?

דער קראַנקער האָט אָבגעשריען גאַנצע דריי טעג אין שרעקליכע וועהטאָגען, און מאַטערניסען, ביז אַן אָבגעשלאַפטער, אין א האַלב־בעוואוסטען צושטאַנד פון וועהטאָג, האָט ער זיין פריהערדיגען שמערצליכען חלום: מען שפּאַרט איהם אין אַן ענגען זאַק, און ער מאַטערט זיך, און מאַטערט זיך און קען זיך ניט דורכשטופּען. אויף דיעזער אַרט האָט זיך איהם פריהער פאָרגעשטעלט זיין לאַגע, און איצט קומט דער זעלבער בילד אין זיין פערכמאַרעטען מוח פאר א צווייטען מאָל. עהנליכעס טרעפט מיט יעדען פון אונז. עס טרעפט אונז אז א חלום, איבערהויפּט א שלעכטער חלום, זאָל זיך אונז פּלאָנטערען אין שלאָף מעהר

ווי איין נאכט. חלומות זיינען פערבונדען מיט דעם וואס מיר פיהלען אויפ'ן וואהר. ווען אויפ'ן הארצען איז ביטער (עס מאכט ניט אויס פון וואס), טשעפען זיך צו אונז צו שווערע חלומות, וועלכע קומען אמאל ווידער און ווידער, און וועלכע דריקען אויס אונזער גייסטיגע לאסט. ווען מען ליגט אין א היץ־קריינק חלום'ען זיך משונה'דיגע סצענעס און געשטאלטען; זיי זיינען פערבונדען מיט אונזער קראנקען גייסטיגען צושטאנד. דער חלום מיט'ן זאק איז אט אזא מין היהנער־פלעט טרוים. און דאס וואס דיעזער טרוים ווידערהאלט זיך ווען איוואן איליטש געפינט זיך אין זיין לעצטער מאטערניש, איז פונקט אזוי איבערציינגענד ווי דער טרוים גופא.

אבער דער קראנקער האט שוין מעהר קיין כוח ניט צו פיה־לען זיינע שמערצען. זיינע נערוון ווערען אויסגעמאטערט און פארטעמפט. אלזא דוכט זיך איהם, אז ענדליך האט ער זיך דורכ'ן זאק דורכגעשפארט.

אז א קראנקער האט זיך שרעקליך געמוטשעט דריי טעג און דערנאך איז איהם געווארען לייכטער אויף א פאר שטונדען און ער איז געשטארבען א שטילען, רוהיגען טוידט אהן שמערצען — אזא זאך הערט מען גאנץ אפט; און דאס איז פארגעקומען מיט איוואן איליטש'ען. און דאס ווערט ביי טאלסטאי'ען געשילדערט מיט וואונדערבארע פסיכאלאגישע איינצעלהייטען.

ווענען אזא חולה דערצעהלט מען דערנאך, אז א שטונדע פאר'ן טוידט איז ער נאך געוועזן ביי'ן פולען שכל. (איוואן אי־ליטש האט גערעדט צו דער פרוי מיט רחמנות און געבעטען זי זאל ארויספיהרען דעם אינגעל); וואס עס האט זיך געטהאן אויף זיין נשמה, ווענען דעם אינטערעסירט מען זיך נים. אבער טאל־סטאי אינטערעסירט זיך גראד מיט דעם, און ער שילדערט דאס אזוי, אז מיר זעהען דאס אויך.

איוואן איליטש'עס נערוון פיהלען שוין ניט קיין וועהטאג און קיין שרעק. ער איז שוין האלב טוידט, הגם זיין מארך קען נאך ארבייטען. אביסעל קלאהר, אביסעל אזוי ווי אין א רויך,

אביסעל אויפ'ן וואָהר, אביסעל אין א חלום, — אָבער די געדאַנ־קען פלאָנטערען זיך נאָך. א פארטומעלטער, פרעגט ער זיך וואו עס איז אהינגעקומען דער וועהטאָג און וואו איז דער טוידט? און איהם דוכט זיך, אז דאָס אלץ איז שוין מעהר ניטאָ. און איהם ווערט פרעהליך און ליכטיג. און אזוי שטאַרבט ער.

דאָס שטעלט פאַר א זעלטענעם בילד פון א שטאַרבענדען מוח.

טאָלסטאָי'ען ציהט צו דאָס זייניגע — צו זיין מוסר השכל וועגען מאָראַל און א גוטען טוידט. אָבער דאָס בילד איז וואונדער־באר, טראָץ דעם מוסר השכל.

* * *

און דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען דער גאַנצער ערצעה־לונג.

דער מוסר השכל און דער גאַנצער רעליגיעזער „מיין" פון דעם שרייבער איז א גרויסע פארשטערענים, אָבער די ערצעהלונג האָט אין זיך אזוי פיעל טהייערע קונסט, אז קיין פארניכטענדען שאַדען קען דיעזער חסרון איהר ניט טהאָן.

ווען א ביליגער שריפטשטעלער שרייבט אַן ערצעהלונג מיט א רעליגיעזען אָדער מאָראַליסטישען „מיין", עסט דער „מיין" אויף דאָס גאַנצע לעבען, וואָס ווערט כלומר'שט געשילדערט. מעהר ווי „מיין" בלייבט ניט איבער. אין דעם „טוידט פון איוואַן אי־ליטש" אָבער איז דאָס לעבען אזוי קרעפטיג און רייך, אז אנשטאַט איינגעשלונגען צו ווערען פון די פעהלערען, ווערען די פעהלערען פערשלונגען אין דער וואונדערבאַרער ווירקליכקייט פון דעם גע־שילדערטען לעבען. צו א געזונטען, שטאַרקען לעבענס־אָרגאַניזם האָבען די אויסצעהרונגס־באַצילען, קיין שליטה ניט.

ווען איהר לייגט אוועק דעם בוך, און עס געהען אוועק מאָ־נאַטען און יאָהרען, פארגעסט איהר גאָר אז ער האָט אין זיך אזעלכע וויכטיגע חסרונות. איהר געדיינקט נור דאָס לעבען און דעם טוידט וועלכע ווערען אין איהם פאָרגעשטעלט. אויף אייביג געדיינקט איהר דאָס.

מיר האָבען אויבען בעשפּראָכען די פראגע, צי עס איז נאַ־טירליך אז א קראנקער מענש זאָל גאנצע טעג און וואָכען ציטערען פאר'ן טויט. ווי די מעשה איז, טאָלסטאָי האט אויפגעמאָלען אזא מענשען, און — צי ער האָט דאָס געטהאָן מיט א „מיין", צי אָהן א „מיין" — זיין בילד פון א מענשען וואָס שטארבט און האָט מורא פאר'ן טוידט, שטעלט, לויט מיין מיינונג, פאָר די טיעפסטע טראגעדיע, וואס מען קען געפינען אין די ליטעראטורען פון אַלע פעלקער און אַלע דורות.

* * *

צום שלום וויל איך בעמערקען, אז „דער טוידט פון איוואן איליטש" איז ניט דאָס איינציגע ווערק פון טאָלסטאָי, וואָס איז שטארק געשטערט געוואָרען פון זיין רעליגיעזע פּראָפּאגאנדא. כמעט אַלעס וואָס ער האט געשריבען זינט ער איז צו זיינע רע־ליגיעזע איבערצייגונגען געקומען, ליידעט פון דעם. אין דעם ווערען אריינגערעכענט זיינע ראָמאנען „אננא קארעני̇נא" און „תחית המתים" און פיעלע פון זיינע קלענערע ערצעהלונגען.

מיכאילאָווסקי, דער רוסישער קריטיקער, האט א בעריהמט־געוואָרענעם ארטיקעל וועגען דער „רעכטער האנט און דער לינקער האנט פון טאָלסטאָי." דאָס הייסט, וועגען די מעכטיגע זייט פון זיין שרייבען און וועגען דעם גרויסען פעהלער פון וועלכען זי לייי־דעט. דיעזער פעהלער שטאמט הויפּטזעכליך פון די רעליגיעזע דרשות, וועלכע ער האָט אריינגעוועבט אין זיינע קונסט־ווערק.

איך וויל ניט זאָגען, אז אין זיין רעליגיעזער בעגייסטערונג און אין זיין טהעטיגקייט אלס מוסר־זאָגער איז טאָלסטאָי געווען א קליינער מענש. פארקעהרט, אין דעם איז ער אויך געווען א ריעז. מיר קענען וועגען זיין רעליגיאָן ריידען מיט א שמייכעל; אָבער דער מוטה, ענערגיע, פעהיגקייט און התלהבות, מיט וועלכע ער האָט דיעזע איבערצייגונגען זיינע געדיענט, מוזען ארויסרופען אונזער בעוואונדערונג.

אימעצער האט געזאָגט, אז ווען טאָלסטאָי וואָלט געלעבט מיט

אַ טויזענד יאָהר צוריק, וואָלט ער געווען דער גרינדער פון אַ רע־
רעליגיאָן ווי אַ משה, אַ יעזוס, אָדער אַ מאָהאַמעד.

ער איז אַלזאָ מיט זיין „לינקער האַנט" אַזוי מעכטיג ווי
מיט זיין רעכטער. אָבער ווען די לינקע האַנט שטערט די רעכטע,
און דאָס וואָס די רעכטע שאַפט איז ליטעראַרישע קונסט פון דער
העכסטער מדרגה, איז דאָס נאַטירליך אַ גרויסער שאָדען.

ע נ ד ע.